ITZJOK PERLOW

# "MATILDA LEBT"

(MATILDA VIVE)

Impreso en la Argentina
Printed in Argentina
Hecho el depósito que marca la Ley Nº 11.723

Editado por la
**UNION RESIDENTES DE BREST - LITOWSK Y ALREDEDORES**
BUENOS AIRES
1954

# אינהאַלט

טוביה גובקין

# יצחק פערלאָוו

## (צו זיין 25-יעריקן שרייבערישן יובליי)

אין איינער פון זיינע דערציילונגען אינעם דאָזיקן בוך שרייבט יצחק פערלאָוו: „שבת שפּאַצירט אַרויס די יוגנט אויפן וועג קיין טערעס־פּאָלע. מען גייט איבער דער בריק, וואָס הענגט אויף יענעם אָרט, וווּ דער מוכאַוויעץ פאַלט אַריין אין בוג. מען זעט דאָ דייטלעך, די באַזונדערע שטראָמען, די ליימיק־געלע און שליימיק־גרינע וואַסערן פוןביידע טייכן, וואָס גיסן זיך שווימיק צוזאַמען. אויף אָט דער בריק בלייבט מען שטיין פאַרטראַכט.״

„דער מוכאַוויעץ פאַלט אַריין אין בוג, דער בוג פאַלט אַריין אין באַלטישן ים, פון דאָרט גייען אָפּ שיפן אין דער גרויסער, ווייטער וועלט אַריין: קיין אַמעריקע, קיין קאַנאַדע, אַרגענטינע, קובאַ, בראַזיל. אַ סך חברים און פריינד האָבן שוין אין יענע לענדער עמיגרירט, זיך דאָרט איינגעגרינט און געוואָרן לייט. איצט שיקן זיי שוין „לעטערס״, „פּיקטשעס״ און דאָלאַרן, זיי שרייבן אַז זיי זענען געמאַכטע מענטשן און זיי מאַכן אַ לעבן „אָל רייט״... זיפצט מען פון דער הויכער בריק צום טיפן טייך אַראָפּ, נישטאָ קיין אויסוועג און קיין צוקונפט פאַר דער יידישער יוגנט אין דער פּראָווינץ־שטאָט...״

אין אָט די געציילטע שורות שפּיגלט אָפּ פערלאָוו אַ גאַנצע וועלט. אַ וועלט פון יידישער יוגנט, וואָס האָט קיין צוקונפט נישט געהאַט און רייסט זיך ממש אין דער גרויסער וועלט אַרויס. און וואָס פאַראַ יוגנט איז דאָס געווען די יידישע, פון די צווישן ביידע וועלט־מלחמות אויסגעוואַקסענע. איז דאָך יצחק פערלאָוו, איינער פון זיי. דורך זעלבסטבילדונג און אין יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אַנטוויקלטע, האָבן פיל פון זיי דערגרייכט נישט נאָר די „חלומות״ פון עמיגרירן אין גרויסער וועלט אַריין, נאָר אויך אָנפירנדע פּאָזיציעס אויף אַלע געביטן פון יידישן שאַפן און לעבן.

יצחק פערלאָוו, אָט דער שעמעוודיקער און שטענדיק פאַרטרוימטער יוגנטלעכער, האָט זיין ערשט ליד אָפּגעדרוקט אין אַ זשורנאַל

„החלוץ״ פון דער ציוניסטיש־חלוצישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „החלוץ המרכזי״ אין בריסק. ס׳געדענקט זיך נאָך דער ליטעראַרישער אָוונט, איינגעאָרדנט דורך דער זעלבער. דאָס איז געווען מיט אַ 25 יאָר צוריק, אַנגעפירט דעם אָוונט האָט ברוך קאָסטרינסקי, היינט אַן אָנפירער פון אַ בוכהאַנדלונג און ביכער פאַרלאַג אין תל־אביב, ס׳האָט אויסער אים גערעדט דער הער זאב דב בעגין, סעקרעטאַר פון בריסקער קהילה, דער פאָטער פון מנחם בעגין און צום סוף האָט אַ דאַרער מאַגער בחורל יצחק, געלייענט זיינע שאַפונגען, דאַן נאָר לידער. אויך אַ צווייטער חבר — רביץ (רעוויטש), וועלכער האָט זיך „געשניטן״ אויף אַ פאָעט האָט געלייענט זיינע לידער. שפּעטער איז ער אויפגעשווומען אין דער „פּאַליעסיער שטימע״, און האָט זענען שוין 25 יאָר פאַריבער זייט יענער צייט, ווען ער האָט מיט די נעגל ממש, דורך נויט און פּיין, צוערשט אין בריסק, שפּעטער אין וואַרשע, געאַרבעט איבער זיך, געשאַפן און דערגרייכט צו דעם, וואָס ער איז היינט צו טאָג. 25 יאָר שוין פאַראיבער! ווי נעכטן איז עס געווען, ווען ער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיטן נומער „צוקונפט״ ווו א. ליעסין האָט אָפּגעדרוקט זיינס אַ ליד. אָדער מיט וויפל פרייד ער האָט זיך עס אַרומגעטראָגן מיט די ערשטע זלאַטעס, וועלכע ער האָט באַקומען האָנאָראַר פאַרן אָפּדרוקן זיינס אַ דערציילונג אין „וואַרשעווער ראַדיאָ״. אָדער זיין צונויפטרעפן זיך מיט אַ חבר אין וואַרשע, אין יענע גליקלעכע צייטן, ווען ער האָט שוין געהאַט אָפּגעדונגען אויף אַ בוידעם־שטיבל אַ „בעט״ צום שלאָפן...

נישט מיין אויפגאַבע איז עס, צו מאַכן אַ קריטיק איבער יצחק פּערלאָווס שאַפונגען אין זיינע פּרוכטבאַרע פינף און צוואַנציק יאָר שרייבערישער טעטיקייט. זיינע לידער און באַלאַדן, אָפּגעדרוקטע צווישן 1930 און 1947 און דערשינענע אין ביכער אונטער די נעמען: „יונג פּאָעזיע״, „פּרונזא ווערדע״, „אונטערגאַנג״, און „טעאַטער־לידער״ אין די יאָרן 1932 און 1935 אין וואַרשע אין עלטער פון עטלעכע און צוואַנציק יאָר קוים, האָבן שוין פאַראויסגעזאָגט זיין צוקונפט אַלס פּאָעט און דיכטער; „אונדזער ליקוי חמה״, אין וועלכן עס זענען ווידער צונויפגעזאמלט לידער און באַלאַדן און וואָס איז דערשינען אין מינכען אין יאָר 1947 און „עקזאָדוס 1948״, פּאָעמע און לידער פון גלות־מינכען האָט ווידערהאָלט, אַז די אַרויפגעלייגטע אויף אים האָפענונגען זענען נישט לאיבוד געגאַנגען, און וועגן וועלכן אַזאַ קריטיקער ווי מלך ראַוויטש האָט געזאָגט, אַז ער איז „אַ זינגענדיק שפּילעוודיקער, ראָמאַנטיש־סענטימענטאַלער. מיט איין וואָרט, אַ פאָלקסטימלעכער דיכטער״.

און דאַן די ראָמאַנען: „די מענטשן פון עקזאָדוס״ און „דער צוריקגעקומענער״ און דער בוך „דערציילונגען פון ישראל״ האָבן באַ־

קרעפּטיקט זיין גרויסקייט שוין נישט נאָר אַלס פּאָעט און דיכטער, נאָר שוין אויך אַלס פּראָזאַאיקער.

דרך אַגב זענען זיינע ביכער דערשינען אין די פאַרלאַגן „דאָס פּוילישע יידנטום", און „יידבוך" אין בוענאָס־איירעס. ווי שוין געזאָגט, איז נישט מיין אויפגאַבע צו שרייבן קריטיק וועגן זיין שרייבערישקייט. זיין אַזויפיל פרוכטבאַרע שרייבערישע טעטיקייט און דאָס אין אַ רעלאַטיוו אַזאַ יונגער עלטער, וואָס האָט אַרויסגערופן אָנערקענונג פון אַזעלכע ליטעראַטור־קענער און קריטיקער ווי ראובן רובינשטיין, וועלכער שרייבט וועגן אים, אַלס דעם טאַלאַנטפולן, פרוכפּערדיקן און אינטערעסאַנטן שריפטשטעלער, אָדער ווי ס'זאָגט וועגן אים י. באַשעוויס, אַז ער באַזיצט אַ לעבעדיקן יידיש און האָט דעם חוש און דעם טאַלאַנט פון אַ דערציילער, ער האָט אַ כוח צו פאַראינטערעסירן דעם לייענער, ער האָט נאָך אַ מעלה: זיין פּראָזע האָט ריטם... אָדער גאָר ד"ר א. מוקדונים אָנערקענונג אַז ער איז אַ טאַלאַנטפולער שרייבער, וועגן דעם איז גאָר קיין ספק נישטאָ, אָדער ווי משה גראָסמאַן, אַז „קיין שום היסטאָריקער, וועלכער וועט וועלן באַשרייבן די דאָזיקע תקופה פון געשעענישן, וועט זיך נישט קענען באַגיין אָן אַזעלכע ווערק", קאָמענטירנדיק פּערלאָווס „די מענטשן פון עקזאָדוס" און „דער צוריקגעקומענער" — זאָגט שוין אַלץ, וואָס מען קען זאָגן וועגן אים.

און די מיינונגען פון אונדזער היימישן משה שענדעריי אַז „פּערלאָוו דערגרייכט כמעט דאַנטישע הייכן, און אפשר איז דער אויסגעטראַכטער דאַנטישער גהינום גאָרנישט שבגאָרנישט אין פאַרגלייך מיט אָט דער גרויסער ווירקלעכקייט", ווען ער שרייבט וועגן בוך „די מענטשן פון עקזאָדוס". אָדער יעקב באָטאָשאַנסקיס אָנערקענונג אַז מיט זיין פּראָזע האָט יצחק פּערלאָוו זיך אימפּאָנירט נישט ווייניקער ווי מיט זיינע לידער. זיין שרייבן איז לייכט, צוגעגלעך און פאַרכאַפּט — לאָזט שוין קיין פּלאַץ נישט איבער, צו זאָגן עפּעס נייס אָדער אָריגינעלס וועגן אָט־דעם גאָט־געבענטשטן דיכטער און שרייבער.

צו וואָס כ'וויל זיך יאָ צורירן, איז צו דעם איצטיקן בוך „מאַטילדע לעבט", און גראַדע וועגן דער הויפּט־דערציילונג וויל איך גאָר נישט זאָגן. ערשטנס, איז זי שוין ווי כמעט אַלע ווערק פּערלאָווס, געווען אָפּגעדרוקט אין ניו־יאָרקער „פאָרווערטס", ווו זיי זענען ענטוזיאַסטיש אויפגענומען געוואָרן פון לייענער והשנית, וועט די פּראָפעסיאָנעלע ליטעראַטור־קריטיק זיך שוין אַרויסזאָגן ווען ס'וועט דערשיינען דאָס בוך.

וואָס כ'וויל בלויז אונטערשטרייכן, איז צו רופן די אויפמערקזאַמקייט פון לייענער און ספּעציעל פון מיינע בריסקער לאַנדסלייט, אַז אין אָט דעם בוך וועלן זיי, לייענענדיק פיל דערציילונגען,

אויסגעפינען, אַז זייער קאַנווע שפּינט זיך אין און אַרום בריסקער היימלאָזער לעבן אין און נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און ספּע־ציעל די עפּאָכע אין וועלכער בריסקער יוגנט האָט זיך אויפגעהאָדע־וועט, אַ יוגנט וואָס האָט איר דערציאונג אָנגעהויבן אין חדר, שפּע־טער אויף רוסיש, דאַן אין דייטש, פאַרגעזעצט אין פּויליש און צו־לעצט איר תיקון באַקומען אין יידיש און אין העברעאיש.

אַ יוגנט פון היימלאָזע, פון יתומים, פון מאַמעס אלמנות און פון עלטערן וואָס הייבן שוין אָן עטלעכע מאָל „פונדאַסניי"...

יצחק פּערלאָוו האָט דורכגעמאַכט ווי די מערהייט בריסקער קינ־דער, דעם גאַנצן גרויל פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, דער גורל האָט אויך געוואָלט אַז ער זאָל אַדורכמאַכן די גאַנצע קאָשמאַר־עפּאָ־כע פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, לויפנדיק, וואָגלענדיק, וואַנ־דערנדיק איבער דער גרויסער וועלט, דערגרייכנדיק, ווי ער זאָגט עס אין איינער פון זיינע דערציילונגען אין דעם בוך, אַזש ...אַהינצו, ווו דאָס מעכטיקע חד־גדיא־לאַנד גרעניצט זיך מיט דער מגילה־מדינה... און מיט זיין טאַלאַנטפולער פּען און דורכגעלעבטער ווירקלעכקייט, פאַראייביקט ער עס אין זיינע שריפטן.

צו זיין פינף און צוואַנציק יאָריקן יובל אַלס שרייבער, איז אונ־דזער ווונטש, אַז זיין געבענטשטע פּען זאָל ער איצט ווידמענען דעם אָנדענק פון דער געוועזענער אוראַלטער עיר ואם בישראל, בריסק דליטא, און פּונקט ווי ער האָט מיט זיינע לעצטע שאַפונגען געשטעלט מצבות, דאָס פאַרשניטענע יידישע לעבן אין דער אַלטער היים, זאָל ער אויך שטעלן אַ ווירדיקע מצבה זיין געבוירנשטאָט, אין וועלכער ער האָט זיינע ערשטע שרייבערישע טריט געשטעלט, זייענדיק זיכער אַז ער האָט וואָס צו שרייבן און צו דערציילן פון אַ שטאָט וואָס איז פול געווען מיט אַ שלל פאַסירונגען און געבענטשט געווען מיט אַ ליידנדיק אָבער דורכאויס קעמפנדיק און שפּרודלדיק יידיש לעבן.

„מאַטילדע לעבט", דערשיינען אין בוך־פאָרמאַט, איז אונדזער באַ־שיידענער ביישטייער צו זיין 25־יאָריקער שרייבערישער טעטיקייט. אין נאָמען פונעם „פאַרבאַנד פון בריסק דליטא און אומגעגנט" און אין מיין אייגענעם, באַגריס איך דעם בעל היובל און ווינטש אים נאָך פיל יאָרן פון פּרוכטבאַרער שרייבערישער טעטיקייט אין זיין נייער היים, אין ישראל.

בוענאָס־איירעס, 1954.

**
*

„מאַטילדע לעבט" איז צומערשט דערשינען אין ניו־יאָרקער „פאָרווערטס", אין יאָר 1948, אונטערן נאָמען: „נאָכן שטורעם".

דאָס איז מיין ערשטע דערציילונג, וואָס איך האָב אָנגעשריבן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה.

כמעט אַלע דערציילונגען אין דעם בוך, ווי כמעט אַלץ וואָס איז ביז איצט דערשינען אין בוך־פאָרם, זענען פריער געדרוקט געווען אין „פאָרווערטס".

נאָך די „זיבן גוטע יאָר", ווען איך בין נאָך געלעגן אין אַן „אונ־רראַ"־לאַגער אין דייטשלאַנד, איז רעדאַקטאָר הלל ראָגאָף געווען דער ערשטער מיך מקרב צו זיין. ער האָט מיך געדרוקט און מיט וואַרימע בריוו, מיך דערמוטיקט צום שרייבן.

מיין ערשט פּראָזע־בוך האָט אַרויסגעגעבן רעדאַקטאָר מאַרק טורקאָוו. דאָס איז דער ראָמאַן „די מענטשן פון עקזאָדוס 1947" וואָס איז דערשינען אין פאַרלאַג „דאָס פּוילישע יידנטום", וועמענס לייטער עס איז אברהם מיטלבערג.

אין זעלבן פאַרלאַג איז אויך דערשינען מיין ראָמאַן „דער צוריק־געקומענער" אין 2 בענד.

אין פאַרלאַג „יידבוך" איז דערשינען מיין בוך ישראל־דערציי־לונגען „אין אייגענעם לאַנד" און בקרוב דערשיינט דאָרט מיינער אַ ראָמאַן.

און אחרון־אחרון חביב: מיין לאַנדסמאַנשאַפט — דער „פאַרבאַנד פון בריסק־דליטא און אומגעגנט".

צו מיין 25־יעריקער ליטעראַרישער טעטיקייט, האָט זיך דער פאַרבאַנד באמת צו פאַרפילן מיין שמחה מיט דער שיינער און טייע־רער מתנה: מיטן אַרויסגעבן דאָס בוך „מאַטילדאַ לעבט".

פאַר די אַלע אויבן אויסגערעכנטע מיין האַרציקסטן דאַנק.

תל־אביב, יאָר 1954.

יצחק פּערלאָוו.

# מאַטילדאַ לעבט

.1

ווען די רויטע אַרמיי האָט, ענדלעך, זיך אַ ריר־געטאָן פאָראויס, איינ־נעמענדיק די מערב־געביטן, איז ברוך קאהאן געווען פון די ערשטע, אין ווייטן טאַשקענט, וועלכער האָט באַקומען אַ יידישן בריוו פון ווילנע.

געווען איז דאָס אַזוי:

זיין חבר ישראל וואגלער איז געגאַנגען אויף דער הויפט־פּאָסט אָפּנע־מען אַ „דזשוינט“־פּעקל, וואָס איז אים געשיקט געוואָרן פון איראַן. ברוך איז מיט אים מיטגעגאַנגען כדי, תיכף נאָכן אָפּנעמען דאָס פּעקל פון דער פּאָסט, העלפן ישראלן צו „רעאַליזירן“ עס. דאָס הייסט: פאַרקויפן די זאַכן אויפן אַלייסקי באַזאַר. ישראל האָט צוגעזאָגט ברוכן, אַז נאָכן אָפּלייזן אַ ביסל זאַכן פון דעם פּעקל, וועט ער אים קענען באָרגן אַ פּאָר רובל, אין וואָס ברוך האָט זיך שטאַרק געניטיקט.

ישראל איז געווען דער הונדערט זעקס און ניינציקסטער צום פענצ־טערל, ווו מען גיט אַרויס די פּעקלעך פון אויסלאַנד. און וואַרטנדיק ביז ישראלס ריי וועט צוקומען, ביז ער וועט דערליידיקן אַלע פאָרמאַליטעטן און אַרויסבאַקומען דאָס לאַנג־דערוואַרטעטע פּעקל, האָט דערווייל ברוך קאהאן, פון לאַנגווייליקייט, אַריינגערוקט זיין בלאָנד־געקרויזטן קאָפּ אין פענצ־טערל, וואָס מיט דער אויפשריפט „דאָוואָסטרעבאָוואַניאַ“ און אַ זאָג גע־טאָן זיין נאָמען.

צי ער האָט אויך געהאָפט צו קריגן אַ מעלדונג וועגן אַ „דזשוינט“־פּעקל, צי ער האָט געמיינט אַ שפּאַס צו טאָן מיטן קורנאָסע מיידל, וועלכע איז דאָרטן געזעסן און געגענעצט, אָדער גאָר אויסלאַכן זיין אייגענעם עלנט: אפשר האָט אַ פריץ אַ בריוו פאַרלוירן, אָדער אַ קאָזאַק האָט זיך מרחם געווען און אים עפּעס געשריבן... — ער האָט זיך אַלנפאַלס נישט געריכט אויף דעם, וואָס עס איז געשען...

אַ הייסע כוואַליע האָט זיך אים אַ יאָג־געטאָן איבערן גאַנצן קערפּער און אָנגעגאָסן מיט רויטקייט זיין געזיכט און זיינע גרויסע, בלויע אויגן. דאָס האַרץ האָט אים מאָדנע שטאַרק, מאָדנע גיך און מאָדנע אומרעגולער גענומען קלאַפּן, ווען דאָס מיידל פון „דאָוואָסטרעבאָוואַניאַ“ האָט, פון איינעם פון די צענדליקער קעסטעלעך, אַרויסגעגראַבלט אַ גרינעם קאָנווערט, באַקלעפּט

מיט אומבאַקאַנטע, קאַלירטע מאַרקעס, באַדעקט מיט שוואַרצע סטעמפּלען, און עס אים דערלאַנגט... אויפן קאָנווערט איז געווען דייטלעך אָנגעשריבן: „באַרוך סאַמסאָנאָוויטש קאַהאַן"!

אַ צעטומלטער האָט ער לאַנג געהאַלטן דעם פֿאַרמאַכטן קאָנווערט אין זיינע הענט, נישט געגלויבט אַז דאָס איז טאַקע פֿאַר אים און זיך געפֿילט, ווי ער וואָלט אָפּגעטאָן אַ פֿאַרברעכן: אויף אַ נישט־ערלעכן אופן אַרויסבאַקומען, אויסגענאַרט אַ פֿרעמדן בריוו.

אַ דערהיצטער, אַ דערשוויצטער, מיט אַ צעקנאַדערט רעקל און אָפּגעריסענע קנעפּלעך, מיט אַן אָפּגעפּליקטן לאַץ פֿון דער לינקער זייט, אָבער דערפֿאַר אַ שטראַלנדיקער פֿון גליק, האָט זיך ישראל וואגלער קוים אַרויסבאַקומען פֿון שוואַרצן, שרייאיקן אָטשערעד, טראַגנדיק דאָס פּעקל מיט ביידע הענט, הויך איבערן קאָפּ, ווי ער וואָלט דערמיט אַריבערגעגאַנגען אַ טייך... ער האָט עס פֿאַרזיכטיק אָוועקגעלייגט אויפן שרייב־ברעטל נעבן ברוכן, אָפּגעווישט זיך מיטן אַרבל דעם שווייס פֿון פּנים און געבלאָזן פֿון זיך, ווי נאָך אַ שווערער האַרעוואַניע.

— אָט איז עס, דאָס פּעקעלע... די מתנהלע פֿון דיאַדיאַ דזשאָינט, לאַנג לעבן זאָל ער!... — האָט ישראל געקושט דאָס פּעקעלע, טאַקע אויף דעם אָרט, וווּ ס'איז שוואַרץ אויף ווייס געווען אָפּגעדרוקט: „דזשאָינט דיסטריביושאַן". — פֿאַרשטייסט, דאָס האָלט דאָך מיך אויף! ווען נישט דאָס, ווי וואָלט איך היינט שוין אויסגעזען? איך וואָלט שוין געלעגן אָט אַזוי־אָ!...

נאָר זעענדיק ביי ברוכן אין האַנט דעם בריוו, האָט ישראל תיכף פֿאַרגעסן צו באַווייזן, ווי ער וואָלט שוין היינט געלעגן, כאָטש ער האָט זיך דערצו פֿאַרמאָסטן... ער האָט פֿאַרוואונדערט פֿאַרצויגן די ברעמען אַרויף און ווינקענדיק סודותפֿול, אַ פֿליסטער געטאָן:

— פֿון וועמען,???

— כ'ווייס נישט...

— פֿון וואַנען??

— כ'ווייס נישט...

— ס'הייסט, דו ווייסט נישט? עס שטייט דאָך אָנגעשריבן. ווייז נאָר אַ קוק טאָן די לינקע זייט. נו, יאָ: ווילניוס!!!...

ברוך האָט אויפגעציטערט. די פּורפּור־רויטקייט פֿון זיין פֿול פּנים, איז פּלוצלינג פֿאַרשוווּנדן, ווי דאָס גאַנצע בלוט פֿון זיין קערפּער וואָלט ערגעץ האַסטיק אָפּגעפֿלאָסן.

— אויפרייסן דעם קאָנווערט? — האָט ישראל געפֿרעגט, זעענדיק ברוכס צעטומלטקייט.

— כ'ווייס נישט... — האָט ברוך נאָך צעטומלטער געענטפֿערט.

ישראל האָט דעם קאָנווערט אויפגעריסן, אַרויסגענומען אַ בייגעלע פּאַפּיר מיט אַ קינדערישן כתב פֿאַרשריבן און דערלאַנגט עס ברוכן.

— וועמענס איז דער כתב?

— כ׳ווייס נישט. נישט קיין באַקאַנטער כתב — האָט ברוך גע־שטאַמלט.

ישראל האָט אָנגעטאַפּט אין קאָנווערט נאָך אַ האַרטלעכע זאַך, אַרויס־גענומען און דערזען אַ פאָטאָגראַפיע פון אַ יונגער שילערן, אַ חנוודיק מיידל פון אַ יאָר פופצן, זעכצן.

— און ווער איז דאָס?

ברוך האָט לאַנג באַטראַכט די פאָטאָגראַפיע און געהויבן די אַקסלען:

— ככככ׳ווייס נישט! בנאמנות איך ווייס נישט!

— „כ׳ווייס נישט־כ׳ווייס נישט״!... — האָט ישראל אים נאָכגעקרימט — פון אַ חכם אַ רשע, ביזטו מיר פלוצלינג געוואָרן אַ תם, אַ שאינו יודע לשאול... — איז ווי לאַנג וועסטו אַזוי „כ׳ווייסנישט״ן? גיב אַ לייען, וועסטו שוין וויסן!

— איך קען נישט, ישראל, עס שווינדלט מיר פאַר די אויגן!... לייען דו...

ישראל האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און געהויבן מיט די אַקסלען:

— עס פּאַסט פאַר אַ שניעק פון אַ יאָר פערצן, אָבער נישט פאַר דיר, אַ יידן פון אַ יאָר פיר און פערציק!... אַזוי צו צעקראַכמאַליען זיך!...

דאָך האָט ישראל גענומען לייענען:

— „ליבער, טייערער פאַפּאַ״! וואַאַאַס??? אַ טאַכטער???....

— דדדדדי טטטטאַכטער??? — איז ברוך ווידער רויט געוואָרן און געגלאַצט מיט די אויגן — סססע קעקען דאָך נננישט זיין! — האָט ער נערוועז אַ כאַפּ־געטאָן די פאָטאָגראַפיע און גענומען זוכן אין דעם חנעוו־דיקן שמייכל פון דער שיינער שילערן, עפּעס ענלעכס צו זיינע טעכטער און נישט געפונען. — עפּעס אַ פלאָנטער! אַ מאָדנער פלאָנטער! נו, לללייען, לייען! — האָט ער געשטאַמלט.

ישראל האָט געלייענט:

„פון דער ערשטער רגע, זינט מיר, איך מיט דער מאַמען זענען באַפרייט געוואָרן, זוך איך דיך אַרום. איך האָב געהאַט אַ גרוס, אַז דו לעבסט און געפינסט זיך אין רוסלאַנד, ערגעץ אין מיטל־אַזיע. טאָג־טעגלעך שרייב איך און איך פּאַרוואָרף מיט בריוו די פּאָסט־אַמטן פון אַלע גרעסערע שטעט אין רוסלאַנד. איך מוז דיך געפינען! וואָס פאַר אַ שרעקלעכע יאָרן מיר האָבן דורכגעמאַכט און ווי מיר האָבן זיך געראַטעוועט, איז נישט צום באַשרייבן. איך האָב שוין נישט געגלויבט, אַז איך וועל דיך נאָך אַמאָל אין לעבן זען. אָבער איצט קען איך זיך שוין דעם טאָג נישט דערוואַרטן!... אוי, פאַפּאַ, פאַפּע־לע! ווען דו וואָלסט געוווסט! — — —״

— וואַסער!

ישראל האָט איבערגעריסן דאָס לייענען, דערזען ווי ברוך שפאַרט זיך אָן מיט זיין הויך־ווזקסיקן קערפּער, אָן דער בידעריקער באַריער און לאָזט זיך אַראָפּ פון די פיס. ער האָט אים אונטערגעכאַפּט און מיט דער הילף

פון נאָך צוויי מענער, אים אַרויסגעטראָגן אויף דער גאַס. אַוועקגעזעצט אים אויפן ברעג פון טראָטואַר, וואָס נעבן אַריעק (רינווע מיט קוואַל־וואַ־סער), אָנגענומען הויפנס וואַסער, אים באַשפּריצט דאָס פּנים און געגעבן צום טרינקען.

ווען ברוך איז געקומען צו זיך, איז ער נאָך לאַנג אַזוי געזעסן אויפן ברעג טראָטואַר, וואָס נעבן דער הויפּט־פּאָסט, מיט אַראָפּהענגענדיקע פיס אין טיפן אַריעק. זיין קאָפּ איז אים אויך שווער אַראָפּגעהאַנגען און זיין בלייך געזיכט האָט זיך נאָך בלייכער געשפּיגלט אין דעם גרינלעך־גע־גרונצלטן אַריעק־וואַסער.

עפּעס אין אים האָט זיך צעלאַכט און צעזונגען און עפּעס אין אים האָט זיך צעוויינט... ער פאַרשטייט, אַז צווישן אַלע עלנטע פּליטים, פאַר־וואָגלטע אין דעם ווייטן טאַשקענט, איז ער דער איינציקער גליקלעכער, וועלכער האָט כאַטש אַ האַלבע משפּחה געפונען און געקראָגן אַ בריוו, אַ לעבעדיקן בריוו!... מיט אַ פאָטאָגראַפיע... אָבער דער בריוו באַשטעטיקט אים אויך דאָס, וואָס ער האָט שוין אויף זיכער פאַרלוירן. אויב אַנדערע פּליטים צווייפלען נאָך, נאַרן זיך, האָפן, — ווייסט ער שוין אויף זיכער, אַז ער האָט פאַרלוירן: וועגן די צוויי עלטערע קינדער, וועלכע ער האָט איבערגעלאָזן אין ביאַליסטאָק — אַ זון פון אַ יאָר פופצן און אַ טאָכטער פון זיבעצן — וועגן זיי שווייגט דער בריוו... שמעולע איז נישטאָ און רחלע איז נישטאָ!ביידע געווען ענלעך צו אים, צום טאַטן... די מאַמע פלעגט זיי טאַקע אַזוי רופן: „דעם טאַטנס קינדער״... געזונטע און פעסט־געבויטע, מיט געקרויזטע, בלאָנדע קעפּ און בלויע אויגן. קונדסים, שטיפער, מיט אַ גוטן הומאָר און גוטן אַפּעטיט... זיי פלעגן מיט אים, מיטן טאַטן זיך פאַר־מעסטן, ווער עס איז שטאַרקער, ווער עס וועט אויפעסן גיכער און מער... דאַקעגן זי, די יינגסטע, זיסעלע,... צו לאַנגע יאָר איר!... שטענדיק געווען אַן אויסגעקרענקטע, אַ בלייכינקע, אַ צאַרטינקע, אַ שוואַכינקע. זי איז גע־ווען דער מאַמעס טאָכטער... געראָטן אינגאַנצן אין דער מאַמען מיט די שוואַכקייטן און קאַפּריזן... און זי אַליין, דאָס ווייב זיינס, מאַטילדאַ... יאָ, פאַרוואָס האָט זי אים גאָרנישט געשריבן? אַפילו קיין גרוס נישט! מאָדנע... וואָס זאָל דאָס באַדייטן?

אָבער באַלד איז אים ווידער די פרייד מנצח:

— זיסעלע, קינד מיינס!... — קושט ער די פאָטאָגראַפיע מיט טרערן — קיין ניין יאָר נאָך נישט אַלט געווען, ווען איך האָב זי פאַרלאָזן... קיין ניין יאָר נאָך נישט. אַ קינדעלע, אַ פּיצלס, אַ שוואַך ציפּליאָנאָקל, איבער וואָס מען האָט שטענדיק געציטערט. און איצט!... אַאַאַאַ פאָטאָגראַפיע!... אַ קראַסאַוויצע!... אַ מויד פון אַ יאָר זעכצן! יאָ, טאַקע פּונקט זעכצן, אין דריי וואָכן אַרום, ווערט זי זעכצן!...

ישראל האָט ברוכן גענומען אונטערן אָרעם, געהאָלפן אים זיך שטעלן אויף די פיס און איז אַריין מיט אים אין ערשטן „טשייכאַנאַ״ (אוזבעקיש טיי־הויז), וואָס פאַרן אַריינגאַנג צום „אַלייסקי באַזאַר״. דאָרט האָבן זיי

געטרונקען גרינעם, ביטערן טיי פון ליימענע פיאַלעס (אוזבעקישע טיי־שי־סעלעך) און צעקייט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל די קרומע, הינקענדיקע שורה־לעך פון זיסעלעס קינדערישן כתב.

ישראל האָט געלייענט און ברוך האָט זיך געווישט מיט אַ טיכל די טרערן און דעם שווייס פון זיין צעפּאַרעטן פּנים. דאָס פּנים זיינס האָט איצט ווידער באַקומען קאָלירן. עס איז איצט נאָך רויטער, ווי תמיד בעתן טרינקען דאָ דעם גרינעם, ביטערן טיי, אין דער „טשייכאַנאַ״. די שפּיץ נאָז, בלויז, איז אים נאָך בלייכער געוואָרן ווי פריער. אָט ווי זי וואָלט אים אָפּ־געפרוירן געוואָרן... די נאָזלעכער — נאָך ברייטער צעעפנט און צעשפּרייט — שנאָרכן ביי יעדעס וואָרט. די גרויסע, בלויע אויגן, זענען אים נאָך גרע־סער און ליכטיקער געוואָרן. בלויז מיט רויטינקע פעדימלעך פאַרצויגן, ווי בלוט־טראָפּנס אין אַן איי.

— זיסעלע... אַ גאַנצער מענטש געוואָרן!... שרייבט שוין אַליין בריוו צום טאַטן!... ווען און ווו האָט זי זיך עס אויסגעלערנט שרייבן?! זיך גע־ראַטעוועט צוזאַמען מיט דער מאַמען... — הערט ברוך נישט אויף איבערצו־חזרן הויך, אויפן קול — און שמועלע און רחלע זענען נישטאָ! ווער ווייסט, ווו זייערע קערפּערלעך ליגן?! ווו וועל איך זייערע קברימלעך זוכן? ווי און ווען האָט מען זיי אומגעבראַכט? פאַרוואָס?! זיסעלע שרייבט נישט וועגן דעם און מאַטילידאַ אויך נישט. פאַרוואָס שרייבט זי גאַרנישט מאַטיל־דאַ?... — — — —

אַרויסגייענדיק פון דער „טשייכאַנאַ״, זענען זיי צוריקגעגאַנגען אויף דער הויפּט־פּאָסט און ברוך קאהאן האָט אַוועקגעשיקט אַ טעלעגראַמע צו זיין פרוי מיטן קינד. די טעלעגראַפיסטין האָט אים געווונטשן „מזל־טוב״ און אַליין זיך צעוויינט, דערציילנדיק וועגן איר מאַן מיט די צוויי זין, ווי די אַדלערס, וועלכע זענען אויפן פראָנט און זי קריגט שוין לאַנג גאָרנישט פון זיי קיין בריוו...

שפּעטער איז ברוך קאהאן געשטאַנען זייט ביי זייט מיט ישראל וואַג־לערן אויפן „אַלאַיסקי באַזאַר״. זיי האָבן זיך פאַרטיילט מיט די זאַכן פון דעם באַקומענעם „דזשוינט״־פּעקל. ביידע ווייזן די סחורה פאַר די דורכ־גייענדיקע קונים און רופן מיט הייזעריקע, קלאָגנדיקע שטימען פון ניכטע־רע מענטשן, וועלכע האָבן נאָך דעם טאָג נישט געגעסן:

— מילאָ! כאַראָשאָיע מילאָ! גוטע זייף!

— באַטינקי זאַגראַניטשניע! אויסלענדישע שיך!

— קופיטיע אָדיעיאַלאָ! קויפט אַ קאָלדרע!

— סגושטשאָננאָיע מאָלאָקאָ! קאָנדענסירטע, זיסע מילך! מען דאַרף נישט קיין צוקער!

— טשיי! טשאָרני טשיי! שוואַרצע טיי!

— טאָוואַר אַמעריקאַנסקי! אַמעריקאַנער סחורה!

— קופיטיע! דיאָשאָוואָ! קופיטיע!

— קויפט! ביליק! קויפט!

.2

און טעג זענען געגאַנגען מיט מונטערע פּראָנט־באַריכטן, מיט „פּרי־קאַז ווערכאָוונאָוואָ גלאַוונאָקאָמאַנדויושטשעוואָ“ (באַפעלן פון העכסטן הויפּט־קאָמאַנדיר), מיט הימנען און דערוואַרטונג...

און יידישע פּליטים זענען טעגלעך געקומען צו ברוך קאהאנען אין קליינעם, אָפּגעלאָזענעם צימערל אַריין, כדי צו זען מיט די אייגענע אויגן אַ יידיש בריוול פון „דאָרטן“... עס זענען געקומען באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע, צו טרייסטן זיך מיט זיין בריוול, זיפצן און אָפּווישן אַ טרער.

— הייסט עס, אַז עמיצער האָט זיך פאַרט געראַטעוועט!...

— הייסט עס, אַז עס איז איבערגעטריבן!... נישט אַלץ איז אונטער־געגאַנגען... נישט אַלץ פאַרלוירן...

— איז אפשר אויך געשען אַ נס מיט מיינע?... גאָט ווייסט!...

— יידן, איר וועט זען: מען וועט זיך נאָך טרעפן מיט אייגענע! מ'וועט זיך נאָך טרעפן!...

אַלע האָבן ברוכן געווונטשן, ער זאָל זיך בקרוב טרעפן מיט זיין משפחה. ברוך האָט אַלעמען צוריקגעווונטשן דאָס זעלבע. אייסערלעך האָט ער גע־שיינט ווי אַ בעל־שמחה. אָבער אין האַרצן איז עפּעס געוואַקסן אַ פאַרדרוס. אַ וואָרעם האָט דאָרטן געטאָטשעט. און ביי יעדעס מאָל ווייזן עמיצן דאָס שוין צעקנייטשטע בריוול, האָט אים פאַרסמט די בושה.

— פאַרוואָס שרייבט גאָרנישט אייער פרוי?...

— וואָס קען מען וויסן פון דעם ערשטן בריוול? אפשר פאַרט זי אַרום זוכן די אַנדערע צוויי קינדער? אפשר געשעפטן? אפשר נישט געזונט? אפשרס קענען זיין אַ סך!... אָבער דער עיקר: זי לעבט!... — האָט ער זיך און זיי געפּרווט נאַרן.

— יאָ־יאָ־יאָ! גאַנץ ריכטיק! דער עיקר: זי לעבט!... — האָבן אַלע צוגעגעבן — דאָס איבעריקע איז נאַרישקייט!...

— אין צווייטן בריוו וועט אַלץ קלאָר ווערן...

און טעגלעך איז ברוך קאהאן געלאָפן אויף דער הויפּט־פּאָסט, צו דעם מיידל פון „דאָוואָסטרעבאָוואַניאַ“, נאָך אַן ענטפער אויף זיין טעלעגראַמע. דאָס מיידל האָט געזוכט אין קעסטעלע מיטן בוכשטאַב „ק“ און, נישט גע־פינענדיק, אַ שמייכל געטאָן:

— פּישוט!... (מען שרייבט...)

ערשט אויף דער דריטער וואָך, נאָך איידער ברוך קאהאן איז דערגאַנ־גען צום פענצטערל, האָט שוין דאָס מיידל פון „דאָוואָסטרעבאָוואַניאַ“ אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ מיטן פאַרשאַרצטן קורנאָסע נעזל, אַ שמייכלענ־דיקע און אין האַנט ביי איר, האָט פרילינגדיק געבליט אַ גרינער קאָנווערט...

— באַרוך סאַמסאָנאָוויטש! — האָט זי פריידיק גערופן — יעסט פּיס־מאָ דליאַ וואַס!...

מיט פיבערנדיקע הענט האָט ער אויפגעריסן דעם קאָנווערט און ווידער דערזען זיסעלעס קינדערישן כתב, אָן קיין שום צושריפט פון מאַטילדען.

אין דעם בריוו שרייבט זי אים, אַז זי און די מאַמע זענען געזונט. די מאַמע מאַכט גרויסע געשעפטן, ריזיקירט און פאַרדינט גוט. און אז גאָר בקרוב וועלן זיי פאַרלאָזן ווילנע. זיי פאָרן אַריבער קיין פוילן. העכסט־וואַרשיינלעך וועלן זיי וווינען אין לאָדזש. און זי פאַרענדיקט:

„פאָפּעלע טייערער, ליבער! עס איז מיר אַזוי שווער, אַזוי טרויעריק! ווען דו וואָלסט געוווּסט! — — — —"

— יאָ, עפּעס איז נישט גלאַטיק! גאָרנישט גלאַטיק!... — איז ברוך קאַהאַן אַרומגעגאַנגען אַ נידערגעשלאָגענער, אַן איבעריקער, אַ פאַרשעמטער און געפּילט, ווי דאָס האַרץ ברעכט זיך אים. דאָס האַרץ טרעשטשעט און פּלאַצט, ווי אַ צעטרוקנט ברעטל...

„זאָל זיין דאָס ערגסטע! נאָר פאַרוואָס שרייבט זי נישט?!"

מאַטילדאַס שווייגן האָט אים, ווי אַ מויז, געגריזשעט די געהירן. אָפּט־מאָל האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער הערט איר קלינגענדיק געלעכטערל פון דער ווייטנס... פון ווייטן ווילנע אַזש, הערט ער איר געלעכטערל דאָ, אין אוזבעקיסטאַן, ווי זי לאַכט אים אויס...

פאַר לייטן, אָבער, האָט ער זיך געשטאַרקט צו מאַכן אַ פריילעכע מינע און דערציילט:

— אַהאַ!... מיינע איז אַ מזיק!... זי גיט זיך שוין איינמאָל אַן עצה... מאַכט קאָלאָסאַלע געשעפטן און גיט דער טאָכטער אַ גוטע דערציאונג!...

אָבער ביינאַכט, אויפן געלעגער, האָט ער זיך קיין אָרט נישט געקענט געפינען. ער ווייסט אַליין נישט, וואָס עס בריט אים מער: בושה, אייפער־זוכט, צי פאַרדרוס?

דער דריטער בריוו זיינער, איז אים צוריקגעקומען מיט אַ צושריפט פון דעם ווילנער פּאָסט־אַמט:

„אַדרעסאַט אויעכאַל" (דער אַדרעסאַט איז אַוועקגעפאָרן).

און דעם טאָג האָט ברוך קאַהאַן פאַרלוירן נישט נאָר דעם קאָנטאַקט, נאָר פיל מער. מער נאָך, ווי דאָס, וואָס ער האָט געפונען מיטן ערשטן בריוו...

.3

אויפן ווייטן, הינטערן שטאָט פאַרוואָרפענעם הויפל מיט דער ליימע־נער קיביטקע (כאַטקע) פון „ז. פּ. פּ." (פאַרבאַנד פון פוילישע פּאַטריאָטן), האָט זיך היינט יום־טובדיק געטומלט.

דאָס הויפל, ווו פאַרנט, אויף דער צעהויקערטער קאַליטקע (טויערל), זענען געהאנגען צוויי רויטע שילדלעך מיט ווייסן שריפט און ווו אַ ווייסער אָדלער, אָן אַ קרוין, מיט אַ פליך, האָט זיך, מיט אויסגעווייקטע פליגל, צעשפּרייט אויפן רויטן בלעך — אָט דאָס הויפל איז היינט געווען אָנגע־

פּראָפּט מיט יידן, פּליטים פון פּוילן. קיין פּאַליאַקן האָט מען, צווישן די „פּוילישע פּאַטריאָטן“, אויף קיין רפואה נישט געזען.

— פּאַליאַקן זענען דען פּוילישע פּאַטריאָטן?...

— מיר זענען פּאַטריאָטן!...

— פון וואָס?

— פון פּאָרן אין דער פרייער וועלט אַריין...

— פּאָרן אָנקוקן די חורבות פון יידישן פּוילן, אַ זוך־טאָן דאָרט עמיצן פון די נאָענטסטע און אַוועקלאָזן זיך ווייטער אין דער וועלט, לוינט זיך צו באַצאָלן מיט אַזאַ מטבע ווי פּאַטריאָטיזם...

און כאָטש דער באַפולמעכטיקטער פון דער פּוילישער זייט, אין דער געמישטער קאָמיסיע פון מאָסקווע, אַ ישיבה־בחורישער משומד־טיפּ מיט אַ קאַטוילישן־אַנטיסעמיטיש ווייב, וועלכע קען נישט הערן, ווי די „זשידעס שוואַרגאַטשען אויף זשאַרגאָן“, האָט אויף אַ צעקאַליעטשעטן פּויליש, מיט אַ מגילה־ניגון, געפּרוווט איבערצייגן דעם עולם:

— איר זאָלט זיך נישט איינרעדן, אַז פּוילן וועט אייך זיין אַ טראַמ־פּאָלין, פון וואַנען ווייטער צו שפּרינגען!...

און כאָטש מען האָט געוווּסט, אַז ער שטעכט יעדן דורך מיט זיינע קליינע, שפּיציקע מסור־אייגעלעך, שפּיצט־אָן זיינע גרויסע אייזל־אויערן און אַז ער האָט שוין צו־אָפּטע באַראַטונגען אין „נ. ק. וו. ד.“ — דאָך האָבן פּליטים באַשלאָסן ביי זיך:

— לאָמיר זיך נאָר אַרויסקריגן פון דאַנען. דאָרטן לאַכט מען שוין פון זיין טאַטן!

איבער די קעפּ פון דער געדיכטער, פאַרחושכטער מאַסע, איז געהאַנ־גען אַ זוניק־צעלאַכטער פרילינגס־טאָג מיט פייגל־געזאַנג... נאָר דאָס טשווי־טשעריי פון די פייגעלעך האָט איצט קיינער נישט געהערט. געהערט האָט מען נאָר דריי ווערטער, וואָס זענען אַרומגעפלויגן פון מויל, צו אויער אין געזשומעט, ווי גאָלדענע בינען:

— אָפּציע...

— רעפּאַטריאַציע...

— עשאַלאָנען...

אָפּטירט האָט מען שוין, אייגנטלעך, לאַנג. נאָך אין מיטן ווינטער. אויסגעפּילט לאַנגע פראַגע־בויגנס, בייגעלייגט אויטאָביאָגראַפיעס, פאָטאָ־גראַפיעס, צעטלען פון אַרבעטס־אָרט און וווין־אָרט און אַ ב״טע, אין וועל־כער מען זאָגט זיך אָפּ פון דער סאָוועטישער בירגערשאַפט און מען בעט באַשטעטיקן אַלס פּוילישער בירגער.

דאָס אַלץ האָט מען צונויפגעזאַמלט, נאָך וואָכן אַרומלויפן איבער אַמטן און אָפּשטיין טעג אין אָטשערעדן.

דער מאַיאָר פון נ. ק. וו. ד., אַ מיטל־וווּקסיקער, אַ פעסט־געבויטער, מיט געדיכטן זילבער אין די קאָפּ־שלייפן, האָט אויסגעזען צו זיין בטבע אַ שווייגער און אַ כעסן, ווי עס טרעפט אָפט ביי בייז־פאַרביטערטע מענטשן

בכלל און ביי טרוקענע מיליטער־לייט בפרט. דאָ, אָבער, האָט ער זיך באַמיט צו זיין רעדעוודיק, העפלעך און שמייכלענדיק צו די „פּוילישע פּאַטריאָטן", ווי לויט אַ ווונק, אָדער אַ העכערן באַפעל... אָבער טראָץ זיין געצוווּנגענער העפלעכקייט, אויף וועמען ער האָט נאָר אָנגעשטעלט זיינע פאַרגליווערטע פיש־אויגן, ביי דעם האָבן גענומען ציטערן די קני...

— פאַרוואָס, טייבעלע, ווילסטו אַנטלויפן פון ראַטנפאַרבאַנד? דיר איז דאָ שלעכט? עס געפעלט דיר נישט אונדזער סאָוויעטישער סיסטעם?... ווו איז דיין פוילישער דאָקומענט? וואָס? אָן אַ פוילישן דאָקומענט ווילסטו, מען זאָל דיר באַשטעטיקן אַלס פוילישער בירגער? אויף וועלכן סמך?... דאַ, דאַ... איך וועל עס איבערשיקן צו דער געמישטער קאָמיסיע אין מאָסקווע... — האָט ער געענדיקט מיט אַ מינע פון אַ פּערזענלעך טיף באַליידיקטן.

אַרויס פון נ. ק. וו. ד.־הויף איז מען מיט פאַרפלאָמטע פּנימער, ווי אויסגעקניפּטע... נאָכדעם איז מען לאַנגע מעת־לעתן נישט געשלאָפן, מיט אָנגעשפּיצטע אויערן זיך צוגעהערט צו יעדן שאָרך ביי דער טיר:

— דער מאַיאָר האָט דאָך עפּעס געמיינט...

און פוילישע דאָקומענטן, ווער האָט זיי? ווער האָט עס דען נאָך געוואַגט, זיי צו האָבן? ווער האָט עס דען ריזיקירט, נישט אָפּצוגעבן דעם פוילישן פּאַס, בעתן באַקומען דעם סאָוויעטישן? און איצט —

„דאָקאַזשי טשטאָ טי ניע וויערבליוד!..." (דערוויז, אַז דו ביזט נישט קיין קעמל!...).

הערצער האָבן געקלאַפּט: נישט שוין־זשע וועט עס מיר באַשערט זיין צו בלייבן דאָ פאַרשטעקט לעולם ועד? פאַרשט מען עס טאַקע אין מאָסקווע אָט די אַלע פּאַפּירן? אָדער מאַכט ער דאָס אַלץ אַליין, דער מאַיאָר, און אַלץ איז בלויז אָן אים געווענדט? — — —

און איצט האָבן זיך די פּליטים דאָ צונויפגעזאַמלט אין פיבערדיקער דערוואַרטונג: באַלד דאַרף דער פאָרזיצנדער פון „ז. פּ. פּ." אַרויסהענגען די ערשטע ליסטע פון די גליקלעכע, באַשטעטיקטע אַלס פוילישע בירגער, וועלכע וועלן, אין אַ וואָך אַרום, אָפּפאָרן מיטן ערשטן עשאַלאָן קיין פוילן...

טומלט זיך דאָ. מען רעדט זיך דערווייל אַראָפּ פון האַרצן, מען טיילט זיך מיט ספקות:

— איז ווי מיינט איר?... דער מאַיאָר האָט מיר אַ זאָג געטאָן אַזוי...

— מיר האָט ער גאָרנישט געזאָגט, נאָר אַ מאַך־געטאָן מיט דער האַנט...

— ביי מיר האָט ער געהויבן מיט די אַקסלען און געשאָקלט מיטן קאָפּ...

— אינטערעסאַנט: וואָס האָט איר בייגעלייגט אַלס פוילישן דאָקומענט?

— אַ מאַנאַטלעכן טראַמוויי־בילעט פון דער וואַרשעווער דירעקציע... עס האָט זיך ביי מיר פּשוט פאַרוואַלגערט... אַליין נישט געוווּסט...

— און איך האָב געהאַט מיין שול־צייגעניש...
— און איך מיין „קאַרטאַ רזשעמיעשלניטשאַ״.
— און איר, אַביוואַטעליו קאהאַן?
— מיין כתובה... אויף לשון־קודש...
—כאַכאַכאַכאַ!... — אַ כתובה אויף לשון־קודש אַלס פוילישער דאָקו־מענט!... — האָבן אַלע זיך האַרציק צעלאַכט.

דער עולם האָט זיך געגעבן אַ צעוויג, ווי אַ וואַלד, איבער וועלכן אַ שטורעם איז אַריבער. דאָס האָט גערופן דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון „ז. פ. פ.״, דער אוטשאַני יעווּרעיביים עם־הארצישן „זאַזשאַנד״. ער שטייט אויפן שוועל פון דער קיביטקע און פאָכעט מיט צוויי פאַרשריבענע בויגנס אין די הענט:

— אַביוואַטעליע ספּאָקוי! לאָזט מיך דורך צום פּלויט, אויפצוהענגען די ליסטעס. דאָס זענען די באַשטעטיקטע, דורך דער געמישטער קאָמיסיע, פּערזאָנען אַלס פּוילישע בירגער. די וועלכע וועלן זייערע נעמען אין דער ליסטע געפינען, זאָלן זיך מעלדן צו מיר! יעדער אָפּפאָרנדיקער אַביוואַטעל קריגט אויף וועג, פון דער „אַפּיעקאַ ספּאַלעטשנאַ״, אַ פּושקעלע פיש און אַ פּושקעלע קאָנדענסירטע מילך. אַלע איבעריקע, וועלכע זענען נישטאָ אויף דער ליסטע, זאָלן זיך פונאַנדערגיין און קומען אין דריי טעג אַרום, דאַן וועלן זיין פרישע ליסטעס פון באַשטעטיקטע רעפּאַטריאַנטן!

דער עולם האָט געמאַכט אַ וואָרע און דער גענעראַל־סעקרעטאַר איז אַדורך, טאַקע ווי אַ גענעראַל דורך אַ שפּאַליער, שווייגנדיק און טויט־ערנסט אויפגעהאַנגען די בויגנס אויף דער וואַנט, ביי אַן אָטעם־פאַרהאַקטער שטיל־קייט פון דער גאַנצער עדה. און מיט אַ שטאָלצקייט, ווי דאָס וואָס ער האָט דאָ איצט אויפגעטאָן, איז נאָר אָן אים אָנבאַלאַנגט געווען, איז ער צוריק אַריין אין דער קיביטקע.

דער עולם האָט זיך געגעבן אַ וואָרף צום פּלויט, איינער איז געקראָכן איבער דעם אַנדערן, זיך געשטופּט מיט די עלנבויגנס, געהויבן זיך אויף די שפּיץ־פינגער, פאַרריסן די קעפּ, געצויגן די העלדזער... און איבער אַלע־מען — דער בלאָנד־געקרויזטער קאָפּ פון הויך־וווּקסיקן ברוך קאהאַן.

פון ערגעץ האָט זיך דערהערט אַ קוויטש. אַ פרוי האָט געחלשט. מען לויפט נאָך וואַסער, מען מונטערט איר. אַ זיידע, וועמענס אייניקל עס איז יאָ דאָ אויף דער ליסטע און ער אַליין — נישט, זיצט אויפן שוועל און וויינט און שלאָגט זיך קאָפּ אָן וואַנט פון דער קיביטקע. און איינער, אַ פייערדיק־רויטער בחור לאַכט זיך הילכיק פונאַנדער מיט אַ רויט פנים און צעזינגט זיך פלוצלינג:

— „דאָ סווידאַניאַ גאָראָדאַ אי כאַטי!... נאַס דאָראָגאַ דאָלנאַיאַ זאַ־וויאָט!...״

— שאַ! שאַ! שאַ! אַ קאָנצערט אין מיטשקע־דרינגען!
— אַ זינגעניש אויף זיין רויטן קאָפּ!

אַלע זענען אויפגערעגט. סיי די גליקלעכע, וועלכע זענען דאָ אויף דער

ליסטע און שטייען שוין אין דער ריי נאָך די צוויי פּושקעלעך מילך מיט פּיש פון דער „אָפּיעקאַ ספּאָלעטשנאַ“, סיי די, וועלכע זענען נישט דאָ אויף דער ליסטע און גרייטן זיך שוין, נעכט נישט צו שלאָפן פון עגמת־נפש...

ביסלעכווייז הייבט מען זיך שוין אָן פונאַנדערצוגיין. אָבער אַרויס־קריכנדיק פון דער צעהויקערטער קאַליטקע, ווו מען מוז נידעריק אַראָפּבייגן דעם קאָפּ און הויך אויפהייבן די פיס, אַרויסצוגיין, — בלייבט מען נאָך אַלץ שטיין אין גרופּקעלעך, לענגאויס דעם גאַנצן בלאָטיקן געסל, מען פּאַ־כעט מיט די הענט, מען פּאַדרייט די היטלען, מען ווישט דעם שווייס און מען טענהט:

— איז ווי, מיינט איר, וועט דאָס זיין?

— מ'עט אונדז פּראָסט־פּשוט, אין אַ מיטן העלן דאָנערשטיק, מיר־נישט, דיר־נישט, געבן אַ שטעל אַוועק אַן עשאַלאָן און מען וועט אונדז אַ זאָג טאָן: „פּאָזשאַלויסטאַ, פּאַרט!“?

— מיין קאָפּ באַנעמט עס נישט!...

ברוך קאהאַן האָט זיך, פון די סאַמע לעצטע, צוגעשטופּט צו דער ליס־טע, וואָס אויפן פּלויט. ער איז זיכער געווען, אַז ער האָט דאָרטן נישט וואָס צו זוכן... און ער האָט געוואָלט דעם עגמת־נפש האָבן אַביסל שפּעטער. ער איז געשטאַנען צווישן דעם אויפגעערעגטן עולם, נישט געפילט, ווי מען שטורכעט אים אין די זייטן מיט די עלנבויגנס און געטראַכט וועגן דער צעריסענער שטיקל כתובה, אויף לשון־קודש, וואָס ער האָט בייגעלייגט אַלס באַשטעטיקונג פון זיין פּוילישער בירגערשאַפט. די כתובה איז געווען מיט קלייסטער אַרויפגעקלעפּט אויף אַ דינעם טאָוול. האָט אַ מויז עס דער־שמעקט און אַרומגעגריזשעט אַלע ברעגן... אַפילו אין סאַמע מיטן האָט זי צוויי לייטישע לעכער אויסגעפּרעסן... דער מאַיאָר האָט זיך לאַנג גע־קווענקלט, צי ער זאָל עס אָננעמען, אָדער נישט. ער האָט לאַנג געוויגן דאָס שטיקל כתובה אויף זיין ברייטער דלאָניע, אַראָפּ און אַרויף... אַרויף און אַראָפּ... ווי אַ געניטער סוחר, אַ מבין, וועגט אין האַנט אַ גאָלדן שטיקל חפץ און באַלד וועט ער זאָגן די וואָג, געַנוי מיטן גראַם... לאַנגע מינוטן האָט ער עס אַזוי געדויערט און לסוף האָט ער באַשלאָסן:

— אַנו, פּאַסמאָטרים! (נו, מיר וועלן זען)...

און ווען ברוך האָט איצטער איבערגעלייענט זיין נאָמען, שוואַרץ אויף ווייס, אַמאָל צען, און זיך איבערצייגט, אַז מען מיינט דאָ נישט קיין אַנ־דערן, נאָר טאַקע אים, איז אים דער אָוונט ליכטיקער געוואָרן, ווי דער שענסטער פרימאָרגן... אין האַרץ האָט זיך אים צעזונגען. אַ ליד מיט איי־גענע ווערטער... מיט אַן אייגענעם ניגון:

„אַ כתובהלע... אַ כתובהלע...  
אַ שטיקל בלויז פון אַ כתובהלע..  
אַ צעריסנס... אַ צעפּליקטס...  
אַרומגעגריזשעט פון אַ מייזעלע...  
און אויף לשון־קודש נאָך דערצו!...

און ס'איז גוט געווען...
און ס'האָט מיך געראַטעוועט...
אַזאַ פּיצעלע, גאָרנישטיק שטיקל פּאַפּירעלע...
אַ, דו טייער כּתובהלע דו מיינס!...“ — — —

און ווען ער איז צוריקגעגאַנגען אַהיים, מיטן לעצט־געלט פון דער „אַפּיעקאַ ספּאָלעטשנאַ“, דאָס פּושקעלע מילך — אין איין הויזן־קעשענע און דאָס פּושקעלע פיש — אין דער אַנדערער, איז אים נאָכגעגאַנגען אַן עולם פּליטים, וועמענס נעמען עס זענען נישטאָ אויף דער ליסטע, און ברוך האָט זיי געמוזט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל דערציילן און פאַרזיכערן, אַז ער האָט מער גאָרנישט בייגעלייגט צו די דאָקומענטן, ווי נאָר דאָס שטיקל כתובה אויף לשון־קודש, וואָס איז געווען לייטיש צעגריזשעט פון אַ מוז... און אויף וואָס דער מאַיאָר האָט, נאָך לאַנגער קרימעניש און קווענקלעניש, אַ זאָג־געטאָן: „אַנו פּאַסמאָטרים!“ און פון דעסטוועגן איז ער דאָ אויף דער ליסטע!...

ברוך קאהאן האָט, דערמיט, אַלע פאַראומערטע געמיטער אויפגעהייטערט: עס איז אַ בלויזער צופאַל, נישט מער! איינער אויף דער ערשטער ליסטע, דער אַנדערער — אויף דער צווייטער. עס איז דאָ אַ האָפענונג אויף מאָרגן, איבערמאָרגן...

און יעדער פּליט מאַכט זיך שטיל דעם חשבון פאַר־זיך, אַז זיין בייגעלייגטער דאָקומענט איז, אין מיטן נאַכט, וויכטיקער ווי אַ צעריסענע שטיקל כתובה אויף לשון־קודש...

— אַ פּראָטעסטירט וועקסל פון 1939סטן יאָר, מיט גוטע זשירעס, איז שלעכט?

— מיין וויזיט־קאַרטל מיטן וואַרשעווער אַדרעס... נאָוואָליפּיע 49...

— און וואָס טויג נישט אַ מאַנאַטלעכער בילעט פון דער אַטוואָצקער קאָלייקע? מיט אַ פאָטאָגראַפיע און אַ סטעמפּל פון דער וואַרשעווער באַן־דירעקציע?

— הייסט עס, אַז כאָטש אַ שטיקל כתובה אויף לשון־קודש, כאָטש אָרומגעגריזשעט און כאָטש „פּאַסמאָטרים“, האָט ער דאָך אונטערגעשריבן, דער מאַיאָר.!..

**4.**

אין אַ זוניקן אַפּריל־פרימאָרגן האָט זיך ברוך קאהאן נאָכגעשלעפּט נאָך אַן „אַרבאַ“ (קליינער וואָגן געשפּאַנט צו אַן אייזל) אויף צוויי ריזיק־הויכע רעדער. דער אַרבאַקעש (אוזבעקישער פורמאַן) האָט מיט אַ סענקעוואַטן שטעקן געשניטן די פעל פונעם פוילן אישאַק (אייזל), וועלכער האָט געדרייט זיין קאָפּ אין אַלע זייטן, געפאָכעט מיט זיינע לאַנגע אויערן און אַרויסגעלאָזן פון זיך גרילצנדיקע קולות, ווי ביים עפענען און פאַרמאַכן אַ פאַרזשאַווערטן טויער. יעדע קללה פון אַרבאַקעש און יעדער גרילץ פון דעם

פוילן אישאַק, האָט געהילכט אין די פוסטע גאַסן און געוועקט די נאָך פאַר־שלאָפענע שטאָט.

ברוך קאהאן האָט אַרומגעטאַנצט אַרום אַרבאַ, אַכטונג געגעבן אויף זיין באַגאַזש, יעדע ווילע געהייסן שטיין־בלייבן און צוריק אַריינגערוקט אַן אַרויסגעהאָצקעטן, צעטרענצלטן טשעמאָדאַן.

אויפן וועג האָט ער געטראָפן נאָך פורלעך מיט „פוילישע פּאַטריאָטן", וואָס האָבן זיך געצויגן אין דער ריכטונג, צו דער „טאָוואַרנאַיאַ סטאַנציאַ". מען האָט זיך מונטער באַגריסט, פאַרדרייט מאַכאָרקע אין שטיקלעך צייטונגס־פּאַפּיר, מיט הנאה געדרויכערט און נישט אויפגעהערט איבערצוחזרן:

— הייסט עס, ענדלעך פאָרן מיר!...

— אַז איך גלויב זיך גאָרנישט צו!...

— אָבער צו וועמען, מישטיינס־געזאָגט, פאָרן מיר? וועמען וועלן מיר דאָרטן טרעפן? חורבות און קברים!

— און פּאָגראָמשטשיקעס וועלכע קוילענען נאָך איצט אויס די לעצטע יידן אין די פוילישע שטעטלעך!

— אָבער ווער וויל דען דאָרטן בלייבן?

— איך האָב זיי טיף־טייער!...

— נאָר אַ קוק־טאָן אויף וואַרשע, לאָדזש און באַלד היידאַ, ווייטער!...

— וווהין?

— ווו די אויגן וועלן טראָגן!

— די וועלט איז גרויס! דאָרט איז אַן אָפענע וועלט!...

אויפן גרויסן פּלאַץ, הינטער דער טאַשקענטער טאָוואַרנער סטאַנציע, זענען שוין געלעגן הונדערטער משפחות. מען איז געלעגן גרופּקעלעכווייז צעשפּרייט איבערן גאַנצן קילאָמעטערן־לאַנגן שטח, מיט די בעבעכעס בעט־געוואַנט, כלים, קעסטלעך, טשעמאָדאַנעס, זעק און שטיקלעך צעבראָכן מעבל.

מאַמעס האָבן געזויגן זייערע פּיצעלעך. שטיפערלעך זענען אַרומגע־לאָפן מיט פּאַפּירענע ווייס־רויטע פענער און געפילדערט. טאַטעס האָבן גע־קליבן שפּענער, אויפגעלייגט קאָסטערלעך און געמאַכט פייער צום קאָכן אַ קאַשקע, אָדער אַ גלאָז וואַרעמס.

דער רויך פון די אַלע צענדליקער קאָסטערלעך האָט זיך אויפגעהויבן איבער די קעפּ פון דער גאַנצער מחנה, זיך געאָרעמט און פאַראייניקט אין איין גרויסער, טונקעלער כמאַרע... די רויטע פלעמעלעך האָבן, ווי קעציש־ע צינגעלעך, געלעקט די טרוקענע שפּענער און צווייגעלעך, וואָס האָבן פריי־לעך געקנאַקט און זיך געצונדן... עס האָט זיך געדוכט, אַז די קאָסטערלעך קנאַקן אויס די מעלאָדיע פון „יאָשקע פאָרט אַוועק"...

מענער האָבן איבערגעלאָזט זייערע ווייבער אַכטונג צו געבן אויף זייער באַגאַזש, אויפן קליינוואַרג. אויפן קאָכעדיקן טעפּל און אַליין האָט מען זיך געזאַמלט גרופּקעלעכווייז „הערן אַ וואָרט" און טאַקע אַליין אויך אַ שמועס טאָן מכוח פּאָליטיק...

זיצן זיי, די ווייבער, ביי די טעפּלעך און שעלטן דער „אַפּיעקאַ ספּאַ־לעטשנאַ", וואָס האָט מער נישט קיין כוח געהאַט צו געבן די רעפּאַטריאַנטן, ווי צוויי פּאַרדאָסטע, איך בעט אייך איבער אייער כבוד, פּושקעלעך מילך מיט פּיש, אויף אַ רייזע קיין עין־הרע פון אַ זעקס־זיבן וואָכן!

— אָבער דער זשאַזשאַנד (פּאַרוואַלטונג) האָט זיך שוין גוט אָנגע־גנבעט! מאַכן אַ לעבן אויף אונדזער חשבון!

פרעג איך אייך אדרבא, מיט וואָס האָדעוועט מען, קענייינהאָרע, אַ געזינד אין אַזאַ לאַנגן וועג?

— ווער עס האָט געלט, דעם איז ווויל זיין וועלט!... קומט אָן אוזבעק מיט פרישע ליעפּיאָשקעס (קוכנס), מיט קיימאַק (סמעטענע), מאַצאַני (אַ זויערמילך), מיט פּרוכט... און איך? זאָל אַזוי דער פּשעוואַדניטשאַנצי (פּאַר־זיצנדער) כוח האָבן צו גנבענען, ווי איך האָב מילך אין מיינע בריסטן פּאַר אַט דער קליינער פּיאַווקעלע!... דעם קליי פון די ביינער זויגט עס מיר אַרויס!

— אַז פון וואָס זאָל עס אַ זויגנדיקע מוטער האָבן מילך אין די בריסטן? פון דער גוטער דערנערונג? נאַט, גיט אַ קוק ביי מיר... פּוסטע טאָרבעס!...

און די מענער רויכערן מאַכאָרקע פאַרדרייט אין צייטונגס־פּאַפּיר און טענהן:

— און דעם עשאַלאָן זעט מען נאָך אַלץ נישט!...

— מען קען דאָ נאָך אַזוי אָפּליגן אַ פּאָר וואָכן אויף דעם פּלאַץ!...

— אַז איך גלייב זיך נאָך אַלץ נישט... אַז איך שטעל זיך עס גאָרנישט פאָר!...

— און ווי מיינט איר, אויף דער גרענעץ, האַ?... מ'עט שטאַרק בודק זיין?...

— טע־טע־טע! טפּררררו!... ער האַלט שוין ביי דער גרענעץ!... דער־ווייל זענט איר נאָך נישט אַרויסגעפאָרן פון דאַנען, ר' ייד... עס איז נאָך נישטאָ קיין עשאַלאָן!...

— און פון טאַשקענט, ביז צו דער פּוילישער גרענעץ, האָבן מיר אַ קימאַ־לן פון אַ זעקס וואָכן רייזע! אויב נישט מיט נאָך אַ סמיטשיק...

— און איך זאָג אייך, יידן, מיר זיצן נאָך נישט אין וואַגאָן! הלוואי זאָל איך זיין אַ ליגנער...

— און אַז מען זיצט שוין יאָ, קען זיך דער פּאַראָוואָז נישט אויסקע־רעווען אַהין, ווו עס ווינען די ווייסע בערן?...

— טפוי! בייסט זיך בעסער אָפּ די צונג!

— מען פאָרט!!! מען פאָרט!!! מען פאָרט!!! — האָבן קונדיסימלעך געטומלט און אַנטקעגנגעלאָפן יעדע אָנפאָרנדיקע פור, באַלאָדענע מיט בע־בעכעס פון עטלעכע משפחות.

פון אַלע עקן שטאָט, האָבן זיך געצויגן די פורן, אַרבאַס און אויטאָס. אַלץ ברייטער און לענגער, איבערן גרויסן פּלאַץ פון דער טאָוואַרנער סטאַנ־

ציע, האָבן זיך צעזעצט און צעלייגט די רעפּאַטריאַנטן. און עס האָט זיך געדוכט, אַז אַפילו קיין צען עשאַלאָנען וועלן זיי אַלעמען נישט קענען אויפנעמען.

ברוך קאהאן האָט זיך אויסגעצויגן אויף זיינע צעטרענצלטע טשעמאָ־דאַנעס, געקוקט צו דער כמאַרע רויך, וואָס שרויפט זיך צום הימל אַרויף, און נערוועז געזויגן אין זיך אַריין דעם מאַכאָרקע־סיגאַרעט.

אַ גאַליציאַנער ייד מיט קרענקלעך־רויטע בעקעלעך, דורך וועמענס הויט עס זעען זיך אַדורך רויטע בלוט־אָדערלעך, ווי די זייד־פעדימלעך אין אַ דאָלאַר, האָט זיך צוגעזעצט צו ברוכן, דווקא אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט געוואָלט זיין אַליין, זיך אָפּגעבן מיט זיינע געדאַנקען און שטימונגען. ברוכן האָט זיך איצט געגלוסט טראַכטן און שווייגן. דאַקעגן דער גאַלי־ציאַנער, איז געווען אויפגעלייגט צו רעדן און רעדן...

— אייך איז וויל, פּאַניע קאַגאַן... איר וואַיסט צי ווייַמען איר פוערט!... איין פראַו, איין קינד... צי וועימען, מישטאַינס־געזוגט, פוער עך?

און ברוך קאהאן האָט שטיל און ווייטיקדיק איבערגעחזרט:

— אַ פרוי... אַ קינד... קיינער ווייסט נישט, וועמען דער שוך קוועטשט!... אוי, קוועטשט ער! אוי, קוועטשט ער! — — —

## 5.

אַרום פיר אַזייגער נאָכמיטאָג, האָט מען אָנגעהויבן צו צושטעלן די וואַגאָנען. די שטימונג איז געוואָרן אַ פיבערדיקע, אַ נערוועזע. מען איז ניי־געריק געלאָפן אַריינקוקן אין די פאַרנדיקע טיעפּליושקעס, וואָס האָבן זיך געשטויסן איינע אָן דער אַנדערער, געקלונגען מיט די בופאָרס, טעלער און קייטן... ערגעץ־ווו האָט אַ פאַראַוואָז אַ רעווע־געטאָן און אַ שטויס־געטאָן די טיעפּליושקע, אַז זי איז אַזש דערפלויגן ביז אַהער און זיך צעקושט מיט אַלע איבעריקע פון שוין שטייענדיקן עשאַלאָן.

— נעמט אַוועק די קינדער! זיי וועלן נאָך ,חלילה, אַ קלאַפּ קריגן!

— זיי וועלן, מיינע שונאים, אונטער די רעדער אַרונטער!

מען האָט אַריינגעקוקט אויף די נייע פּריטשעס, געציילט די צאָל פלע־צער און מען האָט נאָך אַלץ נישט געוווסט גענוי, אויף וועלכער ליניע וועט ער זיך סוף־כל־סוף פאַרמירן, דער עשאַלאָן. אויף וועלכן אָרט און לויט וואָס פאַר אַן אָרדענונג און ריי, וועט מען זיך גרוזעווען. האָט מען זיך גע־בומען טראָגן מיטן געפּעק אַלץ נעענטער צו די וואַגאָנען. האָבן באַן־באַאַמ־טע געטריבן דעם עולם צוריק. האָט מען זיך אַרומגעטראָגן מיטן געפּעק הקפות און זיך געקריגט מיט די באַן־באַאַמטע און זיך קעגנזייטיק באַשאָטן מיט יידישע „קאָמפּלימענטן" און רוסישע „ברכות"...

דער „פשעוואָדניטשאנצי" פון ז. פ. פ. האָט היינט געשוויצט מער ווי תמיד. דער גענעראַל־סעקרעטאַר האָט אים געהאָלפן שוויצן. מיט זיי צו־זאַמען, האָט געשוויצט דער גאַנצער „זאַזשאָנד" (פאַרוואַלטונג) און פער־סאָנאַל. עס האָט אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן זיך פאַרמאָסטן צו שוויצן אויף

„סאָרעוונאָוואַניעס"... און מיט דעם, מאַכן אַ שטאַרקערן איינדרוק אויפן עולם. — אַן איינדרוק פון וויכטיקער, עול־טראַגנדיקער פאַראַנטוואָרטלעכ־קייט... זיי זענען געלאָפן פון וואַגאָן צו וואַגאָן, געשריבן, מיט קרייד אויף די ווענט, גרויסע נומערן. דעקאָרירט דעם עשאַלאָן מיט לאָזונגען, מיט פע־נער און מיט פאָרטרעטן פון די פוילישע און סאָוויעטישע רעגירונגס־פירער. זיי האָבן זיך געבייזערט איינער אויפן אַנדערן, דערווייזנדיק דערמיט, אַז אויב ער בייזערט זיך, איז ער וויכטיקער און העכער פון דעם אַנדערן... האָט מען זיך געזידלט, געטומלט און געשריגן גאָר צום עולם:

— אָביוואַטעליע ספּאָקוי! (בירגער, רואיק!).

— אָרדענונג!

— נישט פאַרכאַפּן קיין פּלעצער!

— יעדערער גייט אַריין אין זיין אָנגעצייכנטן וואַגאָן און פאַרנעמט זיין נומערירטן פּלאַץ!

און ווען די ערשטע מענטשן האָבן גענומען קלעטערן אויף די לייטער־לעך, וואָס צו די טיעפּליושקעס, אין די וואַגאָנען אַריין, איז פּלוצלינג, ווי פון אונטער די רעדער פון עשאַלאָן, אויסגעוואַקסן ב. ק. וו. ד., אַרויסגע־שלעפּט פון איינער פון די טיפּליושקעס, אַ בלייך־צעשראָקענעם יונגערמאַן מיט זיינע טשעמאָדאַנעס און שטורכענדיק אים אין די זייטן, געשטופּט אים פאָראויס. דער יונגערמאַן האָט געהאַט אַן אויסזען, ווי פאַרן חלשן. זיינע בליקן האָבן זיך געבעטן רחמים: „ראַטעוועט! העלפט!"

דעם שרייאיקן עולם איז אָפּגענומען געוואָרן דאָס לשון. שטיל איז געוואָרן אויפן גאַנצן פּלאַץ, ווי פאַרן לייענען אַ טויט־אורטייל. הענט און פיס האָבן געציטערט. הערצער האָבן געגליווערט פון אימה. שטומערהייט האָט מען זיך איבערגעקוקט און אַ געדאַנק איז דורכגעלאָפן דעם מוח:

„מיר זענען נאָך נישט אַריבער די גרענעץ. דאָ קען נאָך פאַרשידנס פּאַסירן".

ווען די גרופּע ב. ק. וו. ד.־יסטן מיטן אַרעסטירטן האָבן זיך דערוויי־טערט, און דער עולם האָט זיי נאָכגעקוקט אַנגסטיק־פאַרשטומט, האָט זיך דער „פּשעוואָדניטשאָנצי" געכאַפּט, אַז אויף אים ליגט דאָ עפּעס אַ מיסיע אויסצופירן.

— נו, וואָס שטייט איר אַזוי צעפּאָנפּעט? — האָט ער פאַרגעסן צו רעדן פּויליש און אַרויסגעפּלאַצט פּראָסט אויף מאַמע־לשון... — אַז ב. ק. וו. ד. אַרעסטירט, ווייסט זי וואָס זי טוט! פאַרוואָס האָט מען אייך אַלעמען נישט אַרעסטירט, נאָר דווקא אים? הייסט עס, אַז ער איז אַ פאַרברעכער! און קיין פאַרברעכער דאַרף פּוילן נישט האָבן! אַז מען עסט נישט קיין קנאָבל, שטינקט נישט פון מויל... אַלזאָ רואיק. מיט אַן אָרדענונג שטייגט אַריין אין די וואַגאָנען!

— אפשר דאַרף מען אינטערווענירן? — האָט איינער געפּרוּווט פאַר־לייגן — אַן עלנטער יונגערמאַן. כאָטש וויסן, פאַרוואָס?

— אַ יידיש קינד... אַ פּוילישער אָביוואַטעל... — האָט אַ צווייטער

אַריינגעוואָרפן — איר זענט דאָך דער פּשעוואָדניטשאנצי... דער פּאַסטוך פון דער סטאַדע...

— דאָ אינטערוועניִרט מען נישט! — האָט דער פּאָרזיצנדער זיך גע־כעסט — דער פּראָקוראָר אַליין וועט שוין אינטערוועניִרן! איבערהויפּט, וואָס טענהט איר אַ סך? איר ווילט פאָרן קיין פּוילן, צי איר ווילט גיין דאָרט אַהין, צו אים?...

קיינער האָט נישט באַמערקט, ווי די נאַכט איז צוגעפאַלן. אין דער פינצטער האָט מען געוואָרפן דאָס געפּעק אין די וואַגאָנען אַריין, פאַרנומען ערטער אין אומאָרדענונג, געמאַכט זיך געלעגערס אויף די פּריטשעס און אויף דער פּאָדלאָגע און מיט צעקלעמטע הערצער געלעגט זיך שלאָפן.

ברוך קאַהאַנען האָט קיין שלאָף נישט גענומען. אַ גאַנצע נאַכט איז ער געזעסן אויפן לייטערל, וואָס צו דער טיפּליושקע, געקוקט צו די טליענדיקע קופּקעלעך, וואָס זענען פאַרבליבן פון די פריער־פלאַקערנדיקע קאָסטערס, געקוקט צום אויסגעשטערנטן הימל און צו די באַן־ליניעס, וואָס ציען זיך אַוועק אין דער נאַכט אַריין, העט ווייט, אין דער אומענדלעכקייט, דורך ווילנע... דורך לאָדזש... און ווייטער... פון צייט צו צייט, האָט זיך זרגעץ אַ לאָקאָמאָטיוו צערעוועט. דינע פייפעלעך האָבן געענטפערט און וואַגאָנען האָבן זיך איינציקווייז צעגליטשט איבער די שינעס, זיך אָנגעשטויסן אויף אַנדערע, צעקלאַפּט גיך און צעקלונגען. לאַמטערנעס האָבן זיך געוויגט און געמיניעט. הינט האָבן געבילט און העגער, וואָס האָבן נישט געקענט אונ־טערשיידן פון טאָג צו נאַכט און מורא געהאַט דערפאַר צו קריגן אַ פּראַגול, האָבן ערגעץ אָן אויפהער געקרייעט...

פאַרטאָג האָבן זיך פאַבריק־סירענעס צעיאָמערט און ברוך האָט שוין געזען די ערשטע, נאָך אין שלאָף און אין נאַכט פאַרהילטע געשטאַלטן, דרעמלענדיק־שיכורלעך, דורך די טונקעלע געסלעך זיך פאַרביייוויגן. די גע־שטאַלטן אַליין האָבן אויסגעזען, ווי שטיקער שלאָף, שטיקער נאַכט, שטי־קער נעפּלדיקער חלום. די וואַרעמקייט פון בעט, די וואַרעמקייט פון ווייב וועבט זיך אויס אין דער נעפּלדיקער, פייכטער קילקייט פון ערב פרימאָרגן. אַ שאָד איז זיך צו געזעגענען מיט רו און מיט טרוים, אָבער זיי ווערן אַלץ וואַכער אויפן וועג, צו זייערע אַרבעטס־פּלעצער. עס הייבט זיך אָן אַ נייער טאָג פון יאָך און מי. און ברוך שמייכלט בלייך: „איך שוין נישט... אַראָפּ־געוואָרפן פון זיך אַלע יאָכן... איך ווער פריי...“

און ווען די ערשטע קילע שטראַלן האָבן זיך דורכגעשפּיזט פון פאַר־נעפּלטן האָריזאָנט, האָט ברוך באַמערקט: ווי ווייט, איבערן מיט באַן־שי־נעס־געבונדענעם שטח טרייבט נ. ק. וו. ד. פון ערגעץ־ווו אַ סטאַדע אַרעס־טאַנטן. ווען זיי זענען צוגעקומען נעענטער, האָט ברוך אונטערשיידט די נאַציאָנאַליטעטן: איזבעקן, רוסן, קאַזאַכן, טורקמענער און... יאָ, אַ יידן! דער נעכטיקער! דער פּוילישער יונגערמאַן, דער בלייכער, דער צעשראָקענער, וואָס מען האָט אים פון וואַגאָן אַרויסגעשלעפּט... אויפן שוועל פון גליק איז ער שוין געשטאַנען... נאָך זיבן יאָר בענקען און שטרעבן... צי וועט ער

עס אויסהאַלטן?... זיין אָפּגעגאָלטער קאָפּ גלאַנצט בלייך אַנטקעגן דער אויפגייענדיקער זון. ער האָט נאָך אַלץ אַן אויסזען, ווי פאַרן הלשן. פון צווישן די געשוואָלענע וויעס זיינע, קוקן אַרויס אַ פּאָר רויטע אויגן, ווי פון אַ סאָווע. די אויגן בעטן רחמים און זענען געווענדעט מיט אַזויפיל צער צו די שטומע וואַגאָנען פון עשאַלאָן. — — —

**.6**

די זון איז שוין געשטאַנען הויך, אין מיטן הימל, און נאָכמער גע־שרפעט די אָנגעגליטע לופט, ווען דער פּאַראָוואָז האָט פּלוצלינג אַ גריל־ציקן פייף געטאָן און אַ ריס געטאָן דעם עשאַלאָן פון אָרט. אַלע עטלעכע און זעכציק וואַגאָנען האָבן זיך צעשטופּט און צעשטויסן אַזוי, אַז די פּרי־טשעס אינעווייניק האָבן זיך צעשאָטן אויף די קעפּ פון די אונטן ליגנדיקע פּאַסאַזשירן. כלים זענען געפאַלן, וואָסער האָט זיך אויסגעגאָסן. אָבער דער טומל האָט לאַנג נישט געדויערט. יעדערער האָט זיך געריסן צו דער טיר, אַ קוק־טאָן דאָס לעצטע מאָל אויף טאַשקענט... זען ווי מען פאָרט אָפּ... גע־דענקען די רגע לעולם ועד...

און מען האָט געזען:

אויף אַ בערגל שטייט דער מאַיאָר פון נ. ק. וו. ד., זייט ביי זייט מיט דעם „פּשעוואָדניטשאנצי“ פון ז. פּ. פּ. און הינטער זיי — דער גאַנצער „זאַזשאָנד“. זיי שמייכלען אַלע און פאָכען מיט ווייסע טיכלעך צום אָפּ־פאָרנדיקן עשאַלאָן...

נאָר ברוך קאָהאַנען האָט זיך נאָך אַלץ געדאַכט, אַז דער מאַיאָר, כאָטש מיט אַ שמייכל, מורמלט אַלץ פּילדייטיק:

— אַנו, פּאַסמאָטרים!...

פון די וואַגאָנען האָבן זיך דערטראָגן מונטערע קולות. עס האָבן אויפ־געהילכט די סאָוויעטיש־פּוילישע הימנען און שפּעטער האָבן זיך צעקלונ־גען לידער איןביידע שפּראַכן:

בודטיע זדאָראָווי,
זשיוויטיע באָגאַטאָ,
אַ מי אויעזשאַיעם
דאָ דאָמו, דאָ כאַטי...

און באַלד — אַ צווייטער כאָר, אין פּויליש:

מאַרש, מאַרש דאָמבראָווסקי
אָד זשעמי אוזבעצקעי,
דאָ פּאָלסקי!...

נאָר ווען עטלעכע יונגעלייט האָבן אָנגעהויבן זינגען אויף מאַמע־לשון:

אוי, אוי, אוי, אוי,
יאַשקע פאָרט אַוועק,

לאָמיר זיך געזעגענען,
דער פּאַיעזד גייט אַוועק...

האָבן זיך דערהערט אויפגערעגטע קולות:
— פּרעקראַטיטיע!
— פשעסטאַנטשע!

די רעדער האָבן ריטמיש געקלאַפּט און די לעצטע מויערן פון דער שטאָט טאַשקענט, האָבן זיך געהוידעט און היינטערווייַלעכטס פּאַרבייגע־טאַנצט.

ווו־נישט־ווו איז אַ פאַרבייגייענדיקער בירגער, וועלכער האָט זיך ער־געץ צו זיין אַרבעט געאיילט, שטיין געבליבן פאַרחידוש און זיך בייגעריק צוגעקוקט צום לאַנגן, דעקאָרירטן, צעזונגענעם רעפּאַטריאַנטן־עשאַלאָן.

ברוך קאהאן האָט דערפילט אַ מידקייט אין זיין גאַנצן קערפּער, אין אַלע זיינע גלידער. צי פון די אָנגעשטרענגטע נערוון, פון אַלע ראשע אי־בערלעבונגען, צי פון דער שלאָפלאָזער נאַכט, אויפן לייטערל פון דער טיפּ־ליושקע. דאָס האַרץ אין אים האָט זיך מאָדנע געצאַפּלט, ווי אַ נישט־דער־שאָכטן טייבעלע. און עס האָט זיך אים געדוכט, אַז אין אָט דעם גליקלעכן עשאַלאָן איז נישטאָ נאָך איין מענטש, אַזוי עלנט און אומגליקלעך ווי ער...

ער האָט דערפילט, אַז זיינע באַקן זענען פייכט. האָט ער בגניבה, פאַר־שעמט אָפּגעווישט די טרערן, זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין קויקע (געלעגער) און מיט פיבערנדיקע הענט זיך גענומען פּאָרען ביי זיין רוקזאַק. אַרויסבאַ־קומען פון דאָרט אַ פלעשל בראָנפן, אויסגעזופט ביז אין דער העלפט, זיך אויסגעצויגן און פאַרדעקט דאָס פּנים מיט ביידע הענט...

.7

דער טראַנספּאָרט האָט געשלונגען קילאָמעטערן מיט דער שנעלקייט פון אַן עקספּרעס־צוג. ברוך קאהאנען האָט זיך געדוכט, אַז דאָס וויל די ראַטנמאַכט וואָס גיכער פּטור ווערן פון די נישט־געוווּנטשענע עלעמענטן, וועלכע ווילן אַרויס פון לאַנד. „ווער עס וויל אַוועק פון דאַנען, דער איז אַ שונא!" — האָט אים אַמאָל געזאָגט דער זאַמ.־דירעקטאָר פון זיין פאַבריק — „און קיין שונאים דאַרפן מיר דאָ נישט האָבן!". אָט דערפאַר מן הסתם יאָגט מען דאָס אַזוי דעם עשאַלאָן... נאָכוואָס אונדז דאָ נאָך לענגער אויפ־האַלטן? נאָכוואָס אומזיסט אונדז קאָרמענען מיט ברויט?...

ער דערמאָנט זיך, ברוך קאהאן, אין דער קאַנטאָר פון פאַבריק, פאַרן געזעגענען זיך, ביים נעמען דעם „ראַסשטשאָט", האָט יעדער פון די נאַ־טשאַלניקעס געפונען פאַר נייטיק אים אַריינצוזאָגן אַ פּאָר ווערטער:

— עך, טי יאַבלאָטשקאָ, קודאַ קאַטיססיאַ?... „עך, דו עפּעלע, וווהין קייקלסטו זיך?...).

— וועסט ווייט נישט אַוועק... מיר וועלן זיך טרעפן, טייבעלע, אַפילו אין וואַרשע אויך!... בערעגיס!...

ברוך האָט אַלץ געהערט און געשוויגן. ער האָט זיך דאָ אויסגעלערנט, אַז שווייגן איז דער בעסטער ענטפער... האָט מען מער קיין דיסקוסיעס נישט געקענט מיט אים פירן.

— מאַלטשיש?...

— „סלאָוואָ — סיערעבראָ, מאַלטשאַניע — זאָלאָטאָ"... (רעדן איז זילבער און שווייגן איז גאָלד) — האָט ער מכלומרשט אין וויץ, אונטער־געזונגען דעם רעפריין פון אַ פּאָפּולער לידל.

— פּאָזשאַליעיעש גאָלובטשיק!... ווּעסט חרטה האָבן, טייבעלע!...

פון צייט צו צייט שטעלט זיך אָפּ דער עשאַלאָן אויף אַ „ראַזיעזד" און וואַרט אויף אַ „ווסטריעטשני" (אַ צוג, וואָס קומט אָן פון אַנטקעגן. בלויז אויף אַ ראַזיעזד קענען זיי זיך אויסמיידן. ווייל אויסער דעם ראַזיעזד, זע־נען אויף אַ שטח פון הונדערטער קילאָמעטער, בלויז איינציקע טאָרן־לי־ניעס פּאַראַן). דאָ קומען פויערים מיט פויערטעס פון דער ארומיקער געגנט מיט מילכוואַרג, געבעקסן, פיש און פרוכט. אויף גרעסערע סטאַנציעס, דאָרט ווו מען טוישט די פּאַראָוואָזן, די באַן־אַרבעטער־בריגאַדע און ווו מען נעמט אָן קוילן מיט וואַסער, אַז דער פּאַראָוואָז זאָל כּוח האָבן צו סאָפּען איבער מרחקים, — דאָרטן שטייט מען תּמיד לענגער. אָבער די צייט, אויף ווי לאַנג מען בלייבט דאָ שטיין, איז תּמיד אַן אומבאַשטימטע.

— ניע איזוויעסטנאָ קאָגדאָ בודיעט טיאָפּלאָוואָז.

אין דעם זכות, געניסן די רעפּאַטריאַנטן: מען לויפט הינטער די וואַ־גאָנען, ממש צווישן די רעדער, נאָך נאַטירלעכע באַדערפענישן. מען לויפט אין זייטיקע קוסטן, אויב אַזעלכע זענען דאָ. מענער — רעכטס, פרויען — לינקס... און זיצנדיק אַזוי, אויפן אוזבעקישן שטייגער, קוקט מען ווי די האָזן, מיט צעשראָקענע אויגן צום עשאַלאָן: צי גיט ער נישט אַ פייף און רירט זיך פון אָרט...

עס געפינען זיך דרייסטע בריהס, וועלכע קענען איינס־צוויי איינלייגן אַ פלויט און דאָס געהילץ ברענגען צושלעפּן צום עשאַלאָן, אויפצולייגן פייערן און צושטעלן אויף אַ צוויי ציגל, אָדער שטיינער, טעפּלעך צום קאָכן.. ווייבער שיילן קאַרטאָפל, פּאַרריישן אַ ציבעלע, וואַשן אַ ווינדל, אַ שטיקל וועש און באָדן אַ פּיצל קינד, וואָס פרייעט שוין פון שווייס... וואַשן דעם אייגענעם און דעם מאַנס קאָפּ, אַז מען זאָל קיין איבעריקע „רעפּאַ־טריאַנטן" נישט אָנפלאָדיען...

מענער כאַפּן כלים און לויפן נאָך וואַסער. שטענדיק שטייט דער עשאַ־לאָן ווייט פון דער וואַסער־לייטונג. און אויף צו־להכעיס רינט עס זייער לאַנגזאַם. ווערט ביים קראַן אַן אָטשערעד, וואָס וואַקסט אַלץ גרעסער און גרעסער. דער געשריי טראָגט זיך ווייט אַוועק. און ווייט, פון עשאַלאָן, קוקט מען צו דער וואַסער־לייטונג מיט דורשטיקער דערוואַרטונג. מען הערט די קולות און מען זעט אַ פּאַכעניש און אַ שוועבעניש פון וואַסער־כלים, איבער די קעפּ...

אומעטום זענען דאָ כּיטראַקעס, וועלכע ווילן נישט שטיין אין אָטשע־רעד:

— ביי מיר אין וואַגאָן זענען דאָ קליינע קינדער!

— קראַנקע זענען דאָ! נישט פאַר מיר, פאַר די קראַנקע!

— לאָזט מיך גיכער נעמען וואַסער, ווייל אַ יידענע חלשט!

— סטאָפּ!!! איר וועט נישט קריגן! אומעטום זענען דאָ קינדער און קראַנקע! אַלע חלשן אַ טרונק וואַסער! נישטאָ קיין פּריצים!

עס פליט אַ פלאַש, צעשפּרינגט און צעשפּריצט זיך איבער אַ קאָפּ. דער קאָפּ ווערט באַלד רויט, דאָס העמד — רויט, דאָס פּנים — רויט און אַ רוי־טער געשריי צעטראָגט זיך אַזש ביז צום עשאַלאָן. אויף דעם געשריי, קומט אַרויס דער נאַטשאַלניק סטאַנצי און פאַרשליסט אינגאַנצן דאָס וואַסער. דאַן ערשט, קערט זיך דער שרייאיקער עולם נאָך שרייאיקער אום צוריק צום עשאַלאָן. ווער מיט אַביסל וואַסער, ווער מיט אַ צעבראָכענער כּלי, ווער מיט אַ בייל, אָדער ברוין־בלויע פאָנאַרן אונטער די אויגן, ווער מיט אַ צע־קאַליעטשעטער האַנט און ווער מיט אַ געשפּאָלטענעם קאָפּ.

— ט׳האָסטו דיר פאַזשאַנדקעס!

— מען ווייסט, אַז עס קומט אַן עשאַלאָן, גרייט מען נישט אָן קיין וואַסער! שלאָגן דאַרף מען זיך פאַר אַ טרונק!

— שלאָגן זיך גאָר? ס׳מזל אויף די שונאים, ווי שיין דאָס איז. אַ חרפּה פאַר די גויים! וואָס וועלן זיי זאָגן אויף אונדז?

— דערפאַר האָט מען דאָך אונדז אומעטום אַזוי ליב...

— פאַרוואָס זאָל מען אונדז ליב האָבן, אַז מיר אַליין האָבן זיך נישט ליב?! אַז איין ברודער שפּאַלט דעם אַנדערן דעם קאָפּ, שונאי־ציון!

דאָך געפינט זיך ביי יעדן אין וואַגאָן אַביסל וואַסער, נאָך פון פריער אָפּגעשפּאָרט און באַהאַלטן... איצט שלעפּט מען עס אַרויס און מען שטעלט צו די טעפּ צום קאָכן. די קאָסטערס צעוואַקסן זיך אַלץ מער און מער, לענג־אויס דעם עשאַלאָן. דער רויך טראָגט זיך געדיכט און ווייט פונאַנדער און מאַכט דעם איינדרוק, פון דער ווייטנס, ווי אַ וועלדל וואָלט געברענט.

אַלץ גייט אַרויס פון די וואַגאָנען „אויסצוגלייכן זיך די פיס", כאַפּן אַביסל פרישע לופט. מען טרייסלט די קאָצן, מען לופטערט דאָס בעטגע־וואַנט, מען זוכט זיך אַ קילן, שאָטנדיקן אָרט, אָפּצורוען זיך פון דער דוש־נער, אָנגעהיצטער, צעגליטער טיעפּליושקע.

פרויען זיצן ביי די קאָכנדיקע טעפּלעך מיט פאַררויכערטע פּנימער, פאַרסאַדזעטע הענט און פאַנטאַזירן וועגן זייער אָנקומען צוריק אַהיים... מענער רויכערן מאַכאָרקע און דערציילן זיך מלחמה־מעשיות. וועגן שלאַכטן, גרענעצן, רעוויזיעס, וועגן געפאַנגענשאַפט, תּפיסה, שפּיטאָל און אַנדערע עפּיזאָדן פון זייערע וואָגלענישן.

— אַ פאַראַוואָז! אַ פאַראַוואָז!

דער אַלאַרם טראָגט זיך פון איין עק עשאַלאָן, צום אַנדערן. עס ווערט אַ געלויף צו די וואַגאָנען. מען דערלאַנגט אַרויף די קינדער, מען שטופּט

אַרויף די שווערע ווייבער. טעפּלעך, יאָ אָפּגעקאָכטע, נישט אָפּגעקאָכטע — מען גיסט זיי אויס אויף די ברענענדיקע שייטערס און מען וואַרפט זיי אין די וואַגאָנען אַריין. דער לאָקאָמאָטיוון־פּייף שניידט די צעגליטע לופט. עס צעקלינגען זיך די טיעפּליושקעס, שטויסנדיק זיך איינע אויף דער אַנדערער און דער עשאַלאָן רירט זיך פון אָרט.

און צענדליקער, צענדליקער מענטער לויפן אַלץ נאָך די פּאַרשפּעטיקטע און שפּרינגען אין לויפנדיקן עשאַלאָן אַריין. ערשט פון וואַגאָן שוין אַרויס־קוקנדיק, פאַרברעכט מען מיט די הענט: אַ פרוי מיט אַ קינד איז איבער־געבליבן. זי רייסט זיך די האָר פון קאָפּ און שרייט. איר מאַן מיט נאָך צוויי קינדער זענען אין וואַגאָן. ער מאַכט צו איר מיט די הענט, וויל זי באַרו־איקן, נאָר די רעדער קלאַפּן און פאַרהילכן זיינע רייד און זי בלייבט שטיין מיט פאַרווירטע אויגן; האַלט דאָס קינד און ווייסט נישט, וואָס צו טאָן דערמיט.

דאָ איז שטיין געבליבן אַ טעפּל און קאָכט זיך אויף אַ ברענענדיקן קאָסטער. אַזוי לאַנג האָט מען געוואַרט אויף דעם ביסל וואַרעמס!... זיך נישט דערוואַרט... און דער טאָפּ איז אַ שאָד, אַ נייער טאָפּ! די פּאָר קאַר־טאָפל מיטן ביסל בוימל, מיטן פאַררייישעכטס... אַ קאָץ מיט אַ קישעלע איז געבליבן, אַ פאַרטיק געלעגער פאַר עמיצן... אַן עמער וואַסער! אַ פּוליב־קער, ווי אַן אויג! צוליב וואָס פריער האָט זיך בלוט געגאָסן... קילע קלאָרע וואַסער, מים חיים, וואָס בעט זיך: טרינק... זשליאָקע... און אַ לייטערל פון אַ טיעפּליושקע. ווי וועט מען איצט אַרויף און אַראָפּגיין?...

8.

און ברוך קאַהאַן, ווי ער וואָלט אין טאַשקענט איבערגעלאָזט זיין איינ־זאַמקייט און אומעט... די מיטרייזנדע אין וואַגאָן, זענען אים היימיש און באָענט געוואָרן. יעדער איינער זעט אים צו:

— פּאַניע קאַהאַן, אפשר וועט איר מיט אונדז מיטעסן?...

— חבר קאַהאַן, פאַרזוכט אויף טשיקאַוועס...

— אַביוואַטעליו קאַהאַן, פון אַ טעפּעלע טיי, וועט איר זיך דאָך נישט אָפּזאָגן?...

— אין קאָרטן שפּילט איר? אפשר אַ רעמי־לע?...

— אַ ברידזשל?...

— ניין, פּריינט קאַהאַן שפּילט נאָר אַ „דיעוויאַטי וואַל״...

אַן אַקטיאָרן־פּאָרל האָבן פאַרנומען די פּריטשע לינקס. זיצן זיי מיט אַראָפּהענגענדיקע פיס און זינגען פאַר ברוכן אַלע זייערע שלאַגערס, „קאָ־ניאַק׳ן״, אַלע דועטן פון זייער פאַרמלחמהדיקן רעפּערטואַר, אַפילו גאַנצע סצענעס אָפּגעשפּילט... אַלע פּאַטשן בראַוואָ. אָבער די אַקטיאָרן ווילן וויסן נאָר די מיינונג פון ברוכן... ברוך פאַרזיכערט זיי, אַז ער האָט זיך האַרציק געוויילט... אַז אַזעלכע אַקטיאָרן, ביי גוים, וואָלטן געווען מיט גאָלד צו־

גלייך און האַליוווד וועט קיין גראַשן נישט ווערט זיין, אויב זי וועט זיי נישט אַנגאַזשירן... פון וואָס דאָס פּאָרל איז באַזונדערס צופרידן.

אויף דער אַנטקעגנאיבערדיקער פּריטשע ליגט אַ פּאָרפאָלק, וואָס מען האָט אַ נאָמען געגעבן „טעלצע די דיקע און זימל ציינשטעכער". דאָס איז אַ קאָמיש פּאָרל, אַ „דיבוק מן השמים"... טאָג און נאַכט האַלט מען זיך אין איין אַרומקריגן און די „ביטערע הערצער" גיסן זיי אויס פּאַר ברוכן.

— אדרבא, זאָגט איר, פּאַניע קאהאַן, ווי האַלט מען עס אויס?

און דער עולם בעט זיך:

— פּאַניע קאהאַן, לייגט זיך שוין אַריין צווישן זיי ביידן... מאַכט אַ שלום־בית!...

אַ הענדלער פון אלייסקי באַזאַר מיט זיינער אַן אָרימער קרובה, אַ קיי־לעכדיקע יתומה, פאַרנעמען דעם אונטערשטן ווינקל, רעכטס. קיינער קען נישט צוקוקן דעם צער פון דעם מיידל, וועמען דער אַלטער, קאַרגער ספּע־קוליאַנט צערקלט אָפּ דעם ביסן אין מויל אַריין. ברוך קאהאן איז איר כסדר מיט עפּעס מכבד, אויף וואָס דער אַלטער וואָרטשעט:

— אַ פּרעסערן! אַ נאַשערן! אַ קישקע אָן אַ דנאָ!

אַ גאַליציאַנער מיט אַ ליטוואַק האָבן נישט געהאַט קיין באַשטימטן אָרט אין וואַגאָן, נאָר כסדר אַרומגעלאָפן, אַנגעמאַכט אַ ווינט און געאַמ־פּערט זיך וועגן אמונה און פּאָליטיק. וועגן משיחס צייטן און וועגן גאולה... דער ליטוואַק זאָגט, אַז לויט זיין רעכענונג, איז משיח נישט געקומען צו דער צייט. ער האָט פאַרשפּעטיקט. פאַרשפּעטיקט דעם אונטערגאַנג פון איי־ראָפּעאישן יידנטום. און איצט איז ער שוין נישט נויטיק, משיח. איצט דאַרף ער אים שוין נישט, דער ליטוואַק. ער קען זיך שוין באַגיין אָן אים...

און דער גאַליציאַנער היצט זיך, שפּריצט מיט שוים אויף די ליפּן און מיט פונקען פון די אויגן:

— אני מאמין באמונה שלימה! אף על פי שיתמהמה, אני מאמין!

רייסן זיי ברוכן פאַר די לאַצן און טרייסלען אים אַזוי לאַנג, ביז ער באַשליסט צו געבן אַ „קלאָרע תשובה":

— געזעכט איז טאַקע דער ליטוואַק... נאָר וואָס דען? עס איז גוט אַז מען האָט אמונה ווי דער גאַליציאַנער... אויב ער מיינט עס טאַקע ערנסט, דער גאַליציאַנער...

אַ פאַרליבט פּאָרל זיצט זיך כסדר ביי דער טיר און שושקעט זיך... זיי רייבן זיך אַ נאָז אָן אַ נעזל, קוצעניו־מוצעניו, ווי צוויי טייבעלעך, און רעדן... זיי רעדן פון פאַר פרישטיק, ביז שפּעט נאָכן אָוונט־ברויט. און קיי־נער הערט נישט, ווען זיי ענדיקן רעדן און זאָגן זיך „אַ גוטע נאַכט"...

— אדרבא, זאָגט איר אַליין, פּאַניע קאהאַן, איר זענט דאָך אויך אַמאָל יונג געווען... פון וואַנען נעמט זיך צו זיי אַזויפיל רייד?... וועגן וואָס רעדט מען דאָס, אָן איבעררייס, גאַנצענע מעת־לעתן?...

— וועגן פּערפּעטואום־מאָבילע...

— וואָס איז דאָס אַזוינס?

— אַ זאַך וואָס דרייט זיך... דאָס דרייט זיך שוין אַזוי פון דער מוטער חוה אָן און וועט זיך נאָך דרייען אַזוי לאַנג, ווי לאַנג עס וועלן זיין ווייבער אויף דער וועלט...

— אָבער ווי ווערט עס זיי נישט טרוקן אין האַלדז?

— דערוויַיל זע איך, אַז קוקנדיק אויף זיי, ווערט אייך פייכט אין מויל...

אָבער אַמסימפּאַטישסטן פון אַלע מיטרייזנדע, איז ברוכן, די שוועסטער פון דעם לאָדזשער אַדוואָקאַט, רוזשעלע... דער ברודער לייענט גאַנצע טעג „געשוואָלענע" ביכער און זי, רוזשעלע, לאַנגווייליקט זיך. רופט זי, אויף אַלע סטאַנציעס, ברוכן שפּאַצירן. זי נעמט אים אונטערן אָרעם, לענדט זיך אָן אָן אים עטוואָס שווערלעכער מיט די וויכערע טיילן פון איר וואַריִמען, פוכקען קערפּער און פירט אים דווקא אַביסעלע ווייטער „פון מענטשלעכע אויגן און צינגער"... זי רעדט שטענדיק וועגן ביכלעך, וועגן שרייבער, פילמען און זינגט האַרציק ראָמאַנסן... יאָ, און וועגן ליבע האָט זי שוין אויך אַמאָל גענומען רעדן... ער געדענקט נישט, ברוך, גענוי וואָס? אָבער עס איז אים געפעלן און עס איז אים געווען אָנגענעם צו הערן און פילן די וואַרימע ווייכקייט, וואָס הענגט אים אויף דער רעכטער זייט... און וואָס ער האָט שוין באַלד אַכט יאָר נישט געפילט...

9.

די רעדער קלאַפּן, דער עשאַלאָן פליט, ווי אָנצויאָגן די צייט, וואָס מען האָט, אויף דער סטאַנציע־שטייענדיק, פאַרלוירן.

ויהי ערב, ויהי בוקר — מעת־לעתן קומען און פאַרגייען. עס טוישן זיך לאַנדשאַפטן, עס ענדערן זיך קלימאַטן, דער פאַראַוואַז שלינגט איין מרחקים. ער וויל דוכט זיך די גאַנצע וועלט איינשלינגען: נאָך אַ וויאָרסט, נאָך אַ מייל, נאָך אַ דאָרף, נאָך אַ שטאָט, נאָך אַ לאַנד, נאָך, נאָך, נאָך! —

ברוכן דאַכט זיך, אַז די רייזע וועט זיך שוין קיינמאָל נישט ענדיקן. אַז דאָ, אין דער טיעפּלוּשקע, איז זיין ציגיינערישע וואָגל־היים. די מענטשן — זיין משפחה. אייביק וועט מען דאָ לעבן פאַרנדיק... אַרויסקוקן דורך דער אָפענער טיר און זען פאַרשידנקאָלירקע מענטשן פון פאַרשידענע ראַסן און נאַציעס, אין די פאַרבן־שרייאיקע קליידער פון זייערע נאַציאָנאַלע טראַכטן; ער וועט זען קישלאַקן מיט ליימענע קיביטקעס, שטעט מיט פּלאַטשיקע דעכער, מעטשעטן מיט שלאַנקע טורעמס און גאָלד־בלויע קופּאָלן... רוסישע דערפער, מיט הילצערנע כאַטעס און שטרויענע דעכער, צערקווועלעך און צערקוועס; אוקריינישע דערפלעך, די דעכער מיט גרין־פאַרשימלטע, מאָכיקע שינדלען. און וואָס נעענטער צום מערב — מיט שוואַרצן סמאָלע־פּאַפּ געדעקט... מדבר און סטעפּ, לאָנקע און פעלד, גאָלדענע זאַמדן און פעטן „טשאָרני־זיעם". וועלדער, אָזיערעס און טייכן... ער, ברוך קאהאַן, דער היימלאָזער ייד, דער אויסגעוואָרצלטער וואגלער, אָן אַ לאַנד, אָן אַ שטוב,

אָן אַ היים, אָן אַ שטענדיקן באָדן אונטער די פיס, ער וועט, פאַרביישווינד־לענדיק מיט דער טיעפּליושקע, זען ווי מענטש איז איינגעוואָרצלט, ווי אַ בוים אין באָדן... מען אַרבעט מיט שווייס און מען ציט פון דאָרט די יניקה... מען האָט אַ נוצן פון דער ערד און די וועלט האָט אַ נוצן פון דעם מענטשן... פרידלעכקייט און רו, שלווה און פרייד איז דאָך דאָ פאַר יעדן... פאַר יעדן, נאָר נישט פאַר אים. — — —

ווען ער איז געקומען אין די געביטן, וווּ מיט אַ קורצער צייט צוריק, האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט די בלוטיקסטע שלאַכטן; ווען ער האָט דערזען פאַר־ברענטע שטעט מיט שוואַרצע חורבות, ווי פּוסטע, פאַררויכערטע לאָמטער־נעס, שטאַרצנדיקע קוימענס, ווי מצבות אויף אַ בית־הקברות פון אַ געווע־זענעם ישוב; פאַרברענטע וועלדער, צעריסענע בריקן, צעלעכערטע שאָסייען און פעלדער באַלייגטע מיט צעשמעטערטע מאַשינען, אַעראָפּלאַנען, צוגן און טאַנקען — האָט עס אים דעם אָטעם פאַרהאַקט און דאָס האַרץ האָט זיך אים פאַרקראַמפּט:

„— — — אָט דאָ איז עס אַדורך דער שטורעם פון פאַרניכטונג. דאָ זענען געגעבן געוואָרן באַפעלן און טייכן בלוט האָט זיך געגאָסן. וויפל מענטשן האָבן זיך דאָ געראַנגלט מיטן טויט! וויפל זיך־לעשנדיקע בליקן האָבן דאָ צום לעצטן מאָל געזען די וועלט!... דורך פייער און בלוט זענען דאָ געגאַנגען באַשטיוולטע, באַהעלמטע רייען און אונטער גרויע שינעלן האָבן זיך רויטע הערצער געצאַפּלט... וואַרימע הערצער אין רוסישע פּרעסט. די פראָנט־באַריכטן פון דער הויפּטשטאָט האָבן זיי באַצייכנט מיט ציפערן. רונדע ציפערן מיט נולן... יעדער מענטש איז דאָך אַ וועלט פאַר זיך! און דאָ זענען „בלויז" געפאַלן ציפערן, נולן... און געווען זענען דערפער און געווען זענען שטעט. די פראָנט־באַריכטן פלעגן זיי באַצייכענען מיט דער בוכשטאַב "N"... אַ דערפל באַשטייט פון כאַטעס, אַ שטאָט — פון טויזנטער שטיבער. אין יעדער שטוב, האָבן זיך דורות אויסגעלעבט, אין טרויער און אין נחת. עס האָט געהייסן „היים"... און כאָטש טרויער איז שטענדיק געווען מער, ווי נחת, האָט מען געבענקט „אַהיים"... טויזנטער היימען — אַ רוישיקע, אַ פולסירנדיקע שטאָט!... אין דער מלחמה איז עס נאָר געווען אַ בוכשטאַב "N"... און "N"... איז חרוב געוואָרן. נישט קיין לעבעדיקע ישובים זענען פאַרוויסט געוואָרן, פון דער ערד אָפּ־געווישט, ווי קיינמאָל נישט געווען, נאָר איינציקע בוכשטאַבן "N"...

און איצט איז דאָ אַזוי שטיל... ווי אויף אַן אַלטן, פאַרגעסענעם בית־הקברות. איין גרויסער בית־הקברות איז דער גאַנצער שטח, וווּ דער שטיוול פון טייוול האָט געטאָפּטשעט! ווי־זשע זעט עס שוין אויס דאָרט ווייטער, ביי אונדז, אין פוילן? — — — —"

אָבער אויך צו די בילדער, האָט זיך ברוך לאַנגזאַם צוגעווינט, און שפּעטער האָט עס שוין אויף אים קיין שום איינדרוק נישט געמאַכט. ער האָט שוין גלייכגילטיק געקוקט אויף די פאַרניכטעטע, וויסטע שטחים, ווי ער וואָלט זיי שוין אַזוי געזען לאַנגע, לאַנגע יאָרן.

און אין איינעם אַ טאָג — ווען מען האָט שוין פאַרגעסן דעם טאָג פון אַרויספאָר און אויפגעהערט צו ציילן די מינוטן פון אָנקום — איז מען שטיין געבליבן ערגעץ אויף אַ קליינער, טויב־שטילער סטאַנציעלע.

מען האָט נישט געוווסט, ווי די סטאַנציעלע הייסט און פאַרוואָס מען שטייט דאָ אַזוי לאַנג. ערשט נאָכדעם, ווי דער עשאַלאָן־קאָמענדאַנט איז גע־גאַנגען פון וואַגאָן, צו וואַגאָן און אָנגעזאָגט:

— אַלע זאָלן זיצן אויף די ערטער! נישט לייגן קיין פייער, נישט גיין שפּאַצירן, נישט טומלען! —

האָט זיך צעטראָגן אַ געפּליסטער פון מויל, צו אויער, לענג־אויס דעם עטלעכע און זעכציק־וואַגאָניקן עשאַלאָן:

— די גרענעץ!...

— די פּויליש־סאָוויעטישע גרענעץ...

— איבער יענעם גרינעם בריקל, איז שוין פּוילן...

און צום ערשטן מאָל, אין משך פון דער גאַנצער רייזע, האָט ברוך קאהאן דערפילט דעם אומרו און ציטער, ווי אין טאָג, ווען ער האָט באַקו־מען די ערשטע ידיעה פון זיין טאָכטער... ער האָט דערוואַרט, אַז דאָ, אויף דער גרענעץ, וועט געשען עפּעס אויסערגעוויינלעכס, גורל־דעצידירנדיקס, איבעראַשנדיקס, אָדער טראַגישעס... אַלנפאַלס איז ער גאָרנישט זיכער גע־ווען, אַז דער אויסגעוואַרעמטער חלום פון איבער זיבן יאָר, וועט פאַרווירק־לעכט ווערן... פאַרקערט, עס האָט אים כסדר געמאַטערט דער געדאַנק, אַז די נסיעה קען זיך ערשט אָנפאַנגען אויפסניי, און גאָר אין אַן אַנדער ריכ־טונג...

קיין אויסערגעוויינלעכס איז אָבער נישט געשען. צו ברוכס און צו אַלעמענס פאַרוונדערונג, האָבן זיך באַוויזן עטלעכע גרענעץ־באַאַמטע, גוט־מוטיקע, העפלעכע רוסן. זיי האָבן שמייכלענדיק אַריינגעקוקט אין די וואַ־גאָנען און גאָר פריינטלעך זיך באַגריסט:

— זדראַסטוויטיע...

— קאַק וואַשע סאַמאָטשוסטוויע?...

— קאַק ווריעמיאַ פּראָוועלי? וויעסיעלאָ?...

— ראַזרעשיטיע וואַשע דאָקומענטי...

אַלע האָבן שוין געהאַלטן אָנגעגרייט די גרינלעכע עוואַקואַציע־פּאַפּירן. די גרענעצלער האָבן גענומען, אָפּגעריסן אַ העלפט מיט רוסישן טעקסט און די אַנדערע העלפט מיט פּוילישן טעקסט — צוריקגעגעבן.

— ופּאָריאַדקיע... ספּאַסיבאָ... ווסיעוואָ כאָראָשעוואָ!...

און דאָס אַלץ... אַזוי פּראָסט און פשוט, אַזוי וואָכעדיק, טאָג־טעגלעך... אַזוי מענטשלעך און פאַרשטענדלעך...

זיי האָבן נאָך גערעדט עטלעכע ווערטער, די גרענעצלער, געקוקט דעם עשאַלאָן־קאָמאַנדאַנט אין ליסטעס אַריין, זיך געזעגנט און געמאַכט מיט די הענט צו די וואַגאָנען:

— פּראָשטשאַיטיע!...

ערשט ווען דער עשאלאָן האָט זיך גערירט פון אָרט, האָבן די יידן, וועלכע האָבן מיט פאַרהאקטן אָטעם אָפּגעשוויגן העכער אַ האַלבע שעה, זיך איצט צעטומלט פאר דער גאַנצער צייט:

— שוין? איבערגעקומען?...

אַלע וויסטע חלומות צו מיינע שונאימס קעפּ! טפוי, טפוי, טפוי! אַזוי צו האָבן אומזיסטע שרעק! מנע!..

— אויך מיר אַ גרענעץ!...

— אויך מיר אַ רעוויזיע!...

— צענדליקער מענטשן, אָן דאָקומענטן, האָבן דאָך געקענט אַדורך!...

און דער אַלטער הענדלער פון אלייסקי באזאר, האָט זיך אָנגעכאַפּט מיטביידע הענט ביים קאָפּ:

— געוואלד! ווו איז געווען מיין שכל? פאַרוואָס האָב איך נישט מיטגענומען אַ זאַק טאַבאַק?

דאָ איז ברוך קאהאן אַרויס פון די כלים:

— אָט וואָס א פאַרדאָרבענעם ספּעקוליאַנט ליגט אין זיבעןן!!!

— זייט מוחל, פּאַניע קאגאן — האָט זיך איצט דער הענדלער אויס־געגלייכט מיט ווירדע — איצט פּראָטעסטיר איך! ביז מיט אַ מינוט צוריק, האָב איך ביי „זיי" דאָרטן געהייסן „ספּעקוליאַנט". אָבער דאָ, מעגט איר מיך שוין רופן מיט מיין אלטן נאָמען: סוחר! קופּיעץ!...

— קיין סאָלידער סוחר זענט איר, מסתמא, קיינמאָל נישט געווען! ווי קענט איר איצט גאָר טראַכטן וועגן זעק מיט טאַבאַק? פאַרוואָס טראַכט איר איצט נישט וועגן אייער אומגעקומענער משפּחה? איר קומט איצט אויף די חורבות פון אייער אַלטער היים און איר וועט דאָרט שוין קיינעם נישט טרעפן!

— לאָזט אים צו־רו פּאַניע קאהאן, ער וועט שוין פּגרן אַ ספּעקוליאַנט! די גאַנצע נשמה זיינע איז פאַרספּעקוליאַנטעוועט געוואָרן!..

דער הענדלער איז אַנטשוויגן געוואָרן און זיך פאַררוקט אין זיין ווינקל. אָבער באַלד אויף דער ערשטער סטאַנציעלע, שוין אויף דער פּוי־לישער זייט, איז ער שוין ווידער געווען, פון די ערשטע, אין דרויסן...

דאָרט האָבן זיך אַרומגעדרייט פּוילישע גרענעץ־באאמטע און זעלנער. זיי זענען געגאַנגען לענגאויס דעם עשאלאָן און זיך אינטערעזירט:

— פּאַפּיראָסי קטאָ ספּזשעדאיע?

— צוקיער, מידלא, טלושטש!

— רובליע קופּויען, רובליע זאמיעניאם...

און דער אלטער הענדלער האָט געצויגן פון בוזעם, פון אונטערן נאַסן, ברודיקן העמד־אפיר, פּעקלעך פּאַפּיראָסן „ביעלאמער־קאנאל", „סעווערנאיא פּאלמירא" און „קראַסנאיא זוויעזדא". ער האָט געציילט די נייע פּוילישע זלאָטעס, די גלאנציקע, קנאַקעדיקע באנקנאָטן. די אויגן האָבן געבליצט, דער שטערן — געשוויצט און מיט דער צונג האָט ער זיך כסדר באַלעקט, ווי אַ קאָטער נאָך אַ גוטן נאַש... און יעדע ווײַלע איז ער ווידער געקראָכן

אין וואַגאָן אריין, אַרויסגעשלעפּט זייף, ראָזשינקעס, צוקער, טאַבאַק. געאַרבעט מיט די הענט און מיט די אויגן, בעציילט די באַנקנאָטן און געשוויצט...

אויף דער צווייטער סטאַציע, האָט שוין ברוך געזען, ווי פּוילישע זשאַנדאַרמעריע האָט געכאַפּט דעם ספּעקוליאַנט מיט די סחורות, ביים האַנדלען און אים אַוועקגעשלעפּט צום „פּאָסטערונעק", וואָס אויפן וואָקזאַל. דער ספּעקוליאַנט האָט זיך נאָך געווערט און געשריען:

— טו פּשעטשעזש ניע סאָוויעטסקי סאָיוז!... טו פּשעטזשעזש מאָזשנאָ האַנדלאָוואַטש!...

פונדעסטוועגן איז ער שוין צוריק נישט געקומען, דער ספּעקוליאַנט. דער עשאַלאָן איז אָפּגעגאַנגען אָן אים. זיין אָרימע קרובה, די יתומה, וועלכע האָט פאַר אים געוואַשן, געקאָכט און אליין געהונגערט; — זי האָט איצט, דאָס ערשטע מאָל פאַר דער גאַנצער צייט פון דער נסיעה, זיך צו דער זעט און מיט אַפּעטיט אָנגעגעסן... זי האָט געירשנט זיינע זעקלעך מיט די פּעקלעך און קעסטלעך מיט סחורה...

דער עולם אין וואַגאָן האָט גוטמוטיק געשפּאַסט:

— עס, ציפּע־דבורהלע, עס!... ער קען נאָך צוריקקומען... און דאָס, וואָס דו ליגסט אַריין אין זיך, דאָס איז שוין פאַרפאַלן!... דאָס איז שוין דיינס...

אָט אַזוי וואָכעדיק איז מען אַריבער דעם גרענעץ, ווי מען גייט אַריבער אַ געסל פון איין טראָטואַר, אויפן אנדערן... ווי דער גורל פון מענטשן, וואָלט זיך דאָ מיט גאָרנישט געענדערט... די אויסגעחלומטע מינוט איז איבערגעלעבט געוואָרן גרוי און וואָכעדיק. אָן איבערלעכער אויפרעגונג, אָן קיין שום יום־טובדיקייט, כמעט ווי נישט־באַמערקטערהייט...

## 10.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן דערנענטערן שטעט מיט ברוכן־באַקאַנטע נעמען. שטעט וווּ מיט אַכט יאָר צוריק איז ער אָפט געווען און אַ סך פריינט דאָרט געהאַט. באַקאַנטע וואָקזאַלן, הייזער און גאַסן...

ווען דער צוג איז שטיין געבליבן אויף אַ שטיקל צייט, איז ברוך געלאָפן, מיט נאָך יידן, אַ קוק־טאָן אויף די ערשטע געסלעך, וואָס פאַרן וואָקזאַל... קיין יידן האָט ער נישט געזען. ווו־נישט־ווו האָט אַ קריסט, אָדער קריסטן דערקלערט, אַז איצט געפינען זיך שוין אין דער שטאָט אַרום אַכט, צען יידן. אַז עס איז שוין דאָ עפּעס אַ זשידאָווסקער קאָמיטעט אויף איינער א גאַס...

און אַז איין שגץ האָט אַ זאָג געטאָן:

פּאָצאָשטשע פּשיעכאַלי, זשידקי? זשעבי וואס ווירזשנעלי?...

האָבן זיך אלע גויים צעלאַכט און צעהירזשעט, ווי די פערד אויף אַ

יאריד... דער שגץ האָט דערבײַ אַ פידל־געטאָן מיט דער האַנט איבערן האַלדז און געוויזן, ווי מען שעכט...

— טאַק, טאַק... — האָט אַ צווייטער, אַן עלטערער קריסט מיט וואָנצעס און אַ היטל מיט אַ ליאַקירענעם דאַשעק, צוגעגעבן — אַלע נאַכט קומען פאָר אַזעלכע פאַלן... מען שעכט זיי אויס, די יידעלעך, מען וויל זיי דאָ נישט האָבן!... און איר רוקט דווקא אײַערע לאַנגע, קרומע נעזער דאָרטן, וווּ מען דאַרף אײַך נישט!...

אַ דריטער האָט כיטרע אַרײַנגעוואָרפן אַ פראַגע:

— וויפל באָלשעוויסטישע קאָמיסאַרן זענען דאָ צווישן אײַך?... איר וועט דאָ פאַרנעמען אין פוילן הויכע פאָסטנס!... אַלע זשידקעס פאַרנעמען דאָ הויכע פאָסטנס... פוילן איז אַ יידישע מלוכה געוואָרן... יידן פירן אָן מיט דער רעגירונג, מיט דער אַרמיי... זיי שליסן די אינטערנאַציאָנאַלע אָפּמאַכן פאַר פוילן און ריידן אין אונדזער נאָמען... אַ סך קאָמיסאַרלעך בײַ אײַך?...

ברוכן איז געגרונצלט געוואָרן די הויט איבערן גאַנצן קערפּער. קאַלט איז אים געוואָרן. ער האָט געוואָלט עפּעס ענטפערן, שוין גענומען עפּעס שטאַמלען אויף פויליש, נאָר די צונג האָט זיך שוין נישט געלייגט... ס׳איז געווען אַ פויליש מיט רוסיש געמישט. האָבן די גויים ווידער געלאַכט און געהירזשעט:

— סאָוויעטסקי קאָמיסאַר!... ווי שיין ער רעדט פויליש!...

דער פּלוצלונגדיקער לאַקאָמאָטיוון־פּייף האָט ברוכן געראַטעוועט פון דער סיטואַציע. ער האָט אַ וואָרף געטאָן אַ „פּשעפּראַשאַם" און איז אַנ־טלאָפן צום עשאַלאָן. אָבער עס האָט זיך שוין נישט אָפּגעטאָן פון אים דאָס געפיל, אַז זײַן גאָרגל איז נאַקעט... נאַקעט, ווי דער גאָרגל פון אַן עוף, ווז דער שוחט האָט שוין די עטלעכע פעדערן אויסגעצופּט און גלאַטיקער געמאַכט פאַרן חלף...

אויף איינער פון די סטאַנציעס, זענען יידישע בחורים געקומען פון ערגעץ צום עשאַלאָן. זיי האָבן געטיילט יידישע צייטונגען, בראָשורן און אויפרופן; דערקלערט, אַז זיי זענען פון אַ קיבוץ. זיי ארבעטן און לעבן קאָלעקטיוו, מאַכן דורך הכשרה און יעדע נאַכט גייען אָפּ פון זיי פּאַרטיעס צו דער גרענעץ...

— וווהין גייען זיי, די פּאַרטיעס?

— וווהין? אַהין וווהין אַלע יידן דאַרפן גיין!... קיין ארץ־ישראל גייט מען! דאָ איז נישטאָ וואָס צו טאָן. יידן מוזן אַנטלויפן פון דאַנען. מען שעכט, מען שלאָגט, מען שיסט! ראַטעוועט זיך און אַנטלויפט פון דאַנען!!!

— יידן! קומט צו אונדז אין קיבוץ! פאַרט נישט אין גיהנום אַרײַן! אוישוויץ האָט אײַך נאָך גאָרנישט אויסגעלערנט?

— ווער ער וויל פאָרן קיין ארץ־ישראל, דער קען שוין אַראָפּגיין מיט די זאַכן און פאָרן צו אונדז אין קיבוץ!

און ברוך האָט געזען, ווי עטלעכע יונגעלייט און מיידלעך זענען אַרויס

פון די וואַגאָנען מיט זייער געפּעק... אַ פּאָר־פּאַלק מיט אַ קינד איז אַראָפּ... און די יתומה, די אָרעמע קרובה פון דעם אַרעסטירטן ספּעקוליאַנט, מיט אַלע זיינע געפּעק...

די בחורים פון קיבוץ האָבן געהאָלפן טראָגן דעם באַגאַזש צום פורל, וואָס איז געשטאַנען פון דערווייטנס. זיי האָבן זיך געזעגנט מיט אַ וואָרט, וואָס קיינער פון די רעפּאַטריאַנטן האָט עס, כמעט קיינמאָל, נישט געהערט און אַ סך האָבן עס נישט פאַרשטאַנען:

— להתראות בארצנו!...

ברוך האָט געזען, ווי פריילעך און מונטער זיי זעצן זיך אין וואָגן און פאָרן אָפּ. ער איז געוואָרן נאָך אומרוהיקער און אָנגעהויבן שטאַמלען צו זיך אליין:

— און אפשר זענען זיי גערעכט? אפשר טאָקע דער בעסטער אויסוועג? ווי שנעל מען האָט זיך עס דעצידירט! אַראָפּ מיטן פּעקל און שוין!... און אַז מען שעכט איז דאָך אמת. סיי יידן, סיי גויים באַשטעטיקן עס. אנטלויפן פון דאַנען מוז מען דאָך, פריער, אָדער שפּעטער. און כ׳האָב דאָך סיי־ווי באַשלאָסן, נאָר דורכצופאָרן דורך פּוילן... אָבער ווי קען מען עס, איידער מען וואַרפט כאָטש איין בליק אויף דער חרובער היים? איידער מען געזעגנט זיך מיט די חורבות לעולם ועד? און מאַטילדא מיט זיסעלען זענען דאָך אין לאָדזש... און עפּעס כאָטש געוויר־ווערן וועגן שמעולן און רחלען מוז איך דאָך! אפשר... און אפשר דאַרף מען עס גאָרנישט? אפשר וואַרט נישט קיינער אויף מיר? אפשר איז טאָקע גלייכער צו פאַרשווינדן, ווי אַן עלנטער שטיין אין וואַסער? אַריינזעצן זיך אין פורל, אַוועק אין קיבוץ און מיט אַ פּאַרטיע, ביינאַכט, איבער דער גרענעץ? — — — — —

אָבער ער האָט אליין נישט באַמערקט, ווי דער עשאַלאָן האָט געריכט פון אָרט. און דאָס פורל איז שוין אויך געווען ווייט־ווייט און געלאָזן נאָך זיך אַ וואָלקן שטויב...

אויפן אַכט־און־פערציקסטן מעת־לעת פון זיין רייזע, איז ברוך קאַהאַז אָנגעקומען קיין לאָדזש.

## 11.

אין אַ גרויסן פאַרטאָג האָט זיך ברוך געהאַצקעט אויף קאַסטנס און פּעק, אין אַ גרויסן לאַסט־אויטאָ, צוזאַמען מיט נאָך אַ צען משפחות, איבער די ברוקירטע גאַסן פון לאָדזש.

— זעט נאָר — האָט ער זיך נישט געקענט אָפּהידושן — לאָדזש איז דאָך גאַנץ!... כמעט קיין הויז נישט צעשמעטערט...

— איר האָט נאָך נישט געזען די יידישע קוואַרטאַלן... — ענטפערט אים אַ בחורל, וועלכער איז געקומען מקבל־פּנים זיין זיינער אַ קרובה — דאָרט איז מדבר! קיין איין גאַנץ הויז נישטאָ!

אָבער געפאָרן איז מען דערווייל דורך נישט־יידישע קוואַרטאַלן. און

ברוך האָט געזען: גאַנצע הייזער, שיינע געשעפטן, קאַפעען, רעסטאָראַנען מיט אַלדאָס גוטס, פון וואָס ער איז שוין לאַנג געווען אָפּגעוווינט.

— זיי פאַרקויפן די סחורות פריי? כ'מיין פאַר יעדן איינעם?

— נאָר וואָס־זשע, זיי האַלטן דאָס פאַר זיך?... — האָט דאָס בחורל געענטפערט.

— איך זע דאָך נישט קיין אָטשערעד... אַז איך זע נישט, מען זאָל כאפּן!...

— כאַכאַכאַכאַ!...

— מסתמא איז עס אויף קאַרטן?

— פאַר פּוילישע זלאָטעס, קריגט איר אַלץ, וואָס דאָס מויל רעדט אַרויס!...

— איז דאָך דאָ אַ גן־עדן!

— נישט פאַר יידן.

— א סך יידן דאָ אין לאָדזש?

— אַ ביסל. אָנגעפאָרענע. לאָדזשער — גאַנץ ווייניק. אַלץ זאַמלט זיך היינט אין לאָדזש. מען האָט מורא צו קומען אין די קליינע שטעטלעך. ליטוואַקעס, גאַליציאַנער, וואָלינער — אַלץ זיצט אין לאָדזש. אַ ביסל יידן זענען דאָ אין נידערשלעזיע, עטוואָס אין פּראַגע און דאָס איז אַלץ. דער סך־הכל פון אונדזער פּוילישן יידנטום...

— חורבות! יאָ־יאָ, חורבות...

— דאָ הויבט זיך אָן די יידישע געגנט.

דער אויטאָ האָט זיך פאַרקירעוועט אין אַ חרוב געסל:

— דאָס איז יאַקובאַ גאַס. דאָרטן, ווו די צוויי גרויסע בלאָקן שטייען, איז נומער 16. דאָרט איז דאָס יידישע רעפּאַטריאַנטן־הויז. אַהין פאָרן מיר.

דעם טויער האָט געעפנט אַ יידישע וואַך, מיט ביקסן אויף די אַקסלען. דאָס בחורל וואָס איז געקומען מקבל פּנים זיין קרובה, גיט צו:

— אָט אַזוי, מיט ביקסן מוזן מיר זיך באַוואַכן. סיי ביי טאָג, סיי ביי נאַכט!

— איז אין לאָדזש אויך נישט זיכער?

— ערשט נעכטן האָט מען, דאָ דערנעבן, געפונען די קערפּערס פון דריי דערמאָרדעטע יידן. טאַקע רעפּאַטריאַנטן פון יאַקובאַ 16. אויפן וועג אַהיים, האָט מען זיי געשאָכטן.

איבער דער לענג און ברייט פון גרויסן, ברוקירטן הויף, מיט די בערגלעך און גריבער, טיפע ראַוועס, קאַלוזשעס שמוציק וואַסער און פאַר־גרינטע בלאָטעס, — זענען שוין געלעגן הונדערטער מענטשן. זיי זענען געלעגן מיט זייערע בעבעכעס צעטרענצלטע באַגאַזשן. מוטערס מיט פּיצלעך קינדער, אינוואַלידן און יונגע זקנים.

אין גרויסן בלאָק מיט די ריזיקע קאַזאַרמע־זאַלן, פון וואַנען עס האָט זיך געטראָגן אַ שטיקנדיקער ריח פון פאַרפוילטע שמאַטעס, און דעזינ־פעקציע־פּליסיקייטן, איז שוין קיין פּלאַץ מער נישט געווען. דאָרט זענען

געשטאנען הונדערטער ענג־צוזאמענגערוקטע סאָלדאטסקע בעטלעך, מיט צעריסענע שעניקס און קויטיקע קאָצן, באַשאָטן מיט ווייסן און געלן דעזינפעקציע־פודער. אויף די שמאָלע זעלנער־בעטלעך איז מען שוין געלעגן צו צוויי. — זענען די פריש־געקומענע געבליבן צווישן די שטינקענדיקע קאַלוזשעס אויפן גרויסן, רוישיקן הויף.

צווישן עולם רופט מען אויס נעמען, מען שרייבט אין רעגיסטראציע־ליסטעס, מען טיילט שפייז־קארטן און מען פרעגט זיך אויף לאנדס־לייט.

— צי האָט איר נישט געטראָפן מעזריטשער?

— צי זענען דאָ פאַראַן כעלעמער?

— צי ווייסט איר נישט פון ביאַלער?

— ווו געפינען זיך דאָ גאַליציאַנער?

פון צייט צו צייט — אַ פריידיקער קוויטש. אַ היסטעריש געוויין. מען האַלדזט זיך, מען קושט זיך, מען קלאַפט זיך אין פּלייצעס און מען דריקט זיך לאַנג די הענט.

ברוך קאהאן האָט געלאָזן זיין געפּעק אין אַ הויף־ווינקל, נעבן שכנים פון זיין וואַגאָן, און זיך געלאָזן בלאָנקען צווישן דעם טומלדיקן עולם פון גרויסן הויף.

— ווילנער! ווו זענען ווילנער? ווער ווייסט פון ווילנער?

קיינער ווייסט נישט. מען ענטפערט אים מיט פראגן:

— פון וואנען קומט איר? צי האָט איר דאָרט נישט געטראָפן אַ בריסקער?

פלוצלינג האָט אים פאַרבייגעשווינדלט אַ ווייטלעך־באַקאַנט געזיכט. ער איז אַ רגע שטיין געבליבן: ווער קען דאָס זיין? דאַכט זיך אַ ווילנער... יאָ, אַוואַדע א ווילנער!... פון די נישט גאָר־גאָר... באַלד. באַלד... ווי הייסט ער?... אהא! יאָסעלע טרעלבוך!... דער הערשט פון די ווילנער קצבים...

ער דערמאָנט זיך די סקאַנדאלן אויף יאטקע־גאַס, די געשלעגן אויף דער גלעזער־גאַס, די מהומות אויף דער יידישער גאַס, אויפן שול־הויף. די קצבים האָבן זיך מיט מעסערס געשניטן. נאָר יאָסעלעס בליק איז געווען שאַרפער פון אַ מעסער! די גאַנצע אונטערוועלט האָט פאַר אים געציטערט! אָבער ווען פוילישע סטודענטעלעך האָט זיך אַמאָל פאַרגלוסט צו מאכן אַ שטיקל פּאָגראָם אויף יידן, האָט ער מיט זיינע לייט, זיי ווי געהעריק די ביינער געבראָכן!...

פון דעסטוועגן איז ברוך, מיט אַ ווידערווילן, צו אים צוגעגאנגען:

— דאַכט זיך, אַ ווילנער?...

— יע, אַ ווילנער... ווער ביזטו? אוי! — האָט זיך יאָסעלע אַ כאַפּ געטאָן — שטיי נאָר! זע נאָר, ווארט נאָר... איך וואָלט געשוואָרן: ברוך קאהאן, פון דער מאנופאקטור־בראַנזשע! זע נאָר, זע... גאָרנישט־ניט געענ־דערט זיך. דער זעלבער ברוך מיט די מאַרך־ביינער!... ווען ביזטו געקומען?

— מיט צען מינוט צוריק...

— נו, — האָט ער א מאַך געטאָן ביטולדיק מיט דער האַנט — האָסטו

דאָך שוין דיין ווייב מיט דער טאָכטער נישט געטראָפן. סלימאזל דו! ביז מיט אַ וואָך צוריק זענען זיי דאָ געווען. מילא מאַטילדא, ווייסטו דאָך שיים מסתמא?...

— וואָס?

— נו... מאַטילדא, ווי מאַטילדא... — האָט יאָסעלע כיטרע אַ קוק געטאָן אויף ברוכן און זיך באַלד צוריקגעכאַפּט — נאָר אַ טאָכטער האָסטע, אַ קראַסאַוויצע... דאָס אמתע בעמבעקועלע...

— ברוך האָט דערפילט דעם ערשטן שניט אין האַרצן, אויף וואָס ער האָט זיך שוין יעדנפאַלס געריכט. ער האָט איצט אויך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז נאָר אַן אַנהויב...

— ווו זענען זיי איצט?

— אין בייערן. ערגעץ ארום מינכען. זי איז יענער קאַזאַק, מאַטילדא... אהא! אַ פויגל!... געמאַכט דאָ ריזיקע געשעפטן! געפאָרן עטלעכע מאָל איבער דער גרענעץ און געפירט גרויסע טראַנספּאָרטן סחורה הין־און־צוריק. אַ שטיק גאָלד האָט זי, די יידענע... מען שאַצט איר גאָר ־ גאָר... זי פאָרט און די טאָכטער — מיט איר. די קאַלב גייט נאָך נאָך דער קו...

ברוך האָט נישט געוווּסט, ווי ווייטער צו פירן דעם שמועס מיט יאָסעלען. ווי זאָל ער אים פרעגן? ווי זאָל ער פאַרשן? — האָבן זיך די ווערטער געפּלאָנטערט אין זיין מויל און דאָס פּנים האָט, יעדע ווײַלע, געענדערט דער קאָליר.

— איז... ווי האַנדלט זי, מאַטילדא? כ׳מיין ווער העלפט איר צו?...

— נו, דו ווייסט דאָך... מיט אים... מיט שמעלקען. קענסט דאָך שמעלקען פון דער קאַנאַליזאַציע... זיין בונקער האָט ער זיך דאָך טאַקע געמאַכט אין דער קאַנאַליזאַציע. ווייסט ווו? אונטערן סאמע טיעליאטניק!... אַנדערהאַלבן יאָר איז ער דאָרטן אָפּגעזעסן מיט מאַטילדען און מיט דער טאָכטער. דאָרט, אין דער געסרוכע, האָבן זיי געלעבט ביז צו דער באַפרייאונג... וואָס אמת, איז אמת. מען מוז מודה זיין: ער, שמעלקע האָט דאָך זיי געראַטעוועט, מאַטילדען מיט דער טאָכטער. נו, און איצט.. איז האַנדלען זיי...

יאָסעלע טרעלבוך האָט נאָך לאַנג גערעדט, נאָר ברוך קאַהאַן האָט אים שוין לאַנג נישט געהערט... זיינע בליקן האָבן געשוועבט ערגעץ ווייט־ווייט און אין די אויערן האָט כסדר געקלונגען: „שמעלקע“... שמעלקע קאַנאַליזאַטאָר... שמעלקע מיט מאַטילדען... אין אַ בונקער אנדערהאַלבן יאָר, שמעלקע מיט מאַטילדען...“ — — —

ער געדענקט נישט, ברוך, ווען ער האָט זיך מיט יאָסעלע טרעלבוכן געזעגנט, צי ער האָט אים די האַנט געגעבן, און וואָס ער האָט אים געזאָגט. שמעלקע איז אים נאָר געשטאַנען פאַר די אויגן. שמעלקע דער קאַנאַליזאַטאָר, פון וועמענס צעפוילטע קליידער עס האָט שטענדיק געשטונקען דער ברודיקער קאַנאַליזאַציע־אָפּפלוס.. שטענדיק פאַרשמירט פון קאָפּ, ביז די פיס, מיט די געצייג אין די הענט. אָבער איצט זעט אים, ברוך, ווי אַן אויפגעקומענעם גביר, אַן אויסגעפּראַנטעוועטן, מיט אַ בייכל, מיט סיגנעטן

אויף די הענט... ער האָלט מאַטילדען אונטערן אָרעם, ווינקט צו אים מיט אַן אויגל און שטעקט אים אַרויס אַ לאַנגע צונג...

אַן איבעריקער אויף דער וועלט. נאָך עלנטער ווי אין וויַיטן, פאַר־וואָרפענעם טאַשקענט, האָט ער זיך דאָ איצט געפילט אין היימישן לאָדזש. ווער דאַרף אים דאָ? און ווער דאַרף אים ערגעץ אַנדערש? נאָכוואָס איז ער געקומען אַהער? צי וואָלט דען נישט גלייכער געווען, ווען ער וואָלט זיך דאָן געזעצט אויפן פורל, מיט דער אָרעמער קרובה פון ספעקוליאַנט און אַוועקגעפאָרן אין קיבוץ? נאָכוואָס האָט ער בכלל איבערגעלעבט די מלחמה, ווען אַזויפיל מיליאָנען יידן זענען אומגעקומען? ער האָט דאָך עס געמעגט פאַרשטיין... פון זיסעלעס בריוו געדאַרפט אַרויסדרינגען!

און פון דער אַנדערער זייט: ווען מאַטילדא וואָלט נישט געווען, ווי אַנדערע מיליאָנען זענען נישטאָ, וואָלט אים דען געווען לייכטער?... אָט זאָל ער זיך זאָגן: זי איז נישטאָ! זי עקזיסטירט נישט פאַר אים. עס האָט זיך נאָר געראַטעוועט זיסעלע אַליין, זיסעלען מוז ער דאָך זען. ער מוז דאָך זיין קינד צודריקן צום האַרצן, אומאַרעמען און אויסקושן!...

— ווו ביזטו, זיסעלע, מיין קינד?! וואָס באַדייטן דיינע בריוו? — —

די שכנים פון זיין וואַגאָן האָבן פון דער וויַיטנס געזען, ווי ער ליגט אויף זיין געפּעק, נעבן רינשטאָק, און כליפּעט. לאַנג, לאַנג האָבן זיי נישט געוואַגט אים צו שטערן. אָבער אין אָוונט האָבן זיי שוין גענומען צושטיין צו אים:

— עסט עפּעס, פּאַניע קאַהאַן...

— טרינקט כאָטש אַ טעפּעלע וואַרעמס...

— אַ מענטש טאָר זיך אַזוי נישט אַפּלאָזן!...

— עס איז אַלעמענס אומגליק, אַלעמענס בראָך! יעדער איינער האָט אַ לאָך אין האַרצן און אין דער נשמה! דאָס גאַנצע פּאָלק אונדזערס, איז אַ פּאָלק פון אבלים, פון אלמנות און יתומים! אָבער מען מוז זיך האַלטן! מען מוז זיך שטאַרקן. צרות רבים, חצי נחמה...

— איר זענט דאָך נישט קיין יידענע, פּאַניע קאַהאַן...

און רוזשעלע, די שוועסטער פון דעם לאָדזשער אַדוואָקאַט, איז אויך נישט אָפּגעטראָטן:

— איר זענט דאָך נישט קיין פאַרפוילט עפּעלע... אַ יונגער, געזונטער מענטש!... איר וועט נאָך שטיין אויף די פיס און מאַכן אַ לעבן... נעמט זיך אין די הענט...

— ריכטיק! — האָט איר ברודער צוגעגעבן — מען מוז אַלץ פאַר־געסן! מיר הויבן אָן פון אָנהויב אָן, ווי עס וואָלט ביז איצט גאָרנישט גע־ווען! אַזוי־ווי דער דור פון נאָכן מבול!...

יעדער איינער האָט געפּרווט אויף זיין אופן. יעדערער האָט געפילט פאַר זיין פליכט צו טרייסטן ברוכן אויף זיין שטייגער, מיט זיין שפּראַך און שכל. דערביי האָט מען אַליין פאַרלאָרן אַ טרער און זיך אַליין גע־טרייסט.

ברוך האָט זיך געלאָזן צוריידן. ער איז באמת א ביסל געטרייסט געוואָרן מיט די האַרציקע רייד פון די פשוטע מענטשן, וועלכע האָבן נישט ווינציקער געליטן פאַר אים און נישט ווינציקער פאַרלאָרן.

ער האָט געבראָקט אַ סוכאריק אין טעפּל וואַרעמס, געשליוכצט און געהאט אַן אויסזען, ווי אין טאַשקענטער טשייכאנא, ביי דער פיאלע גרינעם טיי, ווען זיין חבר ישראל וואַגלער האָט אים געלייענט דעם ערשטן בריוו פון זיין טאָכטער..

.12

צומאָרגנס גאַנץ פרי, האָט ברוך קאהאן זיך געגרייט צו פאָרן קיין ביאליסטאָק. כאָטש געוויר צו ווערן עפּעס וועגן זיינע עלטערע צוויי קינדער. אָבער אין שטאָט האָבן אים יידן אָפּגעהאלטן:

— עס איז אַ משוגעת, איצט צו פאָרן זוכן דעם נעכטיקן טאָג! איצט?! נעכטן ביינאַכט האָט מען דאָך אָפּגעשטעלט דעם צוג אויף דער ליניע וואַרשע־ביאליסטאָק, אַרויסגעשלעפּט אַלע יידן און זיי צעשאָסן פאַר די וואגאָנען!

און שפּעטער אַ ביסל, האָט זיך איבער לאָדזש פאַרשפּרייט די גרויליקע ידיעה:

— אין קיעלץ איז אַ פּאָגראָם!

— ארום פופציק טויטע זענען שוין דאָ!

— די צאָל קרבנות וואקסט!

— אָן אַ שיעור פאַרוווּנדעטע!

— דער פּאָגראָם צעפּלאקערט זיך איבער דער גאַנצער קיעלצער וואָיעווודשאַפט! עס איז אַרויסגעשיקט געוואָרן מיליטער און זיי געבן זיך נישט קיין עצה!

— מען זאָגט, אַז דאָס פּוילישע מיליטער אַליין שיסט אין יידן, וועלכע לויפן זיך ראַטעווען. זיי אַליין פּאָגראָמירן!

— נ. ק. וו. ד., זאָגט מען, קומט צו הילף, דערשטיקן דעם פּאָגראָם!

די שטימונג ביי אַלע לאָדזשער יידן איז אַ געדריקטע, אַ נערוועזע. מיט וועמען ברוך קאהאן רעדט, דער קלייבט זיך אַוועקצופאָרן. יעדע שעה קומען אָן גרויליקערע ידיעות פון קיעלץ. די פּאַניק וואַקסט פון מינוט, צו מינוט. כוואליעס יידן לאָזן זיך צו דער דייטשער גרענעץ, ריזיקירנדיק אויפן וועג מיטן לעבן.

פון אָנהויב אָוונט אָן, זענען די לאָדזשער גאסן ריין פון יידן. מען זיצט פאַרהאַקט אין די הייזער און מען הערט זיך צו מיט שרעק צום דרויסן. די וואך ביים טויער אויף יאקובא 16 איז פאַרשטאַרקט. אַלע מענער וואכן. ווער מיט געווער, ווער מיט אייזנס, און דרענגער אין די הענט.

— דאָס פּאָרל אַרטיסטן, פון עשאלאָן, פּאקן איבער זייערע זאכן אין רוקזעק.

— פאניע קאהאן, מאָרגן ביינאַכט גייען מיר אַוועק...

— ווי אזוי גייט מען?

— דורך אַן אָרגאַניזאַציע... דורך אַ קיבוץ... מען פאַרשרייבט זיך און מען גייט...

— איך וויל אויך גיין.

— קומט מיט אונדז. מיר וועלן עס שוין מאַכן.

און אין אַ שטאָק־פינצטערער נאַכט, איז ברוך קאהאן מיטגעגאַנגען מיט אַ גרופּע פון דרייסיק מאַן, צום „דוואָרזשעץ קאַליסקי". זיי זענען אַרויס פון אַ קיבוץ־לאָקאַל, ווו אַלע האָבן זיך בייטאָג צוזאַמענגעקליבן, מיט איינציקע רוקזעק אויף די פּלייצעס. מען האָט זיי דאָרט אָנגעזאָגט, אַז אויפן וועג זאָלן זיי צו קיינעם נישט ריידן, נישט אויף פּויליש און נישט אויף אַן אַנדער שפּראַך. און כאָטש ברוך האָט געוווּסט, אַז אייניקע פון די חברה־לייט, וועלכע באַגלייטן זיי, האָבן „שפּייערס" אין די טאַשן, האָט ער דאָך געקוקט מיט צעשראָקענע אויגן אין אַרומיקן חושך. עס האָט זיך אים כסדר געדאַכט, אַז אין די ווינקעלעך פון די פּוסטע, פינצטערע גאַסן, שלייכן זיך פאַרטייערטע שאָטנס...

אויף „דוואָרזשעץ קאַליסקי" האָט ברוך געזען נאָך אייניקע גרופּעס צו דרייסיק מאַן, יידן מיט רוקזעק און צעשראָקענע אויגן... און עס איז אים עטוואָס היימלעכער געוואָרן.

די וואַגאָנען זענען געווען פינצטערע. ווו־נישט־ווו האָט נאָך געפינקלט אַ ברענענדיקער פּאַפּיראָס. אין דער פינצטער, האָט ברוך נישט געזען, ווער זיינע מיטרייזנדע זענען. די דרייסיק מאַן פון זיין גרופּע האָבן זיך ספּעציעל צעשאָטן איבער פאַרשיידענע וואַגאָנען, כדי נישט צו ציען אויף זיך קיין צופיל אויפמערקזאַמקייט.

ער זיצט און שווייגט און הערט זיך צו צו די געשפּרעכן פון די טונקעלע סילועטן. זיי ריידן וועגן פּאָליטיק, וועגן די לעצטע געשעענישן אין לאַנד, וועגן קיעלצער פּאָגראָם, וועגן אויסראַטן די יידן, וועגן רוסלאַנד.

— רוסלאַנד גיט אונדז אַ וואַגאָן יידן און שלעפּט דערפאַר אַרויס טראַנספּאָרטן קוילן...

— זיי מאַכן אַ יקרות אין לאַנד! ווינטער וועט מען דאָ פרירן! אין דאָס טוען אַלץ יידן! דאָס איז יידישע נקמה!

— יידן זענען ווי קאַראַליוכעס: מען פאַרטיליגט זיי, מען פאַרטיליגט זיי, און זיי קריכן ווידער!... נישט פּטור צו ווערן!

— אָבער פּוילן דאַרף איצט שטיין אויף דער וואַך: האָט שוין היטלער איינמאָל אויסגעראָטן די יידן פון אונדזער לאַנד, דאַרף מען נישט דערלאָזן, אַז עס זאָלן אָנקומען פרישע! שניידט מען אויס אַ מכה, מוז מען אָנגעמען פאַרזיכטס־מיטלען, עס זאָל נישט אָנוואַקסן אַ צווייטע.

— איינמאָל פאַר אַלעמאָל: פּוילן אָן יידן! פּוילן פאַר פּאָליאַקן! סוואָי דאָ סוועגאָ! נישט אַזוי? — ווענדט זיך איין סילועט, מיט אַ ביר־שטימע, דירעקט צו ברוכן — בין איך גערעכט?

ברוך שווייגט און דאָס האַרץ ווערט אים צעשפּרונגען פון שרעק.

— דא קאַגאַ פּאַן מו־ווי? — רופט זיך אָן אַ צווייטער — טאָ פּשעטשעזש זשיד!...

ברוך איז דערשטוינט: ווי האָט ער עס אים דערקענט אין דער שטאָק־פינצטערקייט?

— פּשיאַקרעוו! ניע וויעדזיאַלעם! — פאַרענטפערט זיך דער ערשטער. ער דרייט זיך האַסטיק אָפּ פון ברוכן און טרייסלט זיך אָפּ, ווי פון עפּעס עקלדיקס: — בררררר!...

די שרעק ביי ברוכן וואַקסט. אָט באַלד און מען וועט זיך וואַרפן אויף אים און אים דערווערגן אין דער פינצטער! קיינער וועט מאָרגן נישט וויסן, ווו זיין געביין איז אַהינגעקומען. ווער האָט אים געשטויסן צו פאָרן דווקא איצט? געדאַרפט בעסער איבערוואַרטן עטלעכע טעג, אויף יאַקובא 16, ווו עס שטייט ביים טויער אַ שטאַרקע וואַך! איצט איז פאַרפאַלן. זיין גורל איז אין זייערע הענט. וואָס וועלן זיי דאָ טאָן מיט אים?

אָבער אין וואַגאָן איז שטיל געוואָרן. זייער שטיל. פאַרדעכטיק שטיל. אַלע געשפּרעכן — אָפּגעהאַקט. אפשר גרייטן זיי עפּעס? פּלאַנירן עפּעס טייוולשעס? אפשר נעמט מען אַרויס אַ מעסער?! אָבער ער זעט נישט אַפילו, אַז אַ שאָטן זאָל זיך באַוועגן. צי דרימלט מען? יאָ, ער הערט אַ שנאָרכן. דאָס שנאָרכן ווערט שטאַרקער. אַלע שלאָפן... ברוך אַליין איז אויך מיד און דערשעפּט. די אויגן ברענען. די וויעס ווילן זיך צומאַכן. ער וואַגט עס, אָבער, נישט צו טאָן. ווי אַ פאַרפאָלגטע חיהלע, וואָס וואַכט און ווייסט, אַז מען לויערט אויף איר פאַרטייעטערהייט. אָט־אָט וועט מען זיך וואַרפן אויף איר און פאַרצוקן! ער שפּיזט זיינע בליקן אין דעם חושך: ניין, קיין שום פאַרדעכטיקער שאָטן באַוועגט זיך נישט. קיין שום שאָרך...

די רעדער קלאַפּן ריטמיש. דער לאָקאָמאָטיוו פייפט און שמייסט מיט בעזימער ליכטיקע פונקען אין די שוואַרצע שויבן פון וואַגאָן־פענצטער.

פּלוצלינג האָט דער צוג געהאַמעוועט און שטיין געבליבן. אַזוי האַסטיק, אַז דער וואַגאָן האָט אַזש אונטערגעשפּרונגען און אַ וואַקל־געטאָן זיך אומצופאַלן. ווי ער וואָלט אַראָפּ פון די שינעס. די מענטשן זענען גע־פאַלן איינער איבערן אַנדערן און פאַרשלאָפענערהייט, איז נאָך די פּאַניק געוואָרן גרעסער. מען האָט געזוכט אַ טיר, אַ פענצטער, אַרויסצושפּרינגען, און פון צעטומלטקייט, נישט געקענט געפינען. מען האָט געריבן שוועבע־לעך און געשריען. אָבער גאָר גיך האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז קיין קאַ־טאַסטראָפע איז נישט געשען. דער וואַגאָן שטייט גאַנץ. דער צוג איז שטיין געבליבן אַ קילאָמעטער פון אַ גרויסער סטאַנציע, אינמיטן אַ פינצטערן פעלד.

—דא יאַסנעי כאַליערי! כ׳האָב געמיינט אַ קאַטאַסטראָפע!

— צא טאָ יעסט, דאָ ליכי טשענשקיעי?!

— אַ שכורער מאַשיניסט פירט אונדז!

זיי האָבן געשפּיגן און געשאָלטן, געוויכערט און געזידלט.

ברוך האָט זיך, אָבער, צוגעהערט מיט אָנגעשפּיזטע אויערן צום דרויסן... עס איז געווען שטיל. אַ הונט האָט ערגעץ געבילט, אַ האָן האָט געקרייט.

יעדע מינוט וואָס מען שטייט דאָ, איז ביי ברוכן אַן אייביקייט. ער פילט, אַז יעדע סעקונדע פאַרקירצט אים דאָס לעבן אויף אַ יאָר צענדליק. קאַלטע טראָפּנס שווייס האָבן זיך אים צעפּויזעט אונטערן העמד, געביסן דאָס לייב, ווי זלידנע פליגן...

— פאַרוואָס שטייט מען דאָ אַזוי לאַנג? — פרעגט אַ היסטערישע פרויען־שטימעלע אויף פּויליש, מיט נישט קיין ריין־פּוילישן אַקצענט.

— מען זוכט זיכער יידעלעך... — ענטפערט די ביר־שטימע. און ברוכן דאכט זיך, אַז ער ווינקט און ווייזט אויף אים... — און ביי אונדז אין וואַגאָן זענען זיי דאָ — האָט זיך אַ ברייטער, הויכער, מעכטיקער שאָטן אויפגעהויבן און צוגעגאַנגען צו דער טיר.

ברוך האָט געפילט, ווי דאָס האַרץ שטעלט זיך אים אָפּ. עס הערט אויף צו קלאַפּן. עס האָט אים דעם אָטעם פאַרהאַקט און דער חושך איז אַ רגע געדיכטער געוואָרן... אָבער באַלד האָט ער זיך ווידער געשטאַרקט, אויפגעריסן די וויעס און געבליקט צו דער געעפנטער טיר, פון וואַנען אַ פרישׁ קיל ווינטל האָט אַריינגעווייעט.

אין דרויסן איז שטיל. אויסערן געביל פון הונט, הערט מען נישט קיין טריט און קיין שאָרך...

ענדלעך האָט דער לאָקאָמאָטיוו אַ פייף געגעבן. ביי ברוכן איז דאָס געווען דער פריידיקער שאַל פון שופר של משיח... די שענסטע מוזיק, וואָס ער האָט אין זיין לעבן געהערט... ער האָט אַזש באַקומען אַ ספּאַזמאַטישן שליוקעכץ פון פרייד...

דער צוג האָט זיך לאַנגזאַם גערירט פון אָרט. אין די שויבן האָט אָנ־געהויבן צו גרויען. ברוך האָט שוין אונטערגעשיידעט די געשטאַלטן און די „סימפּאַטישע" געזיכטער.

אויף דער נעכסטער סטאַנציע, זענען אַלע פּאָליאַקן פון דעם וואַגאָן, אַויסגעשטיגן — געבליבן זענען נאָר עטלעכע יידן. ברוך האָט גאָרנישט געוווּסט פריער, אַז נאָך יידן זענען דאָ אין וואַגאָן. ער איז זיכער געווען, אַז ער איז איינער... ער האָט גענומען באַטראַכטן דעם עולם און באַמערקט, ווי אַ פרוי ליגט פאַרחלשט און אַ שלאָפנדיק זויג־קינד גליטשט זיך איר אַרויס פון די הענט. ער האָט עס קוים דערכאַפּט.

— וואַסער!

מען האָט איר געשפּריצט אין פּנים, געגאָסן אין מויל און אין בוזים אַריין. בשום אופן נישט געקענט צעעפענען איר די פאַרהאַקטע ציין. האָט איר איינער געפּאַטשט אין די באַקן אַזוי לאַנג, ביז זי האָט אָנגעהויבן פּי־בערן, ווי בעת אַ טראָפּישער מאַלאַריע. דריי מענער האָבן איר געמוזט צו־האַלטן און א פערטער האָט געהאַלטן דאָס קינד, וואָס איז רויט געוואָרן פון רייסן זיך און קייכן.

אַ צווייטע פרוי האָט באַקומען ספּאַזמען, זיך געריסן די האָר פון קאָפּ און מיט די נעגל, ביז בלוט, זיך געשונדן די הויט פון פּנים. אַ דריטע פרוי, אַן אַנטרונענע פון דער קיעלצער שחיטה, מיט אַ געל־געשוואָלן פּנים און טונקל־בלויע טאָרבעס אונטער די אויגן, מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירטן קאָפּ און האַלדז, איז געזעסן ווי אַ משוגענע, אין אַ ווינקל איינגעקאָרטשעט. אירע צוויי גרויסע, פאַרווירטע שוואַרצאַפּלען האָבן זיך איר געריסן, ווי קראָען, פון די אויגן־לעכער אַרויס.

פיר מענער זענען געשטאַנען בלייך, ווי אַראָפּגענומענע פון תליות. קיין וואָרט האָט איינער נישט אַרויסגערעדט צום אַנדערן, ווי פאַרשטומטע. אַפילו די צוויי־דריי־פיר־יעריקע יינגעלעך האָבן געוווסט, אַנגסטיק צו גלאָצן מיט די אויגעלעך און שווייגן...

אַרום אַכט אַזייגער אינדערפרי, איז דער צוג אָנגעקומען קיין שטשעטשין.

## .13

אַרויסגייענדיק פון באַן־הויף, האָט זיך ברוך קאַהאַן צונויפגעטראָפן מיט זיין גאַנצער גרופּע. אַלע זענען געווען בלייך, דערשעפּט און צעטומלט. אַרום פינף גרופּעס זענען געווען צו דרייסיק מאַן. קיין קלאַנג פון קיינעמס מויל איז נישט געפאַלן. מען האָט זיך נאָר פאַרשטענדיקט מיט די בליקן. איין גרופּע האָט זיך אויסגעטיילט פון אַלע אַנדערע, מיט איר גאַנצן אויסזען: צעריסענע קליידער, פאַרבאַנדאַזשירטע קעפּ, געגיפּסטע הענט און פיס. און ווו נישט ווו, מיט פאַרטריקנטע ברוינע בלוט־פלעקן. קיינער האָט עס נישט געזאָגט, נאָר אַלע האָבן געוווסט: פּליטים פון קיעלצער פּאָגראָם!

עטלעכע בחורים פון שטאָט זענען געקומען מקבל פּנים זיין. זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט:

— מיר זענען פון דער בריחה... האַלט זיך נישט גרופּנווייז... צעשיט זיך איינציקווייז און קומט נאָך אונדז...

האָט מען זיך צעשאָטן איינציקווייז, מיט די רוקזעק אויף די פּלייצעס, זיך דערווייטערט, ווי איינער וואָס קען נישט דעם אַנדערן און האָט מיט אים קיין שייכות נישט... פון דער ווייטנס האָט מען זיך נאָר, מיט די בליקן, פאַרשטענדיקט וועגן דער ריכטונג, וווהין צו גיין.

שטשעטשין איז, זעט אויס, אַמאָל געווען אַ גרויסע שטאָט. וואַרשע איז אַמאָל אויך געווען אַ שטאָט... אין וואַרשע זענען היינט נישטאָ קיין יידן און אין שטשעטשין זענען היינט שוין נישטאָ קיין דייטשן. חורבות זענען אומעטום די זעלבע. די בחורים פון דער בריחה דערציילן ברוכן, וועלכער האַלט זיך פאָרט נענטער צו זיי, אַז ענגליש־אַמעריקאַנער באָמבאַרדירער האָבן דאָס „צורעכטגעמאַכט" גאַנץ שטשעטשין אין משך פון קנאַפּע פערציק מינוט!... אָט דער עיפּושדיקער אַוער, וואָס טראָגט זיך פון צווישן די חורבות און פאַרסמט די לופט, איז פון טויזנטער דייטשן וואָס זענען

דאָ פאַרשאָטן געוואָרן. אַז עס איז גאָרנישט מעגלעך זיי אַרויסצורייסן! ליגן זיי דאָרט, די דייטשעלעך, און שטינקען!... עס קען דערפון אַן עפּי־דעמיע ווערן, נאָר ווער זאָל זיך דערמיט פאַרנעמען?...

אין קיבוץ, אויף לאַקעטקע גאַס, האָט מען די ניי־געקומענע דערוואַרט מיט פרישטיק. ברוך האָט, אַן אָפּגעפרישטער אונטער אַ קאַלטן דוש, באַ־קומען אַ ווילדן אַפּעטיט, ווי ער וואָלט אָפּגעפאַסט אַ לאַנגן יום־כיפּורדיקן טאָג. נאָכדעם האָט ער זיך צוגעשפּאַרט כאַפּן אַ דרימל און... פאַרשלאָפן דעם מיטיק, פאַרשלאָפן דעם אָוונט־ברויט און האָט זיך ערשט אויפגעכאַפּט צומאָרגנס, אַרום זעקס פאַרטאָג. ער האָט זיך געריבן די אויגן און נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס מיט אים איז דאָ פאָרגעקומען און זיך בשום אופן נישט געקענט דערמאָנען, ווו ער געפינט זיך...

פון זיבן אַזייגער אָן, האָט עס אין קיבוץ אָנגעהויבן זשומען, ווי אין אַ בינשטאָק. ברוך האָט געזען, ווי מען לויפט אַרום נערוועז און מען סודעט זיך. שפּעטער האָט ער זיך דערוווסט, אַז אויף אַלע הייזער פון שטשעטשין, ווו עס וווינען יידן, איז היינטיקע נאַכט אויפגעשריבן געוואָרן, מיט קרייד, **דריי בוכשטאַבן:** .T. M. Z מען האָט עס אויסגעטייטשט. טו מיעשקאַיאַן זשידזשי. דאָ וווינען יידן. הייסט עס, אַז דאָ גרייט זיך אַ קיעלצער שחיטה! דאָס איז אַ סימן, אַז מען דערוואַרט באַנדעס פון דער פרעמד און פאַר זיי איז דאָס דער צייכן, אַז זיי זאָלן לאַנג נישט דאַרפן זוכן, נישט בלאָנדזשען: ט. מ. זש. — דאָ וווינען יידן!

די קיבוצים האָבן פאַרשטאַרקט די וואַכן. פאַרשטייער זענען געלאָפן „ווו מען דאַרף" און „ווו מען קען". אַפילו צום סאָוועטישן גרענעץ־פּאָסטן. מען האָט געקלונגען און טעלעגראַפירט און געשיקט אַ שליח מיט אַן עראָפּלאַן קיין וואַרשע.

דעם זעלבן אָוונט זענען אָנגעקומען פאַרשטאַרקטע אָפּטיילונגען מי־ליטער און פּאָליציי, וועלכע האָבן פּאַטרולירט מיט געלאָדענעם געווער. זיי האָבן זיך קאָנצענטרירט אין די ראָגן פון יידישן קוואַרטאַל און קאָנטראָ־לירט יעדן... יידישן דורכגייער.

די נאַכט איז אַריבער „רוהיק". און צומאָרגנס באַגינען, איז שוין ברוך געזעסן אין אַ פול־געפּאַקטן לאַסט־אויטאָ, מיט אַ פּלאַנדעקע פאַר־דעקט, ווי געשמוגלטע גענדז. זעכציק מאַן מיט קינדער און געפּעק צוזאַ־מענגעדרענגט, נישט צום זיצן, נישט צום שטיין און נישט צום הענגען... די זון האָט געברענט, געהיצט די פּלאַנדעקע. און לייבער האָבן געפּאַרעט און זיך געקאָכט אין אייגענעם שווייס. ברוכן האָט נאָך קיינמאָל אַזאַ דורשט נישט געמאַטערט. אַ קאַסטן מיט אַ שאַרפן קאַנט איז אים געלעגן אויף אַ פוס, נאָר דעם ביין איבערצוברעכן. ער האָט געקריצט מיט די ציין, פאַר־קוועטשט די אויגן פון ווייטיק און געשוויגן...

ווען די בחורים פון דער בריחה האָבן אריינגעשריען:

— די קליינוואַרג זאָל מען די מיילער פאַרשטאָפּן אויף אַ האַלבער שעה! —

האָט ברוך פאַרשטאַנען, אַז מען איז שוין אויף דער גרענעץ.

די עופּהלעך זענען נאַס געווען, אָפּגעצוואַגן. די קערפּערלעך — רויט, צעפּרייעט. מוטערס האָבן זיי געשטופּט די נאַסע ברוסטן אין די מיילעכלעך אַריין און צוגעדריקט פעסט צו זיך...

איין פרוי האָט געחלשט. קיין וואַסער איז נישט געווען. שרייען טאָר מען נישט, וואָס טוט מען מיט איר?

א צווייטער פרוי איז עס איינגעפאַלן:

— אורין!

מען האָט די פרוי פאַרשטעלט אַ מינוט, און באַלד האָט זי אָפּירדער־לאַנגט אַ טעפּעלע וואַרעם אורין, וואָס מען האָט געגאָסן דער געחלשטער אויפן פּנים. ווען די געחלשטע האָט געעפנט די אויגן, האָט זי אַ כאַפּ־געטאָן דאָס טעפּעלע און אויסגעטרונקען דאָס איבעריקע...

— איר קענט שוין אויפמאַכן די פלאַנדעקע!... — האָבן די בחורים פון דער בריחה פריילעך אַריינגעשריען, פון דער שאַפערקע — מיר זענען שוין איבערגעקומען!...

— אוי! חיבוט־הקבר איז דאָך נישט אַזוי שרעקלעך איבערצוקומען! — האָט אַ יידענע אָפּגעקרעכצט. — קינדער האָבן איז דאָך שוין לייכטער איבערצוקומען!

— איז איצט קענט איר שוין אָנהויבן צו קינדלען, מומעשי... — האָט אַ יונגערמאַן געשפּאַסט.

— אַפילו ווען איך וואָלט נאָר געקענט — ענטפערט די יידענע — דאַרף מען דאָס שוין אויך נישט. ווי מעגן דאָס הײנט יידן האָבן קינדער? זיי זאָלן זיך מאַטערן ווי די, דאָ? — ווייזט זי אויף די פאַרשמאַכטע פּי־צעלעך, וואָס זויגן נאָך אַלץ די נאַסע, אויסגעווייקטע טאָרבעס פון די פאַרשמאַכטע מאַמעס. — אַ רציחה איז הײנט פון די יידן, צו האָבן אַ קינד!

מען האָט צעעפנט די פלאַנדעקע. דער פרישער ווינט האָט אַלעמען אָפּגעמינטערט. מענער האָבן זיך שוין אָנגעהויבן ווילצלען, פרויען האָבן שוין געלאַכט און זיך געשפּילט מיט די אָטכייקעטע, שמייכלענדיקע קינ־דערלעך.

— זיי זאָלן נאָר קיין לונגען־ענטצינדונג נישט קריגן!

אַפילו ברוך האָט שוין מער נישט געפילט דעם שאַרפן קאַנט פון קאַסטן, אויף זיין פאַרחלשטן פוס...

דער לאַסט־אויטאָ האָט זיך איצט געגליטשט אויף דער אויטאָסטראַדע שטשעטשין ־ בערלין.

**14.**

אין לאַגער שליאַכטענזע, איז ברוך קאהאַן אָפּגעוועזן דריי וואָכן. ער האָט זיך דאָ געטראָפן מיט ווילנער יידן און באַקומען פון זיי דעם זעלבן

גרוס, וואָס פון יאָסעלע טרעלבוכן, אין לאָדזש, אויף יאַקובא 16. עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז אַלע ווייסן אַ סך מער, ווי דאָס וואָס זיי זאָגן אים... זייער שמייכעלע איז אים אויסגעקומען פילדייטיק... אַזוי שמייכלט מען, מן־הסתם, איבער אַ מאַן, וועלכער טראָגט הערנער... אָבער נאָך ערגער האָט ער זיך געפילט, ווען ס'האָט זיך אים געדוכט, אַז מען באַדויערט אים... אַז מען רעדט צו אים ווייך, ווייל מען וויל אים טרייסטן, אַרויס־ווייזן מיטגעפיל, רחמנות... דאָ האָט ער פשוט נישט געוווסט, וואָס צו מאַכן מיט זיך, ווו זיך אַהינצוטאָן.

מיט אַלע כוחות האָט ער זיך געוואָלט אַרויסרייסן פון בערלין, ענדלעך שוין קומען אויף אַן אָרט און זען אַלץ מיט די אייגענע אויגן. אַהער, אָדער אַהין — אַן ענדע זאָל עס נעמען! ער וועט ריידן מיט זיי, ס'וועט אים אַלץ קלאָר ווערן און ער וועט וויסן, ווו ער האַלט אין דער וועלט, און ווי ער דאַרף זיך ווייטער איינאָרדענען אין לעבן.

אָבער פון בערלינער לאגער שליאכטענזזע, איז נישט לייכט זיך אַרויסצוקריגן. אויסער דעם, וואָס מען מוז ווידער דורכפאָרן די גרענעצן פון דריי זאָנעס, ביז בייערן, גייען בכלל די טראַנספאָרטן זעלטן און באַגרע־נעצט. און מענטשן, אין די הונדערטער, וואַרטן שוין וואָכן לאַנג אין דער ריי.

שליאכטענזזע האָט ברוכן געשטיקט. ער האָט קיין אויסוועג נישט געזען. און נאָך דריי וואָכן, האָט זיין געדולד געפּלאַצט. ער איז דאַן אַרויס, אין אַ פרימאָרגן, אויפן גרויסן פלאַץ, ווו מען האָט געלאָדן אין אויטאָס אַריין מענטשן, און האָט זיך אַרויפגעכאַפּט. אריין אין אויטאָ און נישט געוואָלט אַרויס:

— נאָר אַ טויטן וועט איר מיך אַראָפּנעמען פון דאַנען!

מען האָט מיט אים גאָרנישט געקענט מאַכן.

אַנדערהאַלבן מעת־לעת האָט ער זיך אָפּגעהאָצקעט אין מאַשין, אויף דער אויטאָסטראַדע בערלין - מינכען. און אין אַ שפּעטער אָוונט־שעה איז דער אויטאָ פאַרפאָרן צו דעם טויער מיטן ווייס־בלויען טראַנספּאַרענט פון יידישן ד. פ.־לאַגער אין שטעטעלע ברענץ.

צוליב דער שפּעטער שעה, האָבן אַלע פריש־געקומענע געמוזט נעכ־טיקן אין גרויסן זאַל פון דער לאַגער־פאַרוואַלטונג. דער וווינונגס־פאַר־טיילער האָט זיי צוגעזאָגט: מאָרגן גאַנץ פרי, וועט ער זיי איינאָרדענען אין באַזונדערע וווינונגען.

דערווייל האָט דער וווינונגס־פאַרטיילער, פאַנאַנדערגעטיילט קאַצן, ברויט, מאַרמעלאַד און הייסע שיסעלעך קאַקאַאָ. נאָכן נאַכטמאָל, האָט ער דורכגעפירט אַ רעגיסטראַציע פון אַלע געקומענע און פאָרגעלייגט, צו לייגן זיך רוען, נאָך דער שווערער רייזע.

בעתן רעגיסטרירן ברוכן, האָט ער אויף אים אַ מאָדנעם קוק געטאָן און געבעטן צוווארטן, ער האָט מיט אים עפּעס צו ריידן... ברוך האָט זיך שוין קוים דערוואַרט, אַז עס זאָל זיך ענדיקן די רעגיסטראַציע. דער וווינונגס־

פּאַרטײַלער האָט דאָן פּאַרשלאָסן די רעגיסטראַציע־ליסטעס אין אַ שופליאַד און אַ ווונק געגעבן צו ברוכן. זיי זענען בײדע אַרויס אויף דער גאַס.

— איך בין אויך אַ ווילנער... — האָט ער אָנגעהויבן — אײַער אַ געוועזענער שכן. רפאל פרידמאַנס אַ זון... פון דער גאַלאַנטעריע... איר דערקענט מיך נישט. איך בין נאָך דאַן געווען אַ ײנגל... אָבער איך, אײַך, דערקען גוט... איר האָט זיך גאָרנישט געביטן... יאָ, איז וויל איך אײַך זאָגן, אַז אַ סך ווילנער ווױנען דאָ אין לאַגער. אפשר זעכציק פּראָצענט. די גאַנצע לאַגער־פּאַרוואַלטונג באַשטייט פון בלויז ווילנער... מיר וועלן אײַך העלפן אין אַלץ וואָס איר וועט זיך נויטיקן. איר זאָלט זיך נאָר נישט פילן עלנט און געפאַלן. איר זענט צווישן אײגענע. יאָ... מממ... און דער עיקר, איר האָט עמיצן דאָ אין ברענץ...

— וועמען?

— מאַטילדא איז דאָ... אײַער טאָכטער, זיסעלע... איר האָט נישט געוווּסט?...

— ניין. ס׳הייסט געוווּסט, אַז אין בײערן — האָט ברוך געשטאַמלט — אָבער נישט געוווּסט גענוי, אין וועלכן לאַגער... הייסט עס, זענען זיי דאָ... נו, ווי האָב איך געקאָנט וויסן? כ׳קום דאָך פון יענער וועלט... פון איבער אַזויפיל גרענעצן! הייסט עס, זענען זיי גאָר דאָ?... הם...

— הער, אַ צופאַל! גאָרנישט געוווּסט און פּונקט אַרײַנגעפאַלן אין דעם לאַגער! יאָ, הם... — האָט זיך דער יונגערמאַן געקווענקלט — נישט אַלץ איז אַזוי גלאַטיק... כ׳מיין בכלל אין לעבן איז אַלץ אַזוי מאָדנע... אָבער ס׳איז גלײכער...

— וואָס איז גלײכער?

נו, איר וועט זיך זען מיט אײַערע... און ווי עס זאָל נאָר נישט זײַן, זענט איר צווישן אײגענע!...

— וואָס מאַכן זיי?

— זיי ווױנען דאָרט, אין יענעם ראַגאַוון הײזל מיט יענע דרײ פּענצטער, איר זעט?... אונטן האָבן זיי אַ שפּײַז־געוועלבל.

— ווער ווױנט דאָרט אַלץ?

— נו, מאַטילדאַ, זיסעלע, מיט... שמעלקען... איר האָט דאָך געקענט שמעלקען, דעם קאַנאַליזאַטאָר? אויך אײַערער אַ געוועזענער שכן...

— הם... אַזוי זענען מיר אויס!... — האָט ברוך ווייטיקדיק געשמײכלט.

— נעמט זיך נישט איבער, פּאַניע קאַהאַן. אַזעלכע זאַכן זענען הײַנט בײַ אונדז אַ טאָג־טעגלעכקייט...

— נו, גוט! כ׳וועל פאָלגן אײַער עצה און זיך נישט איבערנעמען!... — האָט ברוך נאָך געפּונען כּח צו וויצלען זיך.

— נו, איך זע, אַז איך זענט מיד. דאָס איבעריקע וועלן מיר שוין מאָרגן ריידן. גייט רוט זיך אויס. איך וועל מאָרגן זען, אויב איר וועט וועלן, אויב איר וועט דאַרפן... כ׳מיין, אויב עס וועט אײַך אויסקומען...

פאַרשטייט מיר נישט צום שלעכטן... וועל איך אייך צוטיילן אַ גוטן צימער!...

ברוך האָט דערפילט, ווי עפּעס אין די געדערים, האָט זיך אים איבער־געדרייט, ווי עפּעס אַ לעבעדיקס וואָלט דאָרטן אַ שפּרונג געטאָן. ער האָט נאָך עפּעס געוואָלט ריידן און נישט געקענט. עפּעס האַרטעס איז אים שטיין געבליבן, ווי אַ נוס אין האַלדז, נישט אַראָפּצושלינגען.

— איך וואָלט זיי גערן געגאַנגען אָנזאָגן... איז ווי מיינט איר?... די טאָכטער וויל דאָך אייך געוויס זען!... אָבער זיי שלאָפן שוין פון לאַנג. זאָל איך זיי וועקן?...

ברוך האָט קוים איבערגעדרייט די שווערע, ווי לעדער טרוקענע צונג:

— נביין, ססס׳לוינט נישט... זזזאָל זזזי שלאָפן, מיין טאָכטער... אַ שאָד צו וועקן....

— נו, גוט. וועל איך זיי מאָרגן פאַרטאָג אָנזאָגן. איי, בענקט זי עס נאָך אייך זיסעלע!... אַ שענהייט איז זי, קיין עין־הרע, אַ מלאך פון הימל!... אז איר וועט איר זען, וועט איר נחת האָבן... נו! — זענען זיי שטיין גע־בליבן ביי אַ ראָג פון אַ פינצטער לאַגער־געסל — דאָ וווין איך. איך מוז שוין, ליידער, גיין שלאָפן. אַ סך אַרבעט אין דער פאַרוואַלטונג! נישטאָ קיין רו, נישט בייטאָג און נישט ביינאַכט! אלזאָ נאַכאמאָל: טראַכט נישט קיין סך אַריין און נעמט זיך גאָרנישט צום האַרצן. מאָרגן איז אויך אַ טאָג פון גאָט... באַלד אין דער פרי וועלן מיר זיך זען.

זיי האָבן זיך געדריקט די הענט און זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען. ברוך האָט זיך געלאָזן גיין אין דער ריכטונג, צו דער לאַגער פאַרוואַלטונג, ווו ער האָט היינט צו נעכטיקן, צוזאַמען מיט די איבעריקע, אין גרויסן זאַל. אין מיטן וועג, אָבער, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, זיך אַרומגעקוקט, צי קיינער זעט נישט, און זיך פאַרקירעוועט צום אָנגעוויזענעם ראגאוון הייזל מיטן שפּייז־געוועלבל... עס איז פינצטער געווען אין אַלע שויבן. דאָס גאַנצע הייזל איז געשלאָפן.

„דאָ וווינען זיי... זיסעלע, מאַטילדא, מיט שמעלקען... — האָט ער געמורמלט צו זיך אליין — איך עקזיסטיר נישט. אויף דער וועלט נישטאָ... געשטאָרבן! און אָט דאָ וווינט מיין אלמנה מיט איר צווייטן מאַן, מיט שמעלקען... אויף אַ שמעלקע האָט זי מיר פאַרביטן! קען זיין, אַז פּונקט איצטער איז זי אים אַ ווייב, שמעלקען... פּונקט איצטער, ווען איך שטיי אינדרויסן, ווי אַן עלנטער בעטלער ,ווי אַ הונט! שמעלקע שמעקט דעם אראמאט פון איר קערפּער, פילט איר וואַרימקייט, איר ווייכקייט, איר צערטלעכקייט... ער גלעט אירע האָר, אירע בריסטן און זי איז גוט צו אים, געטריי און איבערגעגעבן... זי קושט אים... און זי ווייסט גאָרנישט, אַז איך שטיי אונטער אירע פענצטער, אין דרויסן... אויב איך וועל דאַרפן, אויב עס וועט מיר אויסקומען... וועט מיר די לאַגער־פאַרוואַלטונג צוטיילן אַ באַזונדערן צימער... מיר, נישט שמעלקען!"

עס האָט זיך אים געדוכט, אַז ער זעט אַ פלעמעלע אין פענצטער, ווי

מען וואָלט דאָרט, אין צימער, אַ שוועבעלע אָנגעצונדן... אַז אַ שאָטן האָט זיך אַ באַוועג געטאָן... און אַ געדאַנק איז אים דורכגעלאָפן דורכן מוח:

„אפשר איז עפּעס, חלילה, מיט זיסעלען? אפשר, חלילה, קראַנק? שמעלקע דרייט זיך אַרום איר, דערלאַנגט איר אַ טרונק, לייגט צו אַ קאָמ־פּרעס... אפשר שטעלט מען באַנקעס?! שמעלקע פאַרנעמט זיך דערמיט... און איך, דער טאַטע, שטיי אין דרויסן! איך האָב אַפילו נישט קיין רעכט אַריינצוגיין, איבערצוּוועקן, שטערן „פרעמדע מענטשן" אין זייער אינטימען פאַמיליען־לעבן! — האָבן זיך שטראָמען הייסע טרערן צעפּלייצט איבער זיינע באַקן — „נאָכוואָס האָב איך איבערגעלעבט די מלחמה און צוריקגע־קומען פון ווייטן מיטל־אזיע! צו שטיין ווי אַ טרעמפּ אינדרויסן און נישט קענען אַריינגיין אין שטוב, צום בעט פון מיין קראַנק קינד!" — — —

ער האָט אָפּגעווישט די טרערן און ווידער געקוקט אין די שווארצע שויבן: ניין, עס איז פינצטער און שטיל. עס האָט זיך אים געדאַכט... זיי שלאָפן איצט זיכער אַלע. דאָס איז נישט געווען קיין פלעמל פון קיין שוועבעלע, נאָר די לבנה האָט זיך, מסתמא, אָפּגעשפּיגלט אין די שווארצע שויבן...

פון שמאָלן, טונקעלן געסל, האָט זיך געשלייכט עפּעס אַ שאָטן. ברוך האָט נישט געוואָלט, אַז ווילנער זאָלן אים דאָ דערזען און צומאָרגנס ריידן, אַז ער דרייט זיך ביינאַכט הינטער „אירע" פענצטער... האָט ער געוואָרפן אַ לעצטן בליק צו די פינצטערע שויבן:

— אַ גוטע נאַכט, זיסעלע... קינד מיינס!... שלאָף געזונטערהייט!... זיסע חלומות, מאָרגן וועלן מיר זיך זען, מיין קינד... — האָט ער זיך געלאָזן גיין, מיט וואַקלענדיקע טריט, צום בנין פון דער לאַגער־פאַרוואַל־טונג. און גייענדיק, נישט אויפגעהערט איבערצוחזרן: — אַזוי... אַזוי... אויב איך וועל דאַרפן, אויב עס וועט מיר אויסקומען, וועט ער מיר צוטיילן אַ גוטן צימער... מיר! נישט שמעלקען! שמעלקע וועט, הייסט עס, בלייבן דאָרט, מיט מאַטילדען, מיט זיסעלען, מסתמא ווייסט ער דאָך בעסער, ווי דאָרטן האַלט, ווי דאָרטן זעט אויס... וועט ער מיר געבן אַ באַזונדערן צימער!..."

## .15

אין דעם גרויסן זאַל פון דער לאַגער־פאַרוואַלטונג, אויף די טישן און בענק, איז שוין דער מידער עולם לאַנג געשמאַק געשלאָפן, איינגעהילטע אין די ניי־צוגעטיילטע קאָצן. דער איינציקער לאָמפּ, אין מיטן סופיט, האָט געוואָרפן אַ בלייכע שיין און נאָכמער אַקצענטירט דאָס בילד פון יידישן עלנט, וואָגל און היימלאָזיקייט. איינער אַ מאַן האָט געכאָרכלט מיט אַ טרוקענעם גאָרגל, ווי ער וואָלט געזעגט האָלץ מיט אַ טעמפּער זעג. אַ צווייטער האָט געבלאָזן פון זיך מיט אַ פייף. אַן עלטערע פרוי האָט גע־קרעכצט און גערעדט פון שלאָף אומדייטלעכע רייד. אַ קינד האָט זיך

צעווײנט און די מוטער האָט זיך תיכּף איבערגעוועקט און גענומען עס באַרוהיקן:

— ש...ש...ש.. א־א־א־א־א...

ברוך האָט גענומען זײַן קאַץ, אויסגעשפּרייט אין ווינקל, אויף דער ערד און זיך אויסגעצויגן מיטן אָנטאָן. ער האָט אונטערגעשפּאַרט ביידע קולאַקעס אונטערן קאָפּ און געגלאָנצט מיט צוויי ניכטערע אויגן צום מיט בלומען באַמאָלטן סופיט, מיטן איינציק־ברענענדיקן, מאַטן לאָמפּ. די אויגן האָבן זיך אים נישט געוואָלט פאַרמאַכן, עס האָט אים קיין שלאָף נישט גע־נומען. עס איז אים געווען האַרט און קאַלט. האָט ער זיך געדרייט אויף אַלע זײַטן און לסוף, זיך אויפגעזעצט און גענומען ברעכן זיך די הענט.

— אויסער דעם ווייטיק אין האַרץ, איז נאָך די חרפּה פאַר לײַט! אַ סך ווילנער ווײַנען דאָ... צווישן אייגענע... אויף צו להכעיס, צווישן איי־גענע... שמעלקע איז אויך אַן „אייגענער"... די אייגענע וועלן מיר מאָרגן אָנקוקן, זיי ווייסן דאָך די גאַנצע געשיכטע, מען וועט אויף מיר רחמנות האָבן, באַדויערן... און אפשר וועט מען אויף שמעלקען אויך רחמנות האָבן? ווו באַגראָבט מען זיך? ווו טוט מען זיך אַהין, אַז קיינער זאָל מיר נישט זען?!

ער האָט פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס, נערוועז געשלונגען אין זיך דעם רויך און געקוקט, ווי די אַרויסגעבלאָזענע רויך־קנוילן גווינטעווען זיך אַרויף אין דער הויך, צום לאָמפּ, אין מיטן פון באַמאָלטן סופיט.

און טאַקע צוריקגעדרייט דאָס רעדל... — האָט ער אָנגעהויבן זיך אליין אויסטײַטשן און באַרוהיקן — וואָס איז דאָ די חרפּה? אין מענטשלעכן לעבן געשעט אַלץ! בפרט נאָך אין אַזאַ מלחמה, נאָך אַזאַ מהומה, ווען וועלטן האָבן זיך איבערגעדרייט, ווען קיין איין גאַנצע משפּחה איז נישטאָ און יעדערער דרייט זיך אַרום מיט אַ לאָך אין האַרצן, מיט זײַן פּעקל צרות! יעדערער האָט זײַן אומגליק און זײַן בראָך! ווען אַכט יאָר איז מען געווען צעשיידט איבער מרחקים, טויזנטער קילאָמעטערן, מיט פראָנטן און גרע־נעצן! ווען מען האָט גאָרנישט געוווסט איינער פון אַנדערן, צי מען לעבט, צי מען איז געשטאָרבן!...

וואָס מער ברוך האָט געטראַכט אין דער ריכטונג, אַלץ מער קוראַזש האָט ער באַקומען. עס איז אים לײַכטער, אַ סך לײַכטער געוואָרן. ער האָט פאַררויכערט אַ צווייטן פּאַפּיראָס און ווײַטער געצויגן דעם פאָדעם: „ער וועט זיי זאָגן, די ווילנער לאַנדסלײַט, אַז ער האָט צו איר אייגנטלעך גאָרנישט, צו מאַטילדען... יאָ־יאָ! אַזוי טאַקע וועט ער איר זאָגן: „איך האָב צו איר קיין טענות נישט. זי האָט זיך געעצהט, ווי זי האָט געקענט, כּדי איבערצולעבן די מלחמה. זי האָט מיר געראַטעוועט דאָס קינד. אַ שיינעם דאַנק!... און זאָל זי זיך זײַן געזונט!..."

„און איך אַליין בין דאָך אויך נישט קיין פאַרפוילט עפּעלע... איך פיל זיך נאָך אין די קרעפטן. אַ ביסל דאָס האַרץ... אָבער דאָס איז בלאָטע! איך זע נאָך גענוג לײַטיש אויס. נאָך גענוג יונג, צום געפעלן און מאַכן אַ לעבן!

אַלע זאָגן, אז פאַר די אכט יאָר צייט, האָב איך זיך גאָרנישט געענדערט... פינף און פערציק יאָר בין איך אַלט און מען שאַצט מיר אַ סך ייִנגער... איך וועל נאָך שטיין אויף די פיס!"

און ער דערמאָנט זיך זיין שכנטע פון טאַשקענט, די דאָקטאָרן פון טאַכטאַפּוליער שפּיטאָל וויערא מיכיילאָוונא, ווי זי האָט זיך עס צו אים געשארט... אויף אָוונט־ברויט אַ סך מאָל פאַרבעטן... אָפּגערעדט אים פון פאָרן קיין פּוילן, געגעבן אָנצוהערן: אַן אייגענע גוטע וווינונג, זי פאַרדינט גוט, זי וועט אים אויך איינאָרדענען אויף אַ גוטן פּאָסטן... נאָכוואָס פאָרט ער זיך וואַלגערן אין דעם חרובן, אַנטיסעמיטישן פּוילן?...

און רוזשעלע... די שוועסטער פון לאָדזשער אַדוואָקאַט, מיט וועלכער ער איז אין רעפּאַטריאַנטן־עשאַלאָן געפאָרן... ווי זי האָט עס אים געצויגן אויף שפּאַצירן, ווען דער עשאַלאָן איז געשטאַנען, און געוואָלט וואָס ווייטער „פון מענטשלעכע אויגן און צינגער"... ביז שפּעט ביינאַכט זיך געטוליעט צו אים און גערעדט וועגן ביכלעך און ליבע... ביים געזעגענען זיך, אין לאָדזש, האָט זי אים געגעבן עפּעס אַן אַדרעס פון אירער אַ פאַרייזער מומע, וווהין זי פאָרט... אַהין זאָל ער איר שרייבן, זי וועט וואַרטן... זי וועט גערן ענטפערן... גאָרנישט קיין מיאוס מיידל, רוזשעלע... אַ ווייבלעכע, אַ צערטלעכע, אַ ראָמאַנטישע... „איך בין גרייט זיך צו לאָזן מיט אייך אין עק וועלט, פּאַניע קאַהאַן... — האָט זי אים געזאָגט — וווהין איר וועט נאָר וועלן!"... זי איז מיט אַ צען יאָר ייִנגער פון אים און פול מיט לעבן...

פאַרטאָג האָבן זיך אים די מידע אויגן־לעפּלעך צוגעשלאָסן. ער איז אַנטדרימלט געוואָרן, זיצנדיק אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט. ער ווייסט נישט, ווי לאַנג ער האָט אַזוי געדרימלט, ווען אַ שטילער שעפּטשען האָט אים אויפגעוועקט:

— פּאַפּאַ... פּאַפּעלע...

ער האָט אויפגעריסן זיינע אויגן און דערזען איבער זיך, דוכט זיך, מאַטילדען!... מאַטילדען כלה־ווייז... מיט אַ פינף און צוואַנציק יאָר צוריק... נאָך פיל רייצנדער און שענער... אָבער ניין. „פּאַפּעלע" זאָגט זי... זאָל עס זיין?...

— זיסעלע???

— יאָ, פּאַפּאַ...

— זיסעלע, קינד מיינס!...

זי איז געשטאַנען אַ שלאַנקע, מיט אַ בלאַנד־געקרויזטן קאָפּ און טונקעלע ברעמען איבער אירע סאַמעטענע אויגן... דאָס גוזיכט — איידל, מאַט. דאָס קלייד... אַ מאָדערן געשניטן, געבלימלט קלייד, וואָס פּאַסט זיך אַזוי שיין און געשמאַקפול צו איר קערפּער און גוזיכט... גאָרנישט קיין קינדערשע, אַ סך ערנסטער, ווי פאַר איר עלטער. אַ ריפע פרוי, אַ ווייטלעכע און אַזוי נאָענט... אַן אומבאַקאַנטע און אזוי אייגן... אַ פריילן צום פאַרליבן זיך, און זי רופט אים צערטלעך:

— פּאַפּעלע... טייערער פּאַפּעלע... — ווי מעלאָדיש זי זאָגט עס... ווי זי וואָלט אַ ליד געזונגען!...

ווען זיי זיינען זיך געפאַלן אין די אָרעמס, געכליפּעט, זיך געקושט און, אָן אַ וואָרט אויסצורײדן, געטוליעט זיך איינער אין אַנדערן, — האָט דער גאַנצער איבערגעוועקטער עולם מיטגעכליפּעט און זיך געווישט די אויגן און די נעזער... אַ שעפּטשעניש האָט געפלאַטערט איבערן זאַל:

— אַ טאָכטער...

— געפונען אַ טאָכטער!...

— לייט האָבן מזל!...

— אויף מיר און אַלע מיינע ליבע, געזאָגט געוואָרן!...

— געפינען אונדזערע פאַרלאָרענע קינדער!

— אַ בלום איז דאָך דאָס!... אַ בליענדיקע רויז!...

— אַ שלאַנקע פּאַלמע!...

.16

עס איז נאָך געווען גאָר פרי. דער לאַגער איז נאָך געשלאָפן. וווּ־נישט־ווו האָט זיך געאײלט אַ ייד מיט אַ טלית, אונטערן אָרעם, אַ קרעמער מיט אַ קוישל, אַ מענטש, וועלכער זוכט אַ פורל צום באַן.

דער הויכער גראָז האָט נאָך געשימערט אַ פייכטער פון טוי און פאַרטרערט געשמייכלט אַנטקעגן דער זון.

ברוך קאַהאַן איז געגאַנגען מיט זיין טאָכטער, מיט זיסעלען, אויף אַ זייטיק־קרומלעך שטעגל, וואָס פירט באַרג־אַרויף, דורך שיפּועדיקע פעלדער, אין נאָענטן וועלדל אַריין. זיין קאָפּ איז אים, שווערער ווי תמיד, געלעגן אויף זיין פעסטן קאַרק. זיינע ברייטע אַקסלען זענען עפּעס נידעריקער, ווי תמיד, געווען אַראָפּגעלאָזט. דאָס האַרץ האָט אים שטאַרק געקלאַפּט. שוין צו שטאַרק, האָט ער געטראַכט. אָט־אָט און עס וועט געבן דעם שטאַרקסטן קלאַפּ און ס'וועט צעפּלאַצט ווערן! וואָס איז עס אייגנטלעך מיט זיין האַרץ לעצטנס געוואָרן? שטענדיק אַזאַ ריז געווען. און איצט, אַליאַדע וואָס, כריפּעט עס!... אַזוי ווי אַ פאַרזשאַווערטער וואַנט־זייגער... אפשר האָט ער געקראָגן אַ האַרץ־פעלער? און מיט דעם זאָל זיך עס ענדיקן? ניין! ער וועט זיך שטאַרקן, ער וועט קיינעם דעם פאַרגעניגן נישט אָנטאָן... נישט ברענגען צו לייטישע רייד, אַז צוליב אַ שמעלקע דאַרט...

ער האָט כסדר געוואָרפן אַ בליק אויף זיין שווייגנדיקער טאָכטער און באַלד צוריקגעכאַפּט זיין בליק, ווי אַ שעמעוודיקער חתן־בחור, צום פייכטן, שימערירנדיקן גראָז...

זי איז געגאַנגען נעבן אים, זיסעלע, אַ שווייגנדיקע, אַ שעמעוודיקע, אַן אָפּגעפרעמדטע. נישט געוווסט, וואָס מען הויבט אָן צו ריידן און ווי אַזוי... וואָס זאָל זי אים יאָ זאָגן און וואָס — נישט?... דאָס איז דאָך איר פּאַפּאַ... נאָך אים האָט זי דאָך אַזוי לאַנג געבענקט!... זי האָט דאָך אים אַזויפיל צו

דערציילן, אויסגיסן איר הערצל, — דאָס וואָס זי קען נישט קיינמאָל פאַר שמעלקען און פאַר דער מאַמען... — פאַרוואָס־זשע האָט זיך דאָס הערצל אירס אַזוי פאַרשלאָסן? דווקא איצט... כאָטש דער פּאַפּאַ גייט אַזוי נאָענט נעבן איר, — איז עפּעס אַ פרעמדקייט אויסגעוואַקסן צווישן זיי, אַ גרע־סערע ווי די, וואָס איז צווישן זיי געלעגן אויף די מרחקים צווישן ווילנע און טאַשקענט. אפשר איז עס אַזוי דערפאַר, ווייל זי פילט פאַראויס, אַז עס וועט נישט קומען צו דעם, וואָס זי האָט געוואָלט... איז ווי־זשע זאָגט מען עס אים וועגן דער מאַמען מיט... מיט דעם „פעטער" שמעלקע?... און טאָמער ווערט אַ פאַמיליען־סקאַנדאַל, וועט זי זיך שעמען פאַר אירע חברטעס און איבערהויפּט — פאַר אים... פאַר איזאַקן...

ברוך האָט געקוקט אויף זיסעלען און זיך נישט געקענט צוגעוווינען צום געדאַנק, אַז דאָס איז זיין טאָכטער, זיין קינד... קיין ענלעכקייט אַפילו נישטאָ, צו דער קרענקלעכער אַכט־יעריקער מיידעלע, וואָס ער האָט איבער־געלאָזן... די פאָטערלעכע וואַרימקייט, די בענקשאַפט און צערטלעכקייט, וואָס ער האָט פאַר איר געטראָגן די גאַנצע צייט, זינט ער איז פאַרוואָגלט געוואָרן פון דער היים, — האָט זיך איצט אין אים, ערגעץ טיף, באַהאַלטן און ער קען עס פון זיך בשום אופן ניט אַרויסטויכן... ער פילט עס אין זיך און... ער קען עס נישט אָנכאַפּן... און וואָלט ער עס אַפילו געהאַט אויבנאויף, וואָלט ער אויך נישט דרייסט געווען, צו שענקען עס דער יונגער, פרעכטיקער פריילן, וואָס גייט מיט אים שפּאַצירן...

יאָ, אַ שיין פריילן גייט מיט אים שפּאַצירן... אַזאַ פריילן אויפן ערשטן שפּאַציר, זאָגט מען „איר" און מען רעדט אויף גאָר אַן אַנדער אופן... און דאָ, עס קומט אים אָן שווער צו זאָגן איר „דו" און טראַקטירן ווי אַ קינד, ווי זיין אייגן קינד... וואָלט זי געווען דאָס אַמאָליקע שוואַכע זיסעלע, וואָלט ער זי דאָך פון די הענט נישט אַראָפּגעלאָזן!...

— איז וואָס־זשע מאַכט...סטו, זיסעלע?...

— אַ דאַנק, פּאַפּאַ, געזונט...

— די מאַמע האָט געוווּסט, אַז דו גייסט צו מיר?... — האָט ער נישט געקוקט צו זיסעלען, נאָר ווייט, ווייט, צום העכסטן שפּיץ פון תפילהדיקן וואַלד...

— יאָ... זי האָט מיר געשיקט צו דיר... ווען מען האָט אָנגעזאָגט, אַז דו ביזט געקומען צופאַרן, בין איך נאָך געשלאָפן. ווען איך האָב זיך נאָר אויפגעכאַפּט, האָט מיר די מאַמע באַלד געזאָגט...

און ווידער האָבן זיי געשוויגן. כאָטש ברוך האָט שוין אָנגעהויבן פילן אין זיסעלען, זיין אַמאָליק קינד, און כאָטש די אַלע פאָטערלעכע בענק־שאַפטן און צערטלעכקייטן, וואָס זענען פריער געווען פאַרבאָרגן, — האָבן זיך איצט גענומען שפּאַרן, — האָט ער דאָך נישט געקענט געפינען, מיט וואָס און ווי אַזוי אָנצוהויבן אַ פאָטערלעכן שמועס...

ביים ראנד פון וואלד איז געשטאנען אַן אַלטע, קרומע, הילצערנע באַנק. די באנק איז געווען גרין פון שימל און פוילונג און נאס פון טוי. נאָר ברוך האָט געפילט, אַז זיין האַרץ „קאַפּריזעוועט" און האָט באַשלאָסן ווייטער נישט צו גיין. ער האָט אויסגעשפרייט אַ צייטונג און זיי האָבן זיך צוגעזעצט. ברוך האָט אָפּגעאָטעמט מיט די פרישע ריחות פון וואלד און זיך דערמאָנט, אַז ער איז שוין אין קיין וואַלד נישט געווען פון בחורווייז אָן... דאָס לעצטע מאָל איז ער געווען אין פאספיעשקער וואַלד מיט חברים, אויף אַ ל״ג־בעומר אויספלוג. און דאָרט טאַקע האָט ער זיך דאָס ערשטע מאָל געטראָפן מיט מאַטילדען... דאָרט האָבן זיי זיך באַקענט. זיך אָפּגעטיילט פון די חברים און לאנג־לאנג שפּאַצירט, האַלטנדיק זיך, ווי קינדער, ביי די הענט... ביז עס איז צוגעפאלן דער אָוונט...

זיסעלע האָט זיך געשפּילט מיטן שנירל קרעלן, וואָס אויף איר שוואַנען־העלדזל, און אַראָפּגעקוקט צו די רויטע דעכער פון לאגער אין טאָל, ווי שיפּוּעדיקע רויטע פלאכן אין אַ ים פון גרינס... פון די קוימענס איז געגאנגען אַ רויך און זי האָט זיך דערמאָנט, אַז היינט איז פרייטיק און די מאמע קאָכט היינט פיש און באַקט חלות... היינט ביינאַכט איז ערב שבת. שמעלקע וועט זיצן ביים טיש, נעבן דער מאמען, און ווי תמיד קאָמאנדעווען: „זיסעלע, עס!" און דער טאטע וועט נישט זיין. ער וועט זיצן ערגעץ אַליין אין אַ צימער, אַן עלנטער... מיט וואָס זאָל זי אים פריילעך מאכן דעם ערשטן אָוונט, דאָ אין לאגער?... אַכט יאָר האָט זי פּאַנטאַזירט וועגן טאטנס קומען. זי האָט געוווּסט אַז ער איז אַ שיינער. די מאמע פלעגט דאָס אַ סך מאָל דערציילן און זי האָט געזען זיינע פאָטאגראפיעס. זי האָט זיך אים אָבער פאָרגעשטעלט, אַ סך אַן עלטערן, מיט שפּורן פון געוועזענער שיינקייט... — איז זי איצט איבעראשט און שטאָלץ: אַזאַ יונגער, קרעפּטיקער, ליבער, שיינער מאן איז איר טאַטע!... אויף וועמען האָט אים די מאמע פארביטן? אויף אַ שמעלקע! ניין. זאָל די מאמע טאָן, וואָס זי וויל. דאָס איז איר פּאַפּאַ! זי וועט אַלע חברטעס ברענגען באַקענען מיט איר שיינעם פּאַפּאַ... און אים, איזאקן, וועט זי ברענגען באַקענען... זאָל ער זען...

— דערצייל מיר, טאָכטערשי, ווי האָט זיך אייך געלעבט?

זיסעלע האָט דערפילט אַ צערטלעכן גלעט איבער אירע קרויזן... איזאק גלעט איר אויך צערטלעך, נאָר דאָס איז עפּעס אַנדערש... די ווארעמקייט, אַן אַנדערע... די מאמע איז פאַרנומען כסדר מיט מסחר און האָט נישט קיין צייט איר, זיסעלען, צו גלעטן... אָט נאָך דעם גלעט, האָט זי דאָך די גאַנצע צייט געבענקט... — האָט זי איינגענירועט איר קאָפּ אויף זיין ברוסט און דערפילט אַזאַ כוואַליענדיקע וואַרעמקייט אין האַרצן, וואָס זי האָט, דוכט זיך איר, נאָך קיינמאָל נישט געפילט... אין נעזל איז איר אַזש ביטער געוואָרן, און די אויגלעך — פייכט... זי האָט אַ רגע געשוויגן און

דערפילט, אַז די צונג בינדט זיך איר אויף און די שווערקייט פון הארצן ווערט לייכטער און לייכטער...

— פאַפּעלע טייערער! פינצטערע יאָרן זענען דאָס געווען. דער טויט איז יעדע רגע געשטאַנען פאַר די אויגן. אין געטאָ זענען כסדר פאָרגעקומען „אַקציעס". מען האָט אַרויסגעפירט יידן און מען האָט שוין אַפילו געוווּסט, וווהין מען פירט זיי: אויף פּאָנאַר... און מען האָט שוין געהאַט ידיעות, וואָס מען טוט מיט זיי אויף פּאָנאַר... איינציקע זענען געווען, גליקלעכע, וועלכע האָבן געהאַט אַ פאַפּירל אַלס „נוצלעכער יודע". אָט די, מיט זייערע פאַמיליעס, האָט מען נישט געטשעפּעט. און... שמעלקע האָט אויך געהאַט אַזאַ פאַפּירל... ער איז דאָך אַ קאַנאַליזאַציע־אַרבעטער... האָט שמעלקע מיר מיט דער מאַמען צוגעשריבן אויף זיין פאַפּירל אַלס... אַלס זיין משפּחה... מיר האָבן כסדר געטראַכט נאָר וועגן דיר... ווען דו וואָלסט געווען!... אפשר וואָלסטו אויך געקראָגן אַזאַ פאַפּירל און אונדז געקענט ראַטעווען... און אפשר נישט. ס'איז אפשר גלייכער, וואָס דו ביסט נישט געווען, דערפאַר ביסטו נאָך היינט דאָ... מיר האָבן נישט געוווּסט, צי דו לעבסט און ווו דו ביסט. און שמעלקע האָט איינגעלייגט וועלטן! געזען, מיר זאָלן נישט הונגערן. מיט זיין פאַפּירל איז ער אָפט אַרויסגעגאַנגען פון געטאָ, אויף דער אַרישער זייט אַרבעטן. פלעגט ער ברענגען פּראָדוקטן פון דאָרט און ווען די גאַנצע געטאָ האָט געהונגערט, האָט נאָך די מאַמע געהאַט פּראָדוקטן צום פאַרקויפן...

און שפּעטער, ביי די ווייטערדיקע „אַקציעס", ווען מען האָט שוין געכאַפּט מענטשן מיט די־אָ פאַפּירלעך אויך, האָט שמעלקע גענומען בגנבה מאַכן דעם בונקער... דריי וואָכן האָט ער געאַרבעט אויף אים. פון אונדזער גאַס, האָבן מיר זיך אַראָפּגעלאָזן אין דער קאַנאַליזאַציע און פון דאָרט גע־פּויזעט אין די רערן, אין אַ שטינקענדיקער שיטערקייט. שמעלקע האָט גוט געוווּסט דעם וועג, ווו די קאַנאַליזאַציע־רערן צעצווייגן זיך. האָט ער גע־פּויזעט דער ערשטער. פינצטער איז געווען, אז מען האָט זיך אַליין נישט געזען. האָט ער כסדר געגעבן צייכנס, אַז מען זאָל קריכן נאָך אים. עטלעכע שעה זענען מיר אַזוי אָפּגעקראָכן, ביז מיר האָבן דערזען אַ שיין. דאָרט איז געווען דער בונקער. שמעלקע האָט ערגעץ דערטאַפּט אַן אונטערערדישן קאַבעל און פון דאָרט געצויגן עלעקטרע... דער בונקער איז געווען אונטערן סאַמע טיעליאַטניק... פון דער קאַנאַליזאַציע־רער האָט ער אויסגעבראָכן אַ לאָך און דאָרט, געגראָבן. די ערד האָט ער געשאָטן אין אָפּפלוס און ס'איז אַוועק... ער האָט געמיינט, אַז עס וועט זיך פאַרשטאָפּן די קאַנאַליזאַציע־רער. ס'איז טאַקע געווען אַזאַ געפאַר. צופיל ערד געשאָטן. אָבער ס'איז אַוועק... דער שטראָם האָט עס אַוועקגעטראָגן. אַ גאַנצן צימער האָט ער דאָרטן אויסגעגראָבן. אַפילו ברעטער אויסגעלייגט און אונטערגעשטעלט בעלקעס. „דער צימער" איז געווען אַ ביסל העכער פון דער קאַנאַליזאַציע־רער, כדי די שיטערקייט זאָל צו אונדז נישט אַריבערפלייצן. אַן עלעקטרי־

שער לאָמפּ איז געהאַנגען און אַ רער אויף לופט. אַן עלעקטריש קיכל איז געווען, כלים און אַ ביסל פּראָדוקטן.

די שטשורעס זענען איבער אונדז געשפּרונגען, אָבער מיר האָבן זיך שפּעטער צוגעוווינט צו זיי און זיך מיט זיי איינגעלעבט... מיר האָבן דאָך אַליין געלעבט ווי די שטשורעס... מיט וואָס זענען מיר דען געווען בעסער פון זיי?... אַלע טאָג פלעגט שמעלקע אַוועקקריכן פון אונדז, ערגעץ אין די פינצטערע קאַנאַליזאַציע־לאַבירינטן, אויף עטלעכע שעה. מיר האָבן שטענדיק געמיינט, אַז ער קומט שוין נישט צוריק און מיר האָבן זיך שטאַרק געשראָקן. ווער וועט אונדז ברענגען פּראָדוקטן? און ווי וועלן מיר פון דאַנען אַרויס? מיר ווייסן דאָך נישט דעם וועג. אַן אים וואָלטן מיר דאָרט אויסגעפּגרט ווי די מייז. אָבער שטענדיק פלעגט ער צוריקקומען מיט עפּעס עסן און מיט נייעס... אַ פּאָר מאָל האָט ער זיך אַריינגעכאַפּט אין געטאָ און שיעור נישט פאַרשאָטן געוואָרן... עס זענען פאָרגעקומען די לעצטע אַקציעס, מען האָט אַרויסגעפירט די לעצטע פאַרטיעס יידן... ער האָט דערציילט. ווער פון די נאָענטסטע עס איז שוין נישטאָ און ווער עס דרייט זיך נאָך. שפּעטער איז שוין קיין געטאָ אינגאַנצן נישט געווען... ער האָט געפונען אַן אַרויסגאַנג, נישט ווייט פון טיעליאַטניק, ווו עס האָט געוווינט זיינער אַ באַקאַנטער פּאָליאַק. ער איז זיכער געווען, אַז דער פּאָליאַק וועט אונדז נישט אויסגעבן. דער פּאָליאַק האָט אונדז טאָקע, אַלע טאָג, צוגעשטעלט וואַסער, קאַרטאָפל־שאָלעכץ, קלייען־מעל מיט שטרוי, פאַרפוילטע בוריקעס און ענלעכע „נאַשערייען". שמעלקע האָט אים אַוועקגעגעבן זיין גאָלדענעם זייגער, אַ בראַסליעט, אַ רינגל פון צוויי קאַראַט, מיין מעדאַליאָן, דער מאַמעס גאַנצע צירונג, אַ ביסל מאַרקן און וואַליוטע. אַלץ איז אַוועק צום פּאָליאַק, פאַר אַ פּאַמוויניצע קלייען און אַ פאַרשימלט שטיקל ברויט. שפּעטער, ווען מיר האָבן שוין מער גאָרנישט געהאַט, האָט ער אונדז נאָך געגעבן אויף באָרג... מיר האָבן אים געגעבן אַ שריפטלעכע פאַרפליכטיקונג, אַז ווען מיר וועלן זיך ראַטעווען, וועלן מיר אים אָפּגעבן... דערווייל האָבן מיר נישט געוווסט, ווען עס איז טאָג און ווען עס איז נאַכט און בכלל פאַרגעסן דעם חשבון פון דער צייט.

און איינמאָל זענען מיר דאָרט שיעור אומגעקומען, אין דעם קאַנאַליזאַציע־קבר, מיט אַ טויט פון שטשורעס! פרילינגס־צייט איז דאָס געווען. ערשט דאַן האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז עס איז פרילינג אויף דער ערד... דער שניי, זעט אויס, האָט זיך געשמאָלצן אונטער דער וואַרעמער פרילינג־זון, און געשטראָמט אין די קאַנאַליזאַציע רערן. דאָס וואַסער האָט זיך אויפגעהויבן הויך און אָנגעהויבן אַריינדרינגען צו אונדז אין בונקער! עס האָט אָפּגעריסן שטיקער ערד און מיטגעריסן מיט זיך. מיטגעריסן אַ סך פון אונדזערע זאַכן, כלים, קליידער און פּראָדוקטן. מיר זענען שוין געשטאַנען ביז אין דער העלפט אין וואַסער און דאָס וואַסער האָט אַלץ געשטיגן מיט אַזאַ שרעקלעכן געברום, מיט אַזאַ חיהשן צאָרן! מיר האָבן זיך געגראָבן העכער. מיט די פינגער, מיט לעפל, מיט וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזן,

האָבן מיר זיך געגראָבן אַרויף. נאָר וואָס מער מיר האָבן זיך געגראָבן, אַלץ מער איז פאַרשאָטן געוואָרן דער קאַנאַל און דאָס וואַסער האָט זיך געריסן און געשפּאַרט צו אונדז. איך הער נאָך איצט דאָס שרעקלעכע רעווען, ווען די פינצטערע שטראָמען האָבן אונדז געוואָלט מיטרייסן און איינשלינגען! דאָס עלעקטריש ליכט האָט זיך אויסגעלאָשן און מיר זענען געבליבן שטעקן אין שטאָק פינצטערקייט!

פּאַפּעלע טייערער! מיר האָבן אַזוי נישט געוואָלט שטאַרבן אין דעם קאַנאַליזאַציע־קבר! מיר האָבן שוין געבעטן אויף זיך דעם טויט, נאָר אַ טויט אויף דער ערד, זאָל זיין דערשאָסן ווערן! נאָר נישט אין דעם אָפּפלוס אונטער דער ערד, מיט די שטשורעס!... העכער גראָבן זיך, האָבן מיר שוין נישט געקענט. עס האָט זיך אַלץ געשאָטן אויף אונדז. שמעלקע האָט געזאָגט, אַז מיר זענען שוין צו הויך און דער גאַנצער אויבערשטער שיכט קען איינפאַלן אויף אונדז... דאָס וואַסער איז דערגאַנגען ביזן האַלדז. מיר האָבן, מיט די לעצטע כוחות, זיך אָנגעהאַלטן און געקליאַמערט זיך אָן אַ ברעט, נישט מיטגעריסן צו ווערן מיטן שטראָם. מיר האָבן זיך געטוליעט איינער צום אַנדערן און געוואַרט אויפן טויט...

נאָר העכער איז דאָס וואַסער נישט געשטיגן. און שמעלקע האָט געזאָגט: אויב אין משך פון דער היינטיקער נאַכט, וועט זיך מער דאָס וואַסער נישט הויבן, זענען מיר געראַטעוועטע! מיר האָבן זיך דאַן, פאַרן טויט, נאָך גענוויצלט אויך... געלאַכט פון שמעלקען, וואָס ער זאָגט „היינטיקע נאַכט"... פון וואַנען ווייסט ער, וואָס איצט איז?... אפשר גאָר טאָג?... אָבער דאָס וואַסער האָט זיך שוין מער טאַקע נישט געהויבן!... אַ וואָך צייט זענען מיר אַזוי געשטאַנען אין וואַסער! נאָך אַ נס, וואָס אַ זעקעלע סקאַרינקעס איז געהאַנגען איבער אונדזערע קעפּ... אַך, ווי געשמאַק דאָס איז דעמאָלט געווען!... בעסער ווי דער בעסטער טאָרט... אַרויסגיין פון בונקער האָט שמעלקע נישט געקענט. ער וואָלט דערטרונקען געוואָרן. די רערן זענען אַזוי פול געווען, אַז עס איז נישט געווען ווו דעם קאָפּ צו האַלטן. דאָס זעקעלע סקאַרינקעס איז שוין געווען ליידיק. און דער עיקר: אָן אַ טרינק וואַסער! אַ ביסל קלייען איז גאָך געווען, האָט עס די מאַמע פאַרמישט מיטן וואַסער פון אָפּפלוס און איבער אַ ליכטל עס געוואַרעמט... דאָס האָט געהייסן „געבאַקענע קיכלעך"...ביים שיין פון ליכטל, האָט שמעלקע געפונען דעם איבערגעריסענעם עלעקטרי־דראָט און צוריק פאַר־אייניקט. די פּלוצלינגדיקע ליכטיקייט, האָט אַרויסגערופן ביי אונדז אַ ספּאַזמאַטישע פרייד, ווי מיר וואָלטן זיך שוין אינגאַנצן געראַטעוועט... עס איז געוואָרן אַ שמחה, אַ יום־טוב! מיר האָבן זיך אַלע געקושט... דאַן האָט שמעלקע פון די קעשענעס אַרויסגעשלעפּט קאַרטאָפל־שאָלעכץ, וואָס ער האָט אָפּגעשפּאָרט אויף אַ „שוואַרצער שעה"... ס'הייסט אַלע שעהן זענען, מכלומרשט, נישט געווען שוואַרץ... אָבער איצט איז עס טאַקע צו נוץ געקומען, ווי קיינמאָל נישט!... מיר האָבן עס געקאָכט אין אָפּפלוס־וואַסער און פון דעם זעלבן וואַסער, געקאָכט טיי. דאָס איז געווען „שוין איינמאָל

טיי״!... און דאָך זענען מיר דערפון נישט קראַנק געוואָרן, קיין טיפוס נישט באַקומען... ווי מיר וואָלטן געהאַט אייזערנע קישקעס. בלויז דער רעוו־מאַטיזם מאַטערט אונדז ביזן היינטיקן טאָג...

ווען דאָס וואַסער איז, ביז אין דער העלפט, אָפּגעפאַלן, האָט שמעלקע ריזיקירט זיך ווידער צו לאָזן אין וועג, ער איז אַוועק אויף לאַנג. קיין זייגער האָבן מיר נישט געהאַט. נאָר געזאַמט האָט ער זיך אַן אייביקייט. און פּלוצלינג איז ווידער פינצטער געוואָרן! און מיר האָבן שוין נישט געהאַט קיין ליכטל און נישט קיין שוועבעלעך. מיר האָבן אַנדערש נישט געטראַכט, נאָר אַז שמעלקע איז דערטרונקען געוואָרן. די מאַמע האָט געזאָגט, אַז טאָמער קומט ער נישט צוריק אין משך פון אַ פּאָר שעה, וועלן מיר זיך נעמען גראָבן העכער און זאָל מיט אונדז געשען, וואָס עס וויל זיך! נאָר שמעלקע איז געקומען. אַ האַלבע שעה פריער, האָבן מיר שוין געוווּסט, אַז ער גייט... אונדזערע אויערן האָבן אונטערגעשיידט יעדן קלאַנג פון די קאַנאַליזאַציע־רערן: ווען עס פליסט וואַסער, ווען עס שפּרינגט אַ שטשור, ווען עס שווימט אַ האַרטע זאַך און קלאַפּט זיך אָן אָן דער רער און ווען עס שיט זיך ערד אַריין אין דעם וואַסער. און שמעלקעס קריכן האָבן מיר געקענט דערקענען, ווען ער איז נאָך געווען ווייט, אַ האַלבן קילאָמעטער פון אונדז. ער איז געקומען מיט אַ ברענענדיקער לאָמטערנע אין האַנט און מיט אַ גאַנצן „מאַגאַזין״ זאַכן... איך פאַרשטיי נאָך ביז איצט נישט, ווי אַזוי ער האָט דאָס אַלץ דערשלעפּט! אַן אויסגעשמירטער, אַן אויסגעווייקטער און אַ באַלאָדענער פון קאָפּ, ביז די פיס... ער האָט געטראָגן אַן עמער וואַסער, אַ באַנקע נאַפט, אַ נאַפט־מאַשינקע צום קאָכן און אַן עמער פּראָדוקטן... און וואָס איז אין דעם עמער נישט געווען?... עס האָט געשווינדלט פאַר די אויגן!... דער פויער, האָט ער דערציילט, האָט שוין געמיינט, אַז מיר לעבן נישט, דערטרונקען געוואָרן... ווייל עטלעכע דערטרונקענע יידן האָט מען טאַקע געפונען, אַרויסגעטראָגענע מיטן קאַנאַליזאַציע־שטראָם אין טייך אַריין. ער האָט זיך דערפרייט מיט שמעלקען, געגעבן די פּראָדוקטן און דעם נאַפט, ווייל קיין עלעקטרי וועט שוין מער נישט זיין. די עלעקטראָ־סטאַנציע איז צעבאָמבאַרדירט... און ער האָט אָנגעזאָגט די בשורה: די דייטשן האַלטן שוין שמאָל... מען הערט שוין שיסן פון גאָר נאָענט... אָפטע באָמבאַרדירונגען פון סאָוועטישע עראָפּלאַנען... די באָלשעוויקעס שפּאַרן... זיי גייען... אַ ליאַדע וואָך קענען זיי אָנקומען... ער האָט שוין היינט געגעבן נישט קיין שאָלעכץ, נאָר קאַרטאָפל!... צוויי לאַבנס פרישן ברויט!... ווייסע מעל, ציבעלעס, בוימל, צוקער, נאַפט, אַ ביסל אַלטע, אָבער טרוקענע שמאַטעס, זיך איבערצוטאָן און... אַ פלאַש בראָנפן!... ער האָט געזאָגט, אַז נאָך אַזאַ באָד, ווי מיר האָבן געהאַט, מוזן מיר זיך דערוואַרעמען מיט אַ טרונק בראָנפן!... ער האָט דערביי געגעבן אָנצוהערן, אַז אַנדערע פּאַליאַקן האָבן אויסגענאַרט ביי יידן דאָס פאַרמעגן און שפּעטער, זיי געמסורט... ער — נישט! ער איז אַן אָרנטלעכער, גלויביקער קריסט. ער האָט זיך איינגעשטעלט, ריזיקירט, געטראָגן אונדז עסן, נישט פאַרן גאָלד, חלילה, נאָר

צו ראַטעווען מענטשלעכע נשמות!... דאָס גאָלד האָט ער סיי־ווי אָוועק־געגעבן פאַר די פּראָדוקטן. מאַיאָנטקעס האָט עס אים אָפּגעקאָסט! „מען האָט געריסן אַ פּאַסעק! געשונדן די הויט"!... און אַז די באָלשעוויקעס וועלן קומען, זאָל כאָטש ער, שמעלקע, דערציילן, וואָס ער, דער קאַטאָליק, האָט געטאָן פאַר יידן!... און בכלל אינזינען האָבן צו ריידן וועגן אים אַ גוט וואָרט...

דאָס איז פאַר אונדז טאַקע געווען דער בעסטער סימן, אַז די דייטשן טרעטן טאַקע אָפּ; אַז עס קומען די באָלשעוויקעס, אַז עס איז אַ פראַגע פון וואָכן און מיר וועלן אַרויס פון דער פאַרשטונקענער קאַנאַליזאַציע, אויף דער פרייער ערד, אויף דער ליכטיקער שיין!... מיר האָבן דאַן געטרונקען און געגעסן און געטאַנצט אין דער קאַלוזשע מיט שיטערס און זיך גע־ווונטשן צו דערלעבן דעם טאָג!...

און דער טאָג איז געקומען... מיר האָבן אים דערלעבט! — האָט זי־סעלע טיף, טיף אָפּגעזיפצט. — מיר זענען אַרויס אויף דער ליכטיקער שיין. נישט געקענט קוקן אויף דער צו־העלער ליכט, די אויגן האָבן אזש ווײ־געטאָן... געמיינט מיר בלייבן שוין בלינדע... אין דעם מעמד האָט מען אונדז פאָטאָגראַפירט, שפּעטער — געפירט אין באָד אַריין, געגעבן וועש און קליידער... מען האָט אונדז געהאַלטן אין איין אויספרעגן און פאַר־שרייבן און מיר האָבן אַליין נישט געוווּסט, וואָס עס טוט זיך מיט אונדז!

שפּעטער זענען מיר אריין אין אַ מענטשלעכער וווינונג, מיט שמעלקען צוזאַמען... ער און די מאַמע האָבן זיך גענומען צום האַנדל און וואָס אַמאָל — אַלץ מיט מער אימפּעט. זיי האָבן זיך האַזאַרדירט און פאַרשיכורט מיט האַנדל... אַרומגעפאָרן, ריזיקירט און געמאַכט אַ סך געלט. מיר האָבן גוט געגעסן און געטרונקען. דעם אמת געזאָגט, האָב איך זיך גאָרנישט, וואָס צו באַקלאָגן אויף שמעלקען ער האָט זיך פאַר אונדז מקריב געווען! ווען נישט ער!... קיין זכר וואָלט פון אונדז נישט געבליבן! און אויך שפּעטער — פאַר מיר, איז ביי אים, קיין צו טייערס נישטאָ... קליידער, נאַשוואַרג, פאַרווײלונג, פויגל־מילך... דאָס שוואַרצאַפּל פון אויג וועט ער מיר אָוועק־געבן! איך בין אים טאַקע דאַנקבאַר פאַר מיין לעבן, נישט ווינציקער ווי די מאַמע, נאָר דאָס האַרץ און די נשמה אים דערפאַר אָוועקגעבן, קען איך נישט... מיר וועט ער דעם פאָפאַ מיינעם נישט פאַרבייטן! אַך, פאָפּעלע, פאָפּעלע, פאָפּעלע!... — האָט זי איינגעגראָבן דאָס קעפּל אירס אין זיין שויס און זיך צעכליפּעט.

אויך ברוך האָט, ווי אַ קינד, געכליפּעט. ער האָט געגלעט און געקושט איר קאָפּ, וואָס איז אים אַזוי ליב! ביז ווייטיק ליב און טייער! און אירע קרויזן מיט טרערן באַנעצט. ער האָט זיך, אָבער, באַמיט מיט אַלע כוחות, זיך צו שטאַרקן און באַרוהיקן.

— איך ווייס, פּאַפּעלע, איך ווייס, אַז דו האָסט אויך אַ סך געליטן... און דו ליידסט נאָך... דו ביסט אַ דערוואַקסענער, אַ מאַן, פּאַסט דיר נישט צו ריידן... שווייגסטו... אָבער איך ווייס, אַז דיר איז שווער, זייער שווער...

און אומעטיק! איך וואָלט אַזוי געוואָלט, איך ווייס נישט, ווי אַזוי, נאָר מיר זאָלן שוין זיין אַ ביסל גליקלעך, צוזאַמען... פּאַפּאַ, פּאַפּאַ! — האָט זיסעלע געשליוכצט.

— קינד מיינס, טייערס! — האָט ברוך געשלונגען די טרערן, ווי הייסע מעטאַל־טראָפּנס. און פון אַנגיינעדיק - פאַרשטיקטן האַלדז, קוים אַרויסגעדריקט איינציקע ווערטער: — מיר איז נישט טרויעריק... נישט שווער... אדרבא. גליקלעך בין איך! דערלעבט צו זען מיין קינד!... איך וויין? יאָ... פון דעם, וואָס דו האָסט דערציילט... וואָס דו האָסט זיך, נעבעך, אָנגעליטן! צו ראַטעווען דאָס שטיקעלע לעבן... מיין טייער לעבן!...

.18

אַרום עלף אַ זייגער איז שוין געווען, ווען ברוך און זיסעלע זענען צו־ריקגעקומען מיטן זעלבן שטעגל פון וואַלד, באַרג אַראָפּ, אין לאַגער אַריין. ביידן איז איצט אַ סך, אַ סך לייכטער געווען... ביידע האָבן זיך דערפילט מונטערער, מיט אַ וואַרעמקייט אין האַרץ און אַ ליכטיקייט אין דער נשמה...

ברוך האָט שוין איצט גוט געפילט, מיט זיין גאַנצער פאָטערלעכער עמפּינדלעכקייט, אַז דאָס בלאָנדע, שלאַנקע מיידל, וועלכע גייט מיט אים דאָ זייט־ביי־זייט, און האַלט זיין דלאָניע אין אירע צאַרטע, וואַרעמע הענטלעך, דאָס איז זיין קינד!... זיין בלוט און פליישׁ!... אַז דאָס איז דאָס נפשל, וואָס איז אים טייערער פון אַלץ אין דער וועלט! זיין קליין טעכטערל זיסעלע...

און זיסעלע האָט זיך געשפּילט מיטן טאַטנס האַנט, אַזוי ווי זי האָט געבענקט און געחלומט... זי האָט נישט אויפגעהערט פריילעך צו פּלאַפּלען:

— פּאַפּעלע... טייערער פּאַפּעלע... עס איז מיר איצט אַזוי גוט... אַזוי גוט!...

זי איז אַוועק פון אים אַ פריילעכע, אַ שטיפערישע און ברוך האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז צוליב איר, לוינט זיך נאָך צו לעבן אויף דער וועלט... און אַפילו אַ סך זאַכן צו פאַרקוקן... ער האָט אויך רחמנות געקראָגן אויף מאַטילדען און אין האַרצן איר אַלץ מוחל געווען.

„וואָס האָט זי, נעבעך, געקענט טאָן? זיך געוואָלט ראַטעווען מיטן קינד... און איצט איז אַ פּאַסקודנע לאַגע. פאַר איר איז אַזוי פּאַסקודנע, ווי פאַר מיר..."

אויך שמעלקע איז איצט ביי אים געוואָרן אַן אַנדערער... דער האַס און דער ביטול איז פיל מילדער געוואָרן. אים דוכט זיך איצט, אַז ער קען אים אַלץ מוחל זיין, אַפילו פריינדלעך געבן די האַנט און זאָגן אַ שיינעם דאַנק... ווען... אָבער ניין! שמעלקע וועט נישט אָפּטרעטן. און פאַר מענטש־לעכע צינגער דארף מען זיך היטן. נאָר נישט קיין לייטישע געלעכטער! נאָר נישט פאַרשאַפן קיין בזיונות זיסעלען!...

ווען ער איז געקומען אין דער לאַגער - פאַרוואַלטונג, האָט מען שוין

דעם גאַנצן טראַנספּאָרט מענטשן געהאט לאַנג איינגעקוואַרטירט אין וווינונגען. דער וווינונגס־פּאַרטיילער האָט זיך געוווּנדערט:

— ווו זענט איר אַהינגעקומען? איך האָב פאַר אייך אַ הערליכן צי־מער!... אויף דער הויפּט־גאַס, ווו דער גאַנצער שפּאַציר איז... אָט איז דער שליסל. נעמט אייערע זאַכן, וועל איך אייך אַהינפירן.

ברוך האָט גענומען זיין רוקזאַק מיטן קאַץ, וואָס ער האָט נעכטן באַ־קומען און איז אַוועק, מיטן וווינונגס־פּאַרטיילער, אין זיין נייעם צימער.

באַלד איז אָנגעקומען זיסעלע מיט אירע דריי חברטעס, מיט פרישע בוקעטן בלומען... זיסעלע האָט זיי באַקענט און אַלע פיר מיידלעך האָבן אָנגעהויבן אויפראַמען, איינאָרדענען און אויספּוצן דעם צימער, לויט זייער מיידלשן געשמאַק...

און ווען אַלע זענען אַוועק אויף מיטיק און אים געלאָזן אַליין, האָט ברוך געעפנט אַ קאָנסערוון ־ פּושקע, צעשניטן אַ לאַבן ברויט און זיך גע־זעצט עסן זיין איינזאַמען, בחורשן, טרוקענעם מאָלצייט...

און שניידנדיק די פּענעצן ברויט, האָט ער נישט אויפגעהערט איבער־צוחזרן:

„אַז איר וועט דאַרפן, אַז עס וועט אייך אויסקומען... וועט מען אייך צוטיילן אַ גוטן צימער"... אָט האָב איך שוין געדאַרפט, אָט איז מיר שוין אויסגעקומען... און אָט האָט מען מיר שוין צוגעטיילט..."

.19

אין אָוונט איז זיסעלע ווידער געקומען מיט חברטעס, — זייער ווילע מיידלעך, און מיט איינעם, אַ שוואַרץ־חנעוודיקן בחורל, וועלכן זיי האָבן אַלע גערופן: איזאַק. איזאַק איז, זעט אויס, דער ליבלינג פון דער גאַנצער מיידלשער קאמפּאַניע, אלע הערן נישט אויף צו אים צו שמייכלען. חנדלען זיך און רופן אים קאָקעטיש „איזאַקל"... אָדער קורץ: „איז"... נאָר ברוך האָט באַמערקט, אַז דער איזאַק שענקט אַממערסטן אויפמערקזאַמקייט זיסעלען... זי איז טאַקע די שענסטע פון אַלע... „אַ ווילער בחור!" — האָט ברוך אַ טראַכט געטאָן — „ער געפעלט מיר, דער איזאַק"...

די מיידלעך האָבן דערציילט די קאָמישסטע עפּיזאָדן פון טראַגישן געטאָ־לעבן... פון אַ פּאַסירונג אין אַ קלויסטער, ווו אַ יידישער יונגערמאַן איז געווען אַ „קאַשטשעלני" און געהאט דאָרט אַן אַרסענאַל פאַר די געטאָ־אויפשטענדלער... איזאַק האָט דערציילט וועגן וואַלד־לעבן, וועגן פּאַרטי־זאַנישן אָטריאַד, ווו ער איז געווען קאָמאַנדיר. ווי אַזוי מען האָט געכאַפּט עטלעכע דייטשלעך ביי אַ בריק, געצוווּנגען די דייטשלעך, זיי זאָלן אַליין, מיט די אייגענע הענט, אויפרייסן די בריק, וואָס זיי האָבן געהיט, אין דעם מאָמענט, ווען עס איז אויף איר אָנגעפאָרן אַ מיליטערישער עשאַלאָן... און ווי מען האָט זיי שפּעטער געבראַכט אין וואַלד, אויף אַ פאַרהער און מען האָט זיי פּאַרטיק געמאַכט... זיסעלע האָט דערציילט וועגן איר מוזיק־

פראָפעסאָר, וועלכער קומט אַלע טאָג צו איר אין שטוב אַריין, געבן לעקציעס אויף קלאַוויר. אַ קאָמיש דייטשל, אָט דער פראָפעסאָר. ער שווערט זיך יעדן טאָג, אַז ער האָט ליב יידן... אַז ער האָט נישט געוווּסט וועגן געטאָס און קאַצעטן... אַז דאָס גאַנצע דייטשע פאָלק האָט נישט געוווּסט... שולדיק איז נאָר איין היטלער, וועלכער איז שוין נישטאָ...

זיי האָבן געזונגען געטאָ־לידער, אַלע צוזאַמען, אין כאָר. און שפּעטער האָט זיסעלע אַליין געזונגען, סאָלאָ... און ברוך האָט, אין איר זינגען, געפילט אַ סך נשמה... זי האָט אַ האַרציק טענדעלע און דערצו — אַזעלכע עלאַסטישע באַוועגונגען, וואָס אילוסטרירן דאָס געזונגענע... פּשוט ווי אַן אַרטיסטן... עס איז אים איצט אַזוי גוט געווען, ברוכן, ווי קיינמאָל נישט ביז היינט... אַ גליקלעכער טאַטע אין אַ לוסטיקן משפּחה־קרייז... אָבער ער האָט זיך אויך דערפילט מאָדנע שווער און דער מח האָט זיך אים פאַר־נעפּלט...

די פריילעכע קאָמפּאַניע האָט באַמערקט, אַז ברוך איז שלעפעריק און מיד, האָבן זיי זיך אַנטשולדיקט און געווונטשן אַ גוטע נאַכט. זיסעלע האָט אים אָנגעקושט און זיי זענען אַוועק. דאַן איז ברוך אַנידערגעפאַלן. ווי אַן אונטערגעהאַקטער דעמב און איז איינגעשלאָפן, ביז אין שפּעטן טאָג אַריין.

אויפגעשטאַנען איז ער, מיט אַ גוטן הומאָר, אַן אויסגערוטער, אַ קרעפּטיקער. ער האָט זיך געמאַכט אַ קאַלטן דוש, לאַנג געשטאַנען שפּע־טער ביים שפּיגל און געפּלאָכטן אַ נייעם, רויטן קראַוואַט. שוין ניין יאָר קיין קראַוואַט נישט געטראָגן... זיך אָפּגעוווינט פון אָנטאָן אים... אָבער איצט גיט דאָס רויטע שטיקל זייד, ליכטיקייט און יום־טובדיקייט זיין פּנים. אַן אָפּגעפרישטער, האָט ער זיך אונטערגעזונגען עפּעס אַ פּאָפּולערער מעלאָדיע, — אַ זאַך, וואָס ער האָט שוין נישט געטאָן פון ניין־און־דריי־סיקסטן יאָר אָן...

ער האָט מיט אַפּעטיט פאַרענדיקט די קאָנסערוון־פּושקע, וואָס ער האָט נעכטן, צום אָוונט־ברויט, אָנגעהויבן, און זיך דערפילט ווי אַ מענטש, וועלכער האָט צו דערליידיקן וויכטיקע, אָבער נישט קיין טראַגישע ענינים. ער האָט נאָך נישט געוווּסט גענוי, ווי אַזוי ער זאָל צום ענין צוגיין און דורך וועמען אָנבינדן דעם קאָנטאַקט. דורכן רב טויג נישט. צופיל גראַטשקע... צו מענטשן, צו ווילנער? — חלילה! מען וועט אים „צעלייגן אויף טעלערלעך"... און נאָך וואָס זאָל ער דערלאָזן פרעמדע מענטשן, זיך מישן אין זיין פּריוואַטן לעבן? אין זיינע אינטימסטע אָנגעלעגנהייטן? ניין! מיט איר אַליין מוז ער ריידן. דיסקרעט און אויפן סאָלידסטן אופן. מענטשלעך און פריינטלעך. אָבער ווער זאָל דאָ צונויפפירן „ביידע וועגט"? זיסעלע? — אָך, ניין! נישט אַריינמישן דאָס קינד אין אַזעלכע דראַסטישע ענינים! ער וועט שוין זען. עס וועט זיך שוין מאַכן אַ געלעגנהייט...

און זיסעלע איז, ווי אַ ליכטיקע זון, אַריין צו אים אין צימער, מיט אַ זינגענדיקן „גוט־שבת פּאַפּעלע!..." און מיט אַ פרישן בוקעט בלומען.

— פּאַפּעלע, קום אַ ביסל אַרויס אין גאַס שפּאַצירן... וועסט אָנקוקן אונדזער לאגער, און... מענטשן ווילן דיך זען...
— גוט זיסעלע... קום אָנקוקן אייער לאגער...
— ווייסט, פּאַפּעלע, מיינע חברטעס זאָגן, אַז דו זעסט גאָרנישט אויס צו זיין מיין פּאפּא, נאָר מיינער אַן עלטערער ברודער... אַז דו ביסט אַ שיינער, אַן אינטערעסאַנטער און גאָר אַ יונגער מאַן... דו געפעלסט זיי... און איך בין דערפון שטארק צופרידן...
— אַזוי?... איך געפעל זיי? גוט...
— זיי זאָגן, אַז דו ביסט אינטערעסאַנטער, ווי די היינטיקע שניעקעס.
— אַז איך געפעל יונגינקע מיידעלעך, איז עס נישט קיין גוטער סימן...
— פאַרוואָס פּאַפּעלע?
— ווייל... ברוך האָט נישט געזאָגט דאָס, וואָס ער האָט געטראַכט... ער האָט אָבער גיך געפונען אַ פּאַסיקן ענטפער: — יונגינקע מיידעלעך זענען נאָך נישט דערפאַרן... געפעלן דאַרפן זיך תמיד מענטשן פון דער זעלבער עלטער. אַנדערש איז קיין גליק נישטאָ. אָט, איזאַק, צום ביישפּיל... ער דאַרף אייך געפעלן...
— ער געפעלט טאַקע, פּאַפּא...
— איך האָב עס באַמערקט...
זיסעלע האָט זיך פאַררויטלט און אַראָפּגעלאָזן די אויגן.
— ער איז אַ ווילער בחור, ער געפעלט מיר...
זיסעלע איז נאָך רויטער געוואָרן...
— און דו זיסעלע, זעסט שוין אויך אויס, נישט צו זיין קיין קינד... אַ גאַנצע פריילן געוואָרן!...
— טאָ זיי דו היינט מיין קאַוואַליער, און קום מיט דיין פריילן שפּאַצירן... — האָט זי אים גענומען אונטערן אָרעם.

זיי זענען געגאַנגען מיט דער גאַס, וואָס פירט צום „אונטערן גרינעם קראַנץ”. דער מאַרק־פּלאַץ, וואָס פאַרן קלוב, איז היינט געווען אָפּגעראַמט פון הענדלער און סטראַגאַנעס, אָבער פול מיט אויסגעפּוצטן, שפּאַצירנדיקן עולם, ווי אין דער אַלטער היים, שבת, פאַרן שול־הויף. לאַכנדיקע פּאָרלעך, שטיפנדיקע קינדער און מאַמעס מיט קינדער־וועגעלעך. און וואָס ברוכן האָט זיך אַמשטאַרקסטן געוואָרפן אין די אויגן אריין, איז געווען די גרויסע צאָל שוואַנגער־פרויען, וועלכע האָבן, גאָר נישט באַשיידן, געשטאַרצט מיט זייערע אויפגעגאַנגענע בייכער...
— אָט איז ער דאָך, ברוך קאַהאַן!... — זענען אים אַנטקעגנגעקומען באַקאַנטע ווילנער יידן.
— דער זעלבער וואָס געווען!... אויף אַ האָר זיך נישט געביטן...
— נאָך וואָס זאָל איך זיך בייטן? אויסבייטן זיך אויף אַן אַנדערן?... דער געפעלט אייך נישט?...
— וואָס־זשע מאַכט מען?...

— מען מאַכט זיך נישט וויסן...

— נו, גאָט צו דאנקען! נאָך אַ ווילנער זיך געראַטעוועט... נאָך אַ מענטש פון אונדזער משפחה... אַלע ווילנער זענען דאָך ווי איין משפחה!

— ברוך קאהאן וועט זיך נישט ראַטעווען!... אייביק געהאַט אַ קאָפּ אויף די אַקסלען! איך האָב געוווּסט, אַז ער וועט איבער אַלע שטורעמס אַריבערשווימען... ברוך קאהאן וועט קאַפּויר־קומען!...

— דאָס איז נישט צוליב מיין גבורה און נישט צוליב מיין שכל... עס האָבן זיך גרעסערע חכמים פאַר מיר באַנאַרישט... און גרויסע נאַראָנים, שלים־מזלען האָבן אויסגעשפּילט!...

— אַז מען זעט זיך געזונטערהייט, האָט איר גוט אויסגעשפּילט!

— איך זאָג נישט, אַז שלעכט... פּאַרקערט. אָבער אַלץ איז צופעליק. נישט צוליב שכל... מיליאָנען גוטע שווימער זענען אין דעם געוויטער דער־טרונקען געוואָרן און געליימטע האַלטן זיך אויף דער אויבערפלאַך...

— דער סאַמע עיקר: מען לעבט!

— יאָ, מען לעבט... אָבער וואָס איז דער עיקר?...

— אָ, דער עיקר איז טאַקע, אַז מען דאַרף עפּעס אויסטרינקען לכבוד דעם, וואָס מען זעט אַ היימישן יידן פון יענער וועלט!...

— פון דעם, וועל איך זיך נישט אָפּזאָגן... מיט היימישע יידן אויס־טרינקען, האָט זיך מיר שוין לאַנג געבענקט!...

— קום, זיסעלע, קום מיט. פאַר דיר וועט זיך עפּעס געפינען אַ זיסע זאַך, אַ לייכטע...

— זי איז אַליין זיס...

— די שיינהייטס־קעניגין פון אונדזער לאַגער!...

— אַזוי?... זיסעלע, ביסט אַ קעניגין?...

— אַ קעניגין אָן אַ קרוין, פּאַפּעלע... — האָט זיך זיסעלע געררויטלט.

אַרום גרויסן שבתדיקן טיש, ביים ווילנער מאַנופאַקטור־סוחר אַלעק־סאַנדער גראַנאָווסקי, האָבן זיך איצט געזאַמלט אַלץ מער און מער ווילנער. יעדערער איז געקומען אָנקוקן ברוך קאהאנען, וועלכער האָט דורכגערייזט אַ וועלט און קומט אַצינד אַזש פון דעם אוזבעקן־לאַנד... יעדער אייגער האָט אים געשטופּט אַ שלום־עליכם, געפרעגט: „דערקענסט מיך?״ און געקוקט אים אין פּנים אַריין, וואָס פאַר אַ מינע ער מאַכט...

— פאַרן געזונט פון מיין געוועזענעם קאָנקורענט אין דער מאַנופאַק־טור־בראַנזשע, ברוך קאהאן — האָט גראַנאָווסקי פריילעך דעקלאַמירט — עפן איך אָט די דריי פלעשער, וואָס מען קריגט עס נישט אין גאַנץ בייערן!

ברוך איז שוין לאַנג נישט געזעסן ביי אַזאַ יום־טובדיקן טיש, מיט אַזאַ היימישער חברותא. ער האָט זיין בליק נישט געקענט אַוועקנעמען פון די געבלימלטע גראַפינען, געשליפענע ווייַן־גלעזער, און קרישטאַלענע קליאַשן מיט זיסיקייטן און פרוכט... „ווי גיך מענטשן זענען דאָס צו זיך געקומען!...״ — האָט ער געטראַכט. דערביי האָט ער זיך דערמאָנט זיין איינגעפונדעוועטע היים, מיט מאַטילדען, מיט אַלע דריי קינדערלעך, מיט

משפחה און סוחרים פון זיין בראנזשע. וויפל מאָל פלעגט אָט דער גראַ־נאָװסקי קומען צו אים, זיצן ביי זיין טיש, מאַכן אַ לחיים, שפּילן אַ „ברידזש" איצט פילט ער זיך, ברוך, ווי אַ קאַפּיטאַן פון אַן אונטערגעגאַנ־גענער שיף...

זיסעלע איז געזעסן נעבן טאַטן און געשיינט פון גליק. זי האָט געזען דעם כבוד, וואָס מען גיט אים אָפּ, די פריינטלעכע און דרך־ארצדיקע באַ־ציאונג און עס איז איר אַ שאָד געװען, וואָס איזאַק איז נישטאָ דערביי און ער זעט עס נישט...

— לחיים פּאַניע קאהאַן!
— מיר זאָלן אייך זען צוריק אויף די פיס!...
— גדזשיע וואָדא בילא, טאַם וואָדא בענדזיע!... נישט געזאָרגט....
— די נאָז, אַרויף!... לחיים!
— לחיים!

מען האָט געקלונגען מיט די גלעזער, זיך געוויצלט, דערמאָנט זיך ווילנער יוגנט־יאָרן, חברים, מיידלעך, קאָמישע פּאַסירונגען, קאָנפליקטן. אויסגערעכנט אויף די פינגער, ווער פון די אַמאָליקע עס איז נאָך דאָ און ווידער געקלאַפּט מיט די גלעזער... ברוך געדענקט שוין נישט וויפל כוסות ער האָט געמאַכט. ער פילט נאָר, אַז זיינע באַקן זענען אים שטייף געוואָרן, ווי האַרטע ברעטלעך און פּאַר די אויגן שווינדלט שוין אַלץ אין אַ פאַרביקן קאַראַהאַד...

אַרויס פון גראַנאָװסקיס שטוב, איז ער אַ היפּש־בגילופינדיקער, מיט אַ צעפלאַמט פּנים און פאַרנעפּלטע אויגן. דאָך האָט אים עפּעס פאַר די אויגן אַ שווינדל געטאָן, וואָס עס האָט אים תיכף אויסגעניכטערט: אויף אַ שוועל פון אַ הויז, האָט ער דערזען מאַטילדען... ניין, ער האָט קיין טעות נישט, ער איז נישט שיכור... דאָס איז זי, מאַטילדע... פון גאַנץ ווייט האָט ער זי דערזען און תיכף דערקענט, ווי ערשט נעכטן וואָלט ער זי געזען... זי האָט אים אויך באַמערקט און איז שטיין געבליבן אינמיטן דעם אַריבער־שפּאַנען די שוועל, האַלטנדיק די קליאַמקע פון דער געעפנטער טיר. זי איז שטיין געבליבן, ווי אַ געפּענטעטע, נישט אַריינצוגיין און נישט אַרויסצו־גיין... זי האָט אַ לאַנגע רגע אויף אים געקוקט און נאָכדעם, ווי מיט כּח, זיך אַריינגעריסן אין דער אָפענער שטוב און פאַרמאַכט די טיר.

ברוך איז שטיין געבליבן אַן אויסגעניכטערטער פון אַלקאָהאָל און אַ צעמישטער פון דער פּלוצלונגדיקער באַגעגעניש... ער האָט זיך געווישט דעם שטערן, געריבן די אויגן און געקוקט צו דער טיר, אפשר וועט זי זיך ווידער עפענען?... נאָר אַנשטאָט דעם, האָט ער באַמערקט, ווי ביים פענצ־טער וואָס נעבן דער טיר, האָט אַ האַנט פאַרנומען אַ שטיקל גאַרדין און ער האָט דערזען אַ בלייך נעזל מיט אַ פּאָר אומעטיקע אויגן...

זיסעלע האָט גאָרנישט באַמערקט. נאָר זעענדיק דעם טאַטן שטיין אַ פאַרטראַכטן, האָט זי אים געצויגן ביי דער האַנט:

— קום, פאפעלע, קום... האָסט אַ ביסעלע אויסגעטרונקען... קום זיך אָפּרוען.

ברוך האָט איצט ווידער זיין רו פאַרלוירן. ווידער האָט די נאָגעניש אין האַרצן אויפגעוואַכט, נאָר זיך צו צעוויינען ווי אַ קליין קינד... ער האָט זיך געלאָזן פירן פון זיין טאָכטער אַ היים און ער איז צופרידן געווען, וואָס זי גייט אַזוי גיך אַוועק און לאָזט אים אַליין מיט זיינע געדאנקען און האַרץ־קלעמעניש.

אַזוי גיך, ווי זיסעלע האָט הינטער זיך פאַרמאַכט די טיר, האָט ברוך אַריינגענומען דאָס פּנים אין ביידע הענט און זיינע ברייטע, פעסטע אַקסלען האָבן זיך קאָנוולסיוו צעציטערט.

פאַרן איינשלאָפן, האָט נאָך לאַנג געשוועבט פאַר זיין בליק מאַטילדעס בלייך נעזל מיט די אומעטיקע אויגן... אַזוי האָט ער איר דערזען, נאָך אַכט יאָר צעשיידונג, אויפן שוועל פון אַ פרעמד הויז.

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, אין שפּעטן אָוונט, איז זיין בליק געפאַלן אין ווינקל, אויף דער ערד, נעבן אָפענעם פענצטער, ווו עס האָט געבלייכט עפּעס ווייסעס. ער איז זיכער געווען, אַז זיסעלע, אָדער איינע פון אירע חברטעס האָט דאָ עפּעס פאַרלוירן. ער האָט עס אויפגעהויבן. דאָס איז געווען אַ בריוועלע מיט בלויז דריי שורהלעך — מאַטילדעס שריפט:

„ברוך, איך וויל דיר זען. מיר מוזן זיך דורכריידן. קום מאָרגן, אַכט אָוונט, ביים ראַנד פון וואלד. קום, איך וועל וואַרטן. — מאַטילדע".

ברוך האָט בשום אופן נישט געקענט פאַרשטיין: ווי קומט אַהער מאַ־טילדעס בריוועלע? ווער איז דען דאָ געווען אין צימער, בעת ער איז גע־שלאָפן? זאָל זיין אַז זיסעלע?... אַ חברטע? און אפשר מאַטילדא אליין?... און אפשר האָט זי דאָס בריוועלע דורכן אָפענעם פענצטער אַריינגעוואָרפן?

ער האָט געהאַלטן דאָס שטיקל פּאַפּיר אין האַנט. אַזאַ טייער, ליב שטיקל פּאַפּיר... אַזאַ פריידיקס, אַזאַ צאַרטס... ער האָט קיינמאָל אַזוי, ביז היינט, נישט אָפּגעשאַצט דעם ווערט פון אַ פאַרשריבן שטיקל פּאַפּיר... עס דוכט זיך אים, אַז דאָס פּאַפּירעלע איז וואַרעם... עס לעבט... עס צאַפּלט זיך, אַזוי ווי נחס ווייסע טויב, וואָס האָט געבראַכט די פריילעכע בשורה... און די שורהלעך ריידן... ניין, זיי זינגען... ער האָט עס גענומען צו די ליפּן און אַ קוש געטאָן. אָבער באַלד האָט ער זיך פאַרשעמט פאַר זיך אליין און פאַר דעם, וואָס ער טוט.

— איי, ברוך, ברוך!... — האָט ער זיך אַליין גוטמוטיק געמוסרט — ווי אַ נאַרישער סטודענטל זעסטו אויס... קיינמאָל, ייִנגלווייז, האָסטו דאָך נישט געפּראָוועט אַזעלכע ראָמאַנטישע שטיק און אַזוי נישט געפיבערט!... און וואָס איז דאָס דען? דאָס ערשטע ליבעס־בריוועלע? עס איז דאָך דיין ווייב!... יאָרן אָפּגעלעבט צוזאַמען, קינדער געבוירן!... פּאַסט עס אַזוי, זיך נאַריש צו מאַכן, פאַר אַ יידן, וועלכער האָט שוין געקענט האָבן אייניקלעך? ביזט עובר־בטל, ברוך!...

ער האָט זיך אויסגעמוסרט און דאָך זיך נישט געקענט באַרוהיקן:

— אַזוי, אַזוי... מאַטילדעס האַנט־שריפט... פאַר דער גאַנצער צייט פון אונדזער צוזאמענלעבן, איז זעלטן אויסגעקומען זי זאָל צו מיר דארפן שרייבן. כלהוויז פלעגט זי שרייבן אָפט... מיט אַ שפראַך, ערגעץ פון ביכלעך אַרויס... די זעלבע בוכשטאַבן... די זעלבע האַנט־שריפט...

ער האָט נישט אַנגעצונדן דאָס ליכט אין צימער. עס איז אים גוט געווען אין דער טונקל צו זיצן ביים אָפענעם פענצטער און קוקן אויף די פאַרביישפאַצירנדיקע פאָרלעך.

— מאָרגן אַכט אין אָוונט, ביים ראַנד פון וואַלד וועט זי וואַרטן... זי וויל מיך זען... זי מוז מיט מיר ריידן, מאַטילדע... — האָט ער נישט אויפ־געהערט אַ שמייכלענדיקער איבערצוחזרן — און אָט איז דער קאָנטאַקט... אָן קיינעמס פאַרמיטלונג... אַליין אין שטוב אַריינגעקומען... און דווקא פון איר, פון מאַטילדעס זייט...

ער האָט געפילט, אַז אַלץ אין אים לאַכט, קוועלט און זינגט אַן אלט־באַקאַנטן ניגון... באַלד־באַלד, ווער איז דער ניגון? פון וואַנען קען ער די מעלאָדיע?... אהא, דאָס האָט זי דאָך אים טאַקע אויסגעלערנט, מאַטילדע אַליין, כלהוויז... ווען זיי זענען אַמאָל געווען אין אַ דאָרף, אויף פרישער לופט. דאָרט, ביים טייכל זיצנדיק, מיט די באָרוועסע פיס אין לויטערן וואַסער, האָט זי עס אים געלערנט און שפּעטער פלעגן זיי עס אָפט צוזאמען זינגען. און נאָך שפּעטער פלעגן זיי, מיט דעם זעלבן לידל, דאָס ערשטע קינד פאַרוויגן...

ער האָט אַליין נישט באַמערקט, ווי ער האָט אָנגעהויבן זינגען. פריער שטיל, נאָכדעם — העכער, אַריין אין עקסטאַז און זיך צעזונגען אויף זיין העכסטן קול:

אין וועלדל, ביים טייכל,
דאָרט זענען זיך צעוואַקסן
מאַרגאַריטקעלעך עלנט און קליין...
ווי קליינינקע זונען
מיט ווייסינקע שטראַלן,
מיט ווייסינקע,
טראַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ...

די שפּאַצירנדיקע פאַרביי זיין פענצטער האָבן אָנגעהויבן נייגעריק אַריינצוקוקן. ברוך האָט עס באַמערקט. ער האָט אָבער נישט געהאַט דעם כח זיך צו באַהערשן און ווייטער געזונגען...

פּלוצלינג האָט אים עפּעס אַ בלישטש געטאָן פאַר די אויגן. צי דאַכט זיך אים? ניין, דאָס איז זי דאָך... מאַטילדאַ... זי גייט אין מיטן, מיט נאָך צוויי פרויען געאָרעמט און אַלעמענס קעפּ זענען געווענדעט צו זיין פענצטער... די זעלביקע מאַטילדאַ, דאָס פּנים איז נאָר בלייך און די אויגן... וואָס פאַר אַן אומעטיקע אויגן! אַזעלכע אויגן האָט ער נאָר געזען ביי איר איין מאָל, דאָס לעצטע מאָל, ווען זיי האָבן זיך געזעגנט און זי האָט אים געזאָגט:

— גיי, ברוך, גיי! מענער דארפן אנטלויפן! פרויען און קינדער וועט גאָרנישט געשען. מענער דארפן זיך ראטעווען. אַנטלויף! גאָט וועט העלפן, וועלן מיר זיך ווידער זען! — — —

און גאָט האָט אים געהאָלפן... אָט זעט ער זיי ווידער, מאַטילדעס צוויי אומעטיקע אויגן...

ווייט־ווייט, אַראָפּ אין טונקעלן געסל זענען זיי שוין און מאַטילדא האַלט נאָך אַלץ דעם קאָפּ אויסגעדרייט צו זיין פענצטער... און אָט זענען זיי שוין, אַלע דריי פאַרשוווּנדן. נאָר אין דער ווייטער טונקלקייט, דוכט זיך ברוכן, אז ער זעט נאָך שוועבן אַ בלייך נעזל מיט צוויי אומעטיקע אויגן...

ער געדענקט נישט, ווען ער איז אַנטשטומט געוואָרן, ווען ער האָט אויפגעהערט זינגען. ער דערפילט זיך יינגלש, נאַריש און זידלט זיך אליין:

— דו אלטער, נאַרישער באָק! וואָס איז דאָס פאַר א זינגעניש פלוצלינג געווען? זי האָט דאָך מיר געמוזט אָנקוקן ווי אַ יינגל, אָדער ווי אַן אידיאָט! מאַרגאריטקעלעך מיט שטראלן הערסטו גאָר! מיט אַ טראלאלאלא אין מיטן דערינען! ווען אַ משפחה איז צעריסן, הערצער צעריסן! אַ דערוואַקסענע טאָכטער און זי, מיט אַזעלכע אומעטיקע אויגן!

ער איז נערוועז געוואָרן, זיך קיין אָרט נישט געפונען, אַרומגעשפּאַנט איבערן צימער הין און צוריק און זיך געמאַכט פאָרווורפן.

— מאָרגן אַכט אַזייגער אין אָוונט... פאַרוואָס האָט זי דאָס אָפּגעלייגט אויף אַ גאַנצן מעת־לעת? צי קען זי נישט פריער? אָדער אפשר וויל זי מיך אויסמאַטערן און פירן ביי דער נאָז, ווי אַ יינגל? ווי שטופּט מען אַריבער אַזאַ מעת־לעת?!

פון גאַס האָבן זיך דערטראָגן קולות. מענטשן זענען געלאָפן. איז ברוך אויך אַרויסגעלאָפן, לאָזנדיק אויפגעפּראלט זיין טיר. דער עולם האָט געשפּאַרט אין אַ שטוב אַריין, ווו צוויי ווייבער האָבן זיך געריסן פאַר די האָר. איין פרוי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ מאַנטל מיט אַ הוט און די צווייטע — אין אַ נאַכט־העמד. די מיטן מאנטל, האָט עפּעס געהאלטן אין האַנט אַ פלעשל, וואָס א מאנסביל האָט עס געוואָלט ביי איר אַרויסרייסן. דער מאַן איז געווען בלייך, מיט אַ פּאָר ווילדע אויגן און מיט אַ ריטשקע בלוט פון שטערן, וואָס האָט זיך געצויגן ביז אַראָפּ, אויפן העמד... קינדער האָבן געוויינט און שכנים האָבן זיך באַמיט פאנאנדערצורייסן די ווייבער, וועלכע האָבן זיך פאַרפלאָכטן איינע אין דער אַנדערערס האָר. שפּעטער האָט מען אַרויפגעוואָרפן אַ שלאָפראָק אויף דער פרוי, וואָס אין נאַכט־העמד, מען האָט איר דערלאַנגט אַ קינד אויפן האַנט און מען האָט איר אַרויסגעפירט פון שטוב, ערגעץ צו אַ שכן. די צווייטע פרוי האָט אויסגעטאָן דעם מאנדל מיטן צעקנאָדערטן הוט און האָט זיך אַ צעפּלאַמטע צעזעצט ביים טיש, מעשה־באַלעבאָסטע, געזעצט מיטן קולאַק און געשריען צום צעבלוטיקטן מאנסביל.

צווישן עולם האָט מען גערעדט, אַז דאָס איז אַ פרוי געקומען פון רוסלאנד און געטראָפן איר מאַן וווינען מיט אַן אַנדערער. זיי האָבן שוין

אַפילו אַ קינד. אָט דאָס קינד, וואָס זי האָט זיך איצט מיטגענומען. יענע צוויי קינדער, וועלכע ליגן איצט אויף איר שויס און וויינען, זענען טאָקע אירע קינדער. שוין אַ וואָך צייט ווי דאָס ווייב רופט זיי צום רב און זיי גייען נישט. אָט האָט זי זיך איצטער אָפּגעפּארטיקט מיט זיי אָן אַ רב...

ברוך האָט שפּעטער געשפּאנט אין די פינצטערע גאסן און געטענהט צו זיך אליין:

— מיין מעשה... מיין געשיכטע! אפשר דארף מען טאָקע אזוי קעמפן מיט קולאקעס, מיט נעגל און ציין? דער סקאנדאל האָט געדויערט אַן אָוונט. מענטשן וועלן ריידן אַ וואָך. שפּעטער וועט שטיל ווערן. און דאָס ווייב וועט בלייבן אין איר שטוב, מיט איר משפחה!

אָבער ניין! ער קען דאָס נישט, ער וועט דאָס נישט טאָן, ער זאָל וויסן אַלץ צו פארשפּילן; פאַר ווייבער איז דאָס אַן ענין. פאַר אים, ברוך קאהאַן — נישט! ווען די עלטערע צוויי קינדער וואָלטן געלעבט, וואָלטן זיי געמאַכט אין שטוב אַ פּאָגראָם! אַלץ וואָלטן זיי צעבראָכן און צעטראסקעט! און שמעלקע וואָלט זיך אָפּגעטראָגן קוים מיטן לעבן, ווי די־אָ, אין דעם נאַכט־העמד...

אָבער וואָס טראַכט ער נאַרישקייטן? נישט ער וועט דאָס טאָן און נישט עמיצער אַנדערש וועט דאָס טאָן פאַר אים. און אפשר דארף מען גאָר נישט טאָן? זיי וועלן זיך דאָך מאָרגן אין אָוונט טרעפן... מאַטילדע אליין האָט דאָך געשריבן אַ בריוועלע... און זי האָט אים אַריינגעקוקט אין פענצטער מיט אַזעלכע אומעטיקע אויגן!...

.20

אַן ענדלאָז לאַנגן זומער־טאָג האָט ברוך אָפּגעטראַכט, ווי אזוי ער זאָל ריידן מיט מאַטילדען און וואָס ער זאָל איר זאָגן...

ער האָט שוין געהאט אַ גאַנצן צוזאמענגעשטעלטן מאָנאָלאָג מיט ביישפּילן, רמזים און גלייכווערטלעך... ער וועט ריידן צו איר געוויסן, הייסן איר זיך אויסניכטערן, זען איר צוקונפט און די צוקונפט פון זייער טאָכטער. אַ ביסל וועגן סענטימענט, אַ ביסל מאָראַל און וועגן פּראקטישע זאכן... ער קען דאָך איר, מאַטילדען... נישט איינמאָל זיך צעווערטלט און זיך שפּעטער איבערגעבעטן...

נאָר ווען ער האָט, אין טונקעלן אָוונט, געשפּאנט באַרג־אַרויף, צום ראנד פון וואַלד, ווו זי דאַרף אויף אים וואַרטן, איז אים דער גאַנצער מאָנאָלאָג פון קאָפּ אַרויס — ער זאָל עס געדענקען ווי מען פלעכט צוזאמען אַ וואָרט מיט אַ וואָרט!... — גאָרנישט. ווי אויסגעוועבט. ער האָט זיך אַ רגע אָפּגעשטעלט, דאָס האַרץ זאָל אזוי האסטיק נישט קלאַפּן. זיך געריבן דעם שטערן, געפּרווט זיך דערמאָנען, נאָר... אז באַלד די ערשטע ווערטער, דעם אַריינפיר, האָט ער פאַרלוירן. אַ קאָפּ ווי הויפּטל קרויט!...

וואָס העכער ער איז געשטיגן באַרג־אַרויף און זיך דערנעענטערט צום ראנד פון טונקעלן וואלד, אַלץ האַסטיקער האָט אים דאָס האַרץ געקלאַפּט.

אַטעם האָט אים אַזש פאַרפעלט! און ווען ער האָט דערזען, אין דער טונ־קלקייט, דעם סילועט פון אַ פרוי, איז אים אינגאנצן דאָס לשון אָפּגענומען געוואָרן.

— ברוך?

— יאָ, מאַטילדע... ע... אַ גוטן אָוונט...

— גוטנאָוונט ברוך...

ער האָט געהאלטן איר האַנט אין זיינער און נישט געוווסט, צי געבן איר אַ קוש אין האנט, צי אין פּנים, צי אינגאנצן נישט... אַ לאנגע רגע האָבן זיי ביידע געשוויגן. און וואָס לענגער זיי האָבן געשוויגן, אַלץ פּיינליכער איז ביידן געוואָרן. ברוך האָט שוין זיך געמוסרט: „לעמעשקע וואָס דו ביסט! וואָס צערעמאָניעסטו זיך? ס'איז דאָך דיין ווייב. אַזוי פיל יאָרן אָפּגעלעבט צוזאמען. רעד שוין אַ וואָרט!"

— איז וואָס־זשע מאַכסטו, ברוך? — האָט מאַטילדע אָנגעהויבן שטיל.

— וואָס איך מאַך, איז נישט וויכטיק. וואָס מאַכ־ס־ט־ו דאָ אַזוינס, מאַטילדאַ? — איז ער צופרידן געווען, וואָס עס איז אים אַזוי גוט אונטער־געקומען, איר צווייידייטיק ארייַנזאָגן...

— דו ווייסט דאָך שוין אַלץ...

— נישט אַלץ! איך ווייס נישט וואָס דו טראַכסט אויף ווייטער...

זי האָט אַרויסגענומען איר האַנט פון זיינער און ברוכן האָט זיך געדאַכט, אַז זי ווישט זיך די אויגן.

— עע... ס'איז אַזוי פינצטער, אַז איך זע דיך נישט... איך זע נישט דיין געזיכט אַפילו... כ'מיין, ווי דו זעסט אויס, מאַטילדאַ...

— ס'איז גלייכער... — האָט זי געענטפערט געבראָכן און ער האָט אין איר שטים געפילט טרערן.

יאָ, מאַטילדאַ האָט געוויינט און ברוך האָט נישט געוווסט, צי ער זאָל זי טרייסטן. ער האָט לאַנג געשוויגן און ענדלעך זיך אָנגענומען מיט מוט:

— נו, שאַ, וואָס איז דאָס געוויין? מען דאַרף נישט וויינען, דאַרף מען נישט... באַרואיק זיך מאַטילדאַ, מען קאָן נאָך אַלץ פאַרריכטן...

— ניין, ברוך. עס לאָזט זיך גאָרנישט פאַרריכטן... עס לאָזט זיך נישט...

ברוכן האָט אין האַרצן אַ שניט געטאָן און אין גאָרגל איז אים עפּעס שטעקן געבליבן, נישט אַראָפּצושלינגען.

— ס'הייסט?!

— פאַרשטייסט, בוך, דו האָסט שוין פאַר אונדז נישט עקזיסטירט... אַפילו נאָכדעם, ווי מיר האָבן באַקומען פון דיר די ערשטע טעלעגראַמע, אַז דו לעבסט... כ'האָב דיר שוין נישט געוואָלט באַגעגענען מער, ווייל קיין גוטס דערפון קען דאָך שוין נישט אַרויסקומען... נישט פאַר אונדז און ניט פאַר דיר... מיר האָבן געלעבט רואיק און צופרידן און נישט געוואָלט מער געדענקען די מלחמה־איבערלעבונגען און נאָכמער, פאַרגעסן אַלץ וואָס עס איז געווען פריער... מיר זענען ערשט ניי־געבוירן געוואָרן, אַרויסגייענדיק

פון בונקער. די פריערדיקע מאטילדא איז אומגעקומען... איצט לעבט אַן אַנדערע... אַזוי טאַקע האָבן מיר געלעבט, ווי מענטשן אָן אַ נעכטן... ביז איך האָב דיר דערזען דאָ אין לאגער... אַלץ האָט זיך איבערגעדרייט... איך האָב דיך ליב, ברוך, ווי אַמאָל! און... עס לאָזט זיך גאָרנישט פאַרריכטן!...

— פאַרוואָס? מאַטילדאַ באַדענק זיך! פאַרוואָס דאַרפן מיר זאַלבע־דריט ליידן צוליב „אים" איינעם? ווי מעג ער? ווי האָט ער עס רעכט צו פאַרלאַנגען? אַזאַ שמעלקע! בכן, ער האָט געהאַט אַ קוויטל...

— רייד נישט וועגן אים אַזוי. ער האָט עס נישט פאַרדינט. אַ דאַנק אים, האָסטו אַ טאָכטער... הער, ברוך: מיר זענען שוין צוויי נעכט נישט געשלאָפן. מיר האָבן שוין גערעדט און געטענהט. ער האָט שוין געוויינט און געשלאָגן זיך קאָפּ אָן וואַנט. ער זאָגט, אַז אויב איך וועל אַוועקגיין פון אים, וועט ער זיך איבערשניידן דעם האַלדז!... דאָ איז שוין געווען אַזאַ פאַל, ברוך... און שמעלקע זאָגט, אַז ער וועט טאָן אַזוי ווי יענער! און איך גלויב אים אַז ער קען דאָס טאָן.

— און אַז איך וועל דיר זאָגן, אַז איך וועל דאָס טאָן?...

— ברוך, איך וועל פון זינען אַראָפּ! פּייניק מיך נישט... ברוך, פאַרשטיי, ער האָט דאָך אונדזביידן געראַטעוועט דאָס לעבן. זאָל איך אים דערפאַר באַצאָלן מיט אַזאַ ט ו י ט ? !

— ווילסטו, הייסט עס, בלייבן מיט אים? דאַרפן מיר זיך, הייסט עס, גטן?...

— ניין!!! ברוך, דאָס נישט! — האָט זי אויפגעצאַפּלט ווי פון אַ נאָדל־שטאָך. — איך וויל דיך נישט פאַרלירן! איך טאָר דיך נישט פאַר־לירן! איך האָב מורא דיך צו פאַרלירן, ברוך!

— איז ווי־זשע שטעלסטו זיך עס פאָר?...

— ברוך, וואַרט אַביסל... אפשר... כ'וועל אים לאַנגזאַם צוגעוווינען צום געדאַנק... כ'וועל אים טרייסטן...

— המ... איז ווי לאַנג וועט איר זיך אַזוי טרייסטן?... איך דאַרף נישט קיין טרייסט? נאָך אַזעלכע יאָרן, דאַרף איך אַלץ ליגן ווי אַן איינזאַמער הונט און טראַכטן, אַז איר ביידע, דאָרט אין אייער שלאָף־צימער, טרייסטן זיך?...

— ברוך, ברוך! גלויב מיר, עס איז מיר אַזוי שווער! אַזוי שווער... אַ סך שווערער, ווי דיר...

— האָסט אים ליב?

— ניין. נאָר ער פאַרדינט מען זאָל אים ערלעך ליב האָבן.

— און וואָס, מיינסטו, וועט זיין דער רעזולטאַט פון מיין וואַרטן?

— כ'ווייס נישט, ברוך, איך ווייס נישט... נאָר איך וועל אַלץ אויס־טראַכטן, אַלץ טאָן און אויספּרובירן און... דאָס איבעריקע וועט די צייט באַווייזן.

— זיסעלע איז שוין נישט קיין קינד... דער לאַגער רעדט... איז ווי

מיינסטו, עס איז גוט פאַר איר, וואָס דער טאטע אירער איז דאָ, און די מאמע...

— איך ווייס אַלץ, וועגן אַלץ געטראַכט! דער קאָפּ ווערט מיר שוין צעדולד טראַכטנדיק!

— נו?...

— ברוך, האָסט אַזוי לאנג געוואַרט!... שטארק זיך נאָך אַביסל.

— גוט. כ׳וועל נאָך אַ ביסל צוווארטן. נאָר צי נישט איבער די סטרונע. זי וועט פּלאַצן. מאטילדא, געדענק!

מאַטילדא האָט געכליפּעט. אַנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף זיין ברוסט און געצוקט מיט אירע שמאָלע אַקסלען. ברוך האָט זי אַרומגענומען און געקושט אין קאָפּ. זיינע ליפּן האָבן געפיבערט און זיינע הענט האָבן געציטערט.

— ס׳איז מיר גוט מיט דיר, ברוך. ס׳איז מיר גוט... נאָר לענגער טאָר איך דאָ נישט בלייבן...

— ווען־זשע וועל איך עפּעס וויסן?

— כ׳וועל דיר שוין צעוויסן געבן, נאָר טו נישט אָפּ קיין נאַרישקייטן. זיי רואיק און וואַרט!...

— „זיי רואיק"... ווי קען איך שוין זיין רואיק?...

— אויך איך האָב מיין רו פאַרלוירן, ברוך! גלויב מיר: איך הענג איבער אַן אָפּגרונט, צווישן צוויי בערג!

— ווייל אויף קיין צוויי בערג קען מען נישט שטיין, מאַטילדא... מען דאַרף זיך האַלטן אָן איינעם! באַשליס זיך מאַטילדא!

— אַז דו וועסט יאָגן, וועל איך זיך באַשליסן צו שפּרינגען אין אָפּגרונט אריין!

— מאַטילדא!

— אַ גוטע נאַכט, ברוך. וואַרט...

זי האָט אים בליץ־שנעל אַ קוש־געטאָן אין באַק און אָנגעהויבן לויפן באַרג־אַראָפּ. ברוך האָט געוואָלט נאָכלויפן, נאָר זי האָט געשריען:

— באַגלייט מיך נישט. איך מוז גיין אליין. אַ גוט נאַכט ברוך, וואַרט!

מאַטילדא איז פאַרשוווּנדן, זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט דער פינצטערניש. ברוך איז אַליין שטיין געבליבן ביים ראַנד פון פינצטערן, רוישעדיקן וואַלד און געפינטלט מיט די אויגן:

— אַ חלום... איך חלום אַ מאָדנעם חלום! — — — — — — — — — —

## 21.

און טעג האָבן זיך געצויגן סוף־זומערדיקע. ברוך איז מעת־לעתן אָפּגעזעסן ביים אָפענעם פענצטער, אין זיין צימער, און אַלץ געוואַרט, אַז מאַטילדא זאָל אים עפּעס געבן צו וויסן. ער האָט זי, פון דעמאָלט אָן, שוין

מער נישט געזען. אויך זיסעלע איז לעצטנס זעלטענער געקומען. בייטאָג האָט זי זיך געלערנט און אין אָוונט פאַרבראַכט מיט אירע חברטעס און מיט דעם שווארצחנעוודיקן בחור איזאַק. און איז זי שוין יאָ אַריינגעקומען, איז עס שטענדיק געווען אין איילעניש:

— וואָס מאַכסטו פאַפּעלע? איך בין נאָר אַריין אויף אַ מינוט, געוויר ווערן וואָס דו מאַכסט... מען וואַרט אויף מיר... — און האָט זיך אַפילו נישט צוגעזעצט.

איינמאָל האָט עס ברוך נישט אויסגעהאַלטן:

— וואָס טוט די מאמע? — ווי אין אגב, האָט ער עס געפרעגט. ווי אַ ביי־זאַך...

— אַזוי... אין קראַם.

— געזונט?

— יאָ.

— זי ווייסט, אַז דו קומסט צו מיר... אַזוי זעלטן?...

— זי מיינט, אַז איך גיי אָפּטער... — האָט זיך זיסעלע פאַררויטלט — אָבער פאַפּעלע, איך קום דאָך ווען איך קען נאָר... איך זע דיך יעדן טאָג... איך לערן דאָך. און אין אָוונט ווילט זיך אַ ביסל פאַרברענגען...

— אדרבה, מיין קינד, עס איז היינט דיין צייט... פאַרברענג, פאַר־ברענג גוט און פריילעך!... איך האָב צו דיר קיין טענות נישט...

און ברוך האָט איצט נאָך מער פאַרשטאַנען, אַז זיסעלע איז שוין מער נישט קיין קינד, אַז זי האָט שוין איר וועלט, איר באַזונדערע וועלט... אירע בענקשאַפטן און פאַרלאַנגען. נאָך אַ יאָר — און זי וועט זיין זעלבסטשטענ־דיק. וועט אַוועק פון דער היים, אַוועקפאָרן אין אַ ווייט, פרעמד לאַנד מיט איר באַשערטן... פון צייט־צו־צייט וועט מען בלויז באַקומען פון איר אַ בריוו מיט אַ פאַמיליען־פאָטאָגראַפיע... ניין: זיסעלע איז שוין נישט קיין סיבה, קיין תירוץ... מסתמא טראַכט אַזוי מאַטילדא אויך... נאָר וואָס שווייגט זי אַזוי מאַטילדא? וואָס לאָזט זי גאָרנישט וויסן פון זיך? וואָס מיינט זי זיך?

און איינמאָל אַן אָוונט, ווען דער עלנט האָט אים מער געדריקט, ווי תמיד, האָט ער אַליין נישט באַמערקט, ווי ער איז געקומען צום ראַנד פון וואַלד, ווו ער האָט זיך געהאַט געטראָפן מיט מאַטילדען...

אַ דריבנער רעגנדל האָט געזיפּט. דער וואַלד האָט גערוישט מיט זיינע באַבלעטערטע צווייגן און ברוכן האָט זיך געדוכט, אַז עס באַוועגט זיך אַ שאָטן, אַ סילועט פון אַ פרוי...

בעת דער דעמאָלסטיקער באַגעגעניש, האָט ער דאָך אויך רעכט איר פּנים נישט געזען... די ערשטע באַגעגעניש מיט זיין ווייב, נאָך אַכט יאָר, בגניבה אין אַ פינצטערן וואַלד! און ער האָט זי רעכט נישט געזען...

קיינער האָט אים איצט נישט געזאָגט „ברוך גוטנאָוונט"... אַליין איז ער געשטאַנען נעבן אַ נאַסן בוים און געטראַכט:

„אָט דאָ איז זי געשטאַנען, מאַטילדא... אַזוי נאָענט זענען מיר געווען

און אַליין... זי האָט געוויינט... אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף מיין ברוסט און געכליפּעט. און איך האָב זי געגלעט די האָר און געקושט אין קאָפּ...״

און ער דערמאָנט זיך, ברוך, איר שטילע, געבראָכענע שטימע:

„עס לאָזט זיך גאַרנישט פאַרריכטן... וואַרט אַ ביסל, אפשר... איך הענג איבער אַן אָפּגרונט, צווישן צוויי בערג... אַז דו וועסט מיר יאָגן, וועל איך שפּרינגען אין אָפּגרונט אַריין! איך האָב דיך ליב, ווי אַמאָל... וואַרט... איך וועל דיר צו וויסן געבן — — — — —״.

און דאָ האָט ער זיך דערמאָנט דעם גאַנצן מאָנאָלאָג זיינעם, וואָס ער האָט צוגעגרייט צו זייער ערשטער באַגעגעניש, מיט אַלע גלייכווערטלעך און רמזים... איצט האָט ער געהאַט דעם מוט אויסצוגיסן זיין ביטער האַרץ פאַר דעם טונקעלן, נאַסן בוים... ער האָט זיך געווישט די טרערן: „מאַ־טילדא, מאַטילדא!... וואָס איז פון אונדז געוואָרן? פאַרוואָס איז אונדזער לעבן אַזוי צעבראָכן געוואָרן? וואָס וועט מיט אונדז זיין, מאַטילדא? אַ קאַלטע, גרויע וואַנט איז צווישן אונדז אויסגעוואַקסן, אַ שטיינערנער מויער! דו פילסט נישט, ווי מיין האַרץ ברעכט זיך און דו באַנעמסט נישט מיינע רייד... פאַרוואָס איז אונדז ביידן באַשערט צו שטיין ביי אַ ראַנד פון אַ פינצטערן אָפּגרונט און נישט האָבן קיין רעטונג און קיין אויסוועג? פאַרוואָס? נאָך ווינציק געהאַט ביז איצט?!״ — — —

דער רעגן האָט אָנגעהויבן פאַלן, וואָס אַמאָל געדיכטער. עטלעכע גרויסע, קאַלטע טראָפּנס האָבן זיך אים אַריינגעקראָגן, דורכן קאָלנער, טיף אין האַלדז אַריין. ער האָט אויפגעשוידערט פון קעלט, זיך דערפילט אַן אויסגעווייקטער פון קאָפּ, ביז די פיס און זיך תיכף אויסגעניכטערט.

— אַ משוגעת צו קריכן אַליין, אין אַזאַ רעגנדיקער נאַכט, אין וואַלד אַריין! אַ משוגעת אַוועקצושטעלן זיך און אויסצוטענהן זיך פאַר אַ בוים!

ער האָט גענומען שפּרייזן באַרג־אַראָפּ, צוריק אין לאַגער. ער האָט זיך געגליטשט און געטאָפּטשעט אין הויכן, נאַסן גראָז און געפילט, ווי אין די שיך איז אים אָנגעקומען וואַסער. אַ מאָדנע קעלט האָט אַרומגענומען זיין גאַנצן קערפּער. אַ מאָדנער פיבער. און אַ ניסעניש איז אים באַפאַלן, ווי ער וואָלט חלשות־טראָפּנס געשמעקט... וואָס טיפער אין טאָל, אַלץ פינצטערער איז דער וועג געווען און סכנותדיק גליטשיק און עפּעס מאָדנע לאַנג איז ער געוואָרן, דער וועג! צי בלאָנדזשעט ער? ניין. ער זעט דאָך פון דער ווייטנס די פייערלעך פון לאַגער. פאַרוואָס איז אים אַזוי שווער צו גיין? די פיס זיינע זענען ווי נאַסע, שווערע קלעצער. ער האָט נאָך אַזאַ מידקייט קיינמאָל נישט געפילט! ער וואָלט שוין געוואָלט ליגן אין בעט. דאָס האַרץ שטעכט אים איצט אַ סך שאַרפער ווי לעצטנס. און דער קאָפּ! וואָס האָט ער אַזאַ שווערן קאָפּ באַקומען? די שלייפן האַקן אים ווי מיט האַמערס.

— דאַכט זיך, איך האָב היץ? יאָ, גרויסע היץ!

ער האָט זיך קוים דערשלעפּט צו זיך אין צימער אַריין, אַראָפּגעצויגן פון זיך די נאַסע בגדים, די שווערע, ליימיקע שיך, זיך געלייגט אין בעט אַריין און געפילט ווי דער פיבער שטאַרקט זיך.

צומאָרגנס איז ער אַ גאַנצן טאָג אָפּגעלעגן אין בעט און נישט געהאַט קיין כח אַראָפּצוגיין און מאַכן זיך אַ גלאָז טיי אויף דער עלעקטרישער פּליטקע.

ערשט אין אָוונט איז זיסעלע געקומען.

— דו ליגסט גאָר, פּאַפּאַ? וואָס איז דיר?

— גאָרנישט זיסעלע. אַ ביסל פאַרקילט.

— ווילסט אפשר עפּעס פּאַפּעלע?

— אַ גלאָז טיי, אויב דיר איז נישט שווער...

— און אפשר ברענגען פון שטוב אַ ביסל מאַלינעס־סאָק?

— ניין! ברענג גאָרנישט פון שטוב! פון דער אַפּטייק, אַן אַספּירין...

זיסעלע האָט געמאַכט טיי, געבראַכט אַספּירין, אים איינגעדעקט מיטן קאָץ און אַרויפגעוואָרפן אויבן זיין שווערן ווינטער־מאַנטל, און ברוך האָט געפילט אַז עס ווערט אים וואַרעם, וואַרעם און גוט...

אַ גאַנצע נאַכט האָט ער געשוויצט. און אינדערפרי איז ער שוין געלעגן אַ בלייכער, אַ קילער, אַ מאַכטלאָזער...

„ניין! אַן עלנטער הונט טאָר זיך נישט פּיעשטשען! נישט ליגן אין קיין בעט און נישט וואַרטן מען זאָל אים דערלאַנגען!" — האָט ער זיך קוים אָנגעטאָן און זיך גענומען פּאָרען ביים טשייניקל מיט דער עלעקטרי־שער מאַשינקע. דערביי איז דער פאַרדרוס אין אים געשטיגן:

„וואָס שווייגט זי, מאַטילדא? וואָס מיינט זי מיט זיך? איך בין אַ יינגעלע? זי וועט מיך פירן ביי דער נאָז? אפשר מיינט זי פּשוט צו געווי־נען אויף צייט? באַרואיקן מ י ר און צוגעווינען מ י ר צום געדאַנק, אַז זי בלייבט מיט א י ם, מיט שמעלקען? איז לאָמיר הערן קלאָרע דיבורים! אין דער לאַנגער באַנק־אַריין וועל איך מער נישט לאָזן ציען. איך האָב פיינט פאַרשלעפּטע קרענקן!"

און ווען ברוך האָט געזען פאַרבייגיין פאַרביי זיינע פענצטער די פּרוי פון יענעם נאַכטיקן סקאַנדאַל, די מיטן מאַנטל און צעקנאַדערטן הוט, וועלכע האָט געריסן די האָר פון קאָפּ ביי דער צווייטער, וואָס אין נאַכט־העמד, און איר פאַרטריבן פון שטוב... ווען ער האָט זי איצט געזען גיין געאָרעמט מיט איר מאַן, לאַכנדיק און פּלאַפּלענדיק, ווי קיינמאָל וואָלט גאָרנישט געווען... — האָט ער אַ טראַכט געטאָן: „איינמאָל געמאַכט אַ סקאַנדאַל, אָפּגעשניטן, אָפּגעהאַקט און אַן ענדע איז געוואָרן! זי האָט דע־צידירט גענומען איר גורל אין די אייגענע הענט אַריין. געקעמפט און אויס־געקעמפט אירס! און איצט זענען זיי גליקלעך!... און איך, אידיאָט, לאָז זיך פירן ביי דער נאָז! ציען אין דער לאַנגער באַנק אַריין!"

און ברוך האָט פעסט באַשלאָסן אַז: נאָך היינט, טאַקע באַלד, גייט ער צום רבֿ! ער וועט אַלץ דערציילן און זאָל דער רבֿ פּסקענען!

שוין דעם צווייטן מאָל זיצט ער דאָ, ביים רב, ברוך קאהאַן, און וואַרט אויף מאַטילדען. דער רב האָט איר, שוין צום צווייטן מאָל, געשיקט דעם שמש רופן. זי האָט שוין געמעגט זיין. אפשר וועט זי היינט אויך נישט קומען, האָבן אַ תירוץ, אַזוי ווי דאָס פאַריקע מאָל? איז מיט וועלכן כח קען מען איר דאָ אַהערברענגען, ווען זי וויל נישט?

דער רב קוקט אין ספר און ברוך קוקט אויפן רב:

— און דאָס איינגעקוואַרט, איינגעדאַרט, פאַרגעלט און פאַרגרינט יידעלע, מיט די קראַנקע, רויט־פאַרגאָסענע אויגן, נעמט זיך עס אונטער צו באַשליסן וועגן גורל פון מענטשן?... קען ער דען אַזוי גוט דאָס לעבן?... זעען דען אָט די טראַכאָמע־אויגן די היינטיקע חרובע וועלט, מיט אַלע נאָכפאָלגן פון אָט דעם חורבן? איז ער דען אַזאַ פסיכאָלאָג, אַריינצודרינגען אין פרעמדע הערצער און נשמות? פאַרשטייט ער דען זיין, ברוכס טראַגע־דיע? זעט ער דען, ווי מאַטילדא הענגט איבער אַן אָפּגרונט, צווישן צוויי בערג? — — —

די טיר האָט זיך שטיל געעפנט און מאַטילדא האָט זיך באַוויזן אויף דער שוועל — אַ בלייכע, אַ גראַציעזע און שענער, פיל שענער און איי־דעלער ווי אַמאָל...

ברוך איז רויט געוואָרן איבער די אויערן און האָט ווידער דערפילט, אַז דאָס האַרץ איז אים שטאַרק נישט אין אָרדענונג... ער קוקט אויף מאַטילדען נישט־דרייסט... אייגנטלעך זעט ער זי דאָך דאָס ערשטע מאָל, אַזוי נאָענט, זינט ער איז געקומען... אַזוי היימיש איז זי אים און אַזוי פרעמד!... אַזוי אייגן־נאָענט און אַזוי ווייט, ווייט!... אַזוי ליב. איינגעבאַקן אין האַרצן, און אַזוי...

— קום נענטער, טאָכטער! — האָט ער פּאָטערלעך־שטרענג באַפוילן — זיך.

מאַטילדא, ווי זי וואָלט נישט געגאַנגען, נאָר געשוועבט, נישט־אַנרי־רנדיק כמעט דעם באָדן... זי האָט זיך שווייגנדיק אָוועקגעזעצט, ווי אַ גע־פאַלענער מלאך, וואָס אַ נידעריקער בית־דין דאַרף אים משפּטן פאַר אַ חטא... זי האָט געקוקט מיט אויגן פון אַ פאַרנאַרטער טויב פון אַ העכערער ראַסע, אין אַ פרעמדן טויבן־שלאַק...

— איז עס אמת אַלץ וואָס דיין מאַן דערציילט וועגן דיר? — האָט דער רב געפרעגט, נישט־אויפהויבנדיק די אויגן פון ספר.

— אמת... — האָט מאַטילדע שטיל געענטפערט, נישט פרעגנדיק אַפילו, וואָס ברוך האָט דערציילט וועגן איר.

— ווייסטו כאָטש אַז ביי יידן טאָר מען נישט אַזוי? דו ביסט אַן אשת־איש!

— איך ווייס.

— נו??

מאַטילדא האָט געשוויגן.

— ווילסט זיך גטן? — האָט דער רב וואַכעדיק־טרוקן געפרעגט, אַזש ביידן, סיי ברוכן און סיי מאַטילדען האָט עס אַריינגעגרילצט אין די אויערן אַריין, ווי אַ פאַרזשאַווערטע זאָוויעסע.

— ניין.

— ווילסט הייסט עס, צוריקגיין צו דיין מאַן? — האָט זיך דער רב דערפרייט דערמיט, וואָס ער איז מיט איר אויף אַ דרך... און ער האָט אויפגעהויבן די אויגן פון ספר און זיי געווענדט צו מאַטילדען.

— איך וויל און... איך קען נישט.

— פאַרוואָס?!

מאַטילדע שווייגט.

— צי ווייסטו, טאָכטער, אַז אויפן אָרט ווו עס וועט שטיין אַ בעל־תשובה, וועט זיין אַזאַ גרויסע ליכטיקייט, אַז צדיקים וועלן דאָרט נישט קענען קוקן!... תשובה־טאָן איז אַ גרויסע זאך! אַז מען האָט חרטה מיטן גאַנצן האַרצן, ווערט אַלץ פאַרגעבן! אַלץ! אַפילו דער הימל איז מוחל...

ער איז אַריין אין עקסטאַז. געוומען שילדערן בילדער פון גן־עדן און פון גהינום, מיט אַזעלכע שרייאיקע פאַרבן, ווי ער וואָלט שוין דאָרטן געווען און אַלץ אַליין געזען מיט זיינע אייגענע קראַנקע אויגן... געבראַכט משלים און פאַקטן, וואָס שטייט פאַרשריבן אין די הייליקע ספרים און ווידער אויסגעפירט אַז: איר וועג, מאַטעלדעס, פירט צו אַן ענדלאָזן תהום פון עלנט, חרפה און יסורים אויף ביידע וועלטן... דערקעגן תשובה איז דער איינציקער וועג צום גליק...

מאַטילדא האָט געשוויגן. זי איז געזעסן אַ ווייטע, ווי זי וואָלט דאָ גאָר אינגאַנצן אין צימער נישט געווען...

— דיין מאַן פאַרלאַנגט אַ גט! — האָט דער רב ווידער ווי מיט אַ שווערד אַ שניט געטאָן — דו ווינסט מיט אַ צווייטן. דיין מאַן איז אויך אַ יונגער מענטש. און אַ ייד דאַרף נישט זיין אַליין... ער וויל אָבער אויף אַן ערלעכן אופן. אויף אַ יידישן אופן!...

מאַטילדא שווייגט.

קען זיין אַז דיין מאַן וועט בקרוב אָוועקפאָרן... ערגעץ ווייט, מעבר לים... וויל ער, איר זאָלט זיין אויפגעבונדן!

מאַטילדא האָט אויפגעציטערט, ווי זי וואָלט ערשט איצט אויפגעוואַכט פון אַ שרעקלעכן חלום. געוואָרפן אַ בליק אויף ברוכן וועלכער איז געזעסן אינגאַנצן אַן איינגעבראָכענער, זיך געהאַלטן מיט דער רעכטער האַנט ביים האַרצן און שווער געאָטעמט... אָט־אָט און זי האָט געוואָלט צו־לויפן, אים אַרומנעמען, אויסקושן, צערטלען און דערמוטיקן... נאָר זי איז מאַכטלאָז געוואָרן, ווי אַ צוגעשמידטע צום בענקל, זיך נישט אָפּצורייסן! האָט זי טיף־טיף אָפּגעזיפצט און ווידער געשוויגן.

און ברוך האָט שוין חרטה געהאַט אויף דער גאַנצער זאַך, אויפן רופן זי צום רב. עס האָט זיך אים איצט געדוכט, אַז מאַטילדא האָט זיך דאָ

אַנטשלאָסן צו שפּרינגען אין אָפּגרונט אַריין, ווייל ער האָט זי געיאָגט...

— אַלזאָ ווילסטו אַ גט?

— ניין.

— אָבער דו מוזסט דאָך...

— אַז איך מוז, איז פאַרפאַלן...

— איז איבערמאָרגן, אין דער צייט, זאָלט איר ביידע קומען מיט עדות. באַטראַכט זיך גוט ביז איבערמאָרגן... געדענק וואָס איך האָב דיר געזאָגט! און קום מיט אַ קלאָרער תשובה.

— אַ גוטן טאָג.

זי האָט זיך אויפגעהויבן, אָן איר פריערדיקער גראַציעזקייט, און לאַנגזאַם אַרויס פון רבס שטוב.

ברוך איז נאָך לאַנג געזעסן מיט דער רעכטער האַנט ביים האַרץ און מורא געהאַט זיך אויפצושטעלן, ווי ביים אויפשטעלן זיך וואָלט מיט זיין האַרץ עפּעס געדאַרפט געשען... ווען ער איז שפּעטער, אַ צעבראָכענער, אַרויס פון רב׳ס שטוב און געשלעפּט זיינע שווערע פיס מיט די ציטערנ־דיקע קניען, איבער די קאַלוזשעס רעגן־וואַסער, האָט ער באַמערקט מאַ־טילדען. זי איז געשטאַנען נעבן אַ שטאַכעטל, אונטער אַ געדיכט־באַבלע־טערטן בוים. זעט אויס, זי האָט אויף אים געוואַרט. ווען ער איז נענטער צוגעקומען, איז זי אים פאַרלאָפן דעם וועג און שטיין געבליבן פּנים־אל־פּנים:

— האָסט נישט פאַרשטאַנען, ברוך, וואָס איך האָב דיר געזאָגט, וואָס איך האָב דיך געבעטן... האָסט נישט אָפּגעשאַנעוועט דיין אייגענעם כבוד און אָפּגעטאָן אַ נאַרישקייט... זיך אליין האָסטו אָפּגעטאָן! איך וועל איבערמאָרגן נישט קומען צום רב און קיין גט נעמען וועל איך אויך נישט. אויב דו פאַרסט טאַקע אַוועק, איז — פאָר געזונטערהייט!

שנעל האָט זי עס אָפּגעזאָגט, כמעט מיט איין אָטעם, ווי מען כאַפּט און מען וואַרפט אַ שטיין עמיצן אין קאָפּ אַריין. אָפּגעזאָגט און תיכף אַנטלאָפן אין אַ זייטיק געסל.

ברוך האָט פאַרשטאַנען, אַז מיט דעם איז אַלץ געענדיקט. ער האָט אַלץ פאַרלוירן, פאַרשפּילט! אַלץ!... בערג האָבן זיך צערוקט און אין אָפּגרונט פאַלט, נישט מאַטילדא, נאָר ער אליין! — — — — —

## .23

יענעם אָוונט האָט ברוך אַ סך געטרונקען. און ווען זיסעלע איז געקו־מען צו אים מיט חברטעס און מיט איר איזאַקן, האָט זי זיך שטאַרק פאַרשעמט: דער פּאַפּאַ איז געלעגן אויף דער ערד אַ שיכורער, אַן אויסגע־שמירטער, אַ צעקנאַדערטער, און געוויינט אַ יאָמערלעך געוויין...

צומאָרגנס ווען ער איז אויפגעשטאַנען אַן אויסגעניכטערטער, מיט אַ

שרעקליכן קאַפּ־שמערץ, האָט ער נאָך מער דערפילט, אַז ער פאַלט... ער פאַלט אַלץ נידעריקער אין אַן ענדלאָזן תהום — — —

דער רב האָט אים געגעבן עפּעס אַ קוויטל און אים געטרייסט, אַז ער קען אָפּגעגט ווערן צו יעדער צייט, אַפילו ווען זי וויל דאָס נישט... און אַפילו פון אַן אַנדער לאַנד, מעבר לים, וווהין ער רעכנט צו פאָרן, קען ער איר, אויפן סמך פון דעם קוויטל, שיקן אַ גט און ער וועט זיין אויפגעבונדן.

אָבער ברוך דאַרף נישט דעם גט. ער קלייבט זיך נישט חתונה צו האָבן. וואָס טויג אים דאָס שטיקל פּאַפּיר, וואָס דער רב גיט אים? וואָס פאַר אַ גליק קען עס אים שוין ברענגען? — — —

אין רעגנדיקע, בלאָטיקע האַרבסט־טעג האָט זיך ברוך אַרומגעדרייט פּוסט־און־פּאַס אויפן באַזאַרל, וואָס נעבן קלוב „דער גרינער קראַנץ". ער האָט זיך צוגעהערט צו לאַגער־פּאָליטיק און צווישן־פּאַרטייאישע אַרומ־רייסעניש, וועגן וואָס גרופּקעלעך פּראָפעסיאָנעלע ליידיק־גייער האָבן דאָ ליידנשאַפטלעך געשמועסט. ער האָט, פון לאַנגווייליקייט, געלייענט אַלע מעלדונגען פון לאַגער־קאָמיטעט. פון „אונרראַ" פון „אָרט", פאַך־שולן און עברית־קורסן. ער האָט געלייענט פאַרשידנפאַרביקע פּלאַקאַטן און אויפרופן, צו מאַכן אַן ענדע מיטן לאַגער־לעבן; וועגן דעם אַז: „מיר פאָדערן אויפצור־עפענען די טויערן פון ארץ־ישראל פאַר דער שארית־הפּליטה!" וועגן וואַלן און מיטינגען און וועגן גיין קיין ארץ־ישראל מיט אַלע וועגן און אומוועגן, מיט דער אומלעגאַלער עליה.

קיינער האָט אַזוי נישט געוואָלט מאַכן אַן ענדע מיטן לאַגער־לעבן, ווי ער, ברוך קאַהאַן. קיינעם איז אַזוי דאָס לעבן דאָ, אין דעם לאַגער, נישט מיאוס געווען און אומדערטרעגליך־שווער!

איז ער טאַקע אין אַ פרימאָרגן געשטאַנען, פון די ערשטע, אין אַ ריי פאַר דער טיר צום „פּאַלעסטינע־אַמט" און געהאַלטן אין די הענט גרייט אַ גאַנצן פּעקל פּאַפּירן: עטלעכע פראַגע־בויגנס, אַ מעדיצינישע צייגניש, פאָ־טאָגראַפיעס אין פּראָפיל און אַן־פאַס און אַ באַשטעטיקונג אַז ער האָט זיך געאימפט קעגן אַנשטעקנדיקע קראַנקהייטן.

דעם זעלבן אָוונט איז ער לאַנג געזעסן מיט זיסעלען:

— איך וועל אין קורצן אַוועקפאָרן, זיסעלע... מיר איז דאָ שווער צו זיין... דו ביסט דאָך שוין נישט קיין קינד... דו פאַרשטייסט דאָך... איך האָב אַלץ געוואָלט צום גוטן... אַלץ געפּרוווט, נאָר עס לאָזט זיך נישט... נישט צוליב מיין שולד...

— פּאַפּעלע, פּאַפּעלע!... — האָט זיסעלע געווישט די טרערן — פאַרוואָס איז דאָס לעבן עפּעס אַזוי... אַזוי קרום און אומברחמנותדיק?!...

— און דו, מיין קינד, ווייסט שוין אויך וועגן דעם?... טראַכסט זיך שוין אויך אריין אין דער קרומקייט פון דער וועלט?... צו פרי... נאָך צו פרי פאַר דיר...

— כ'האָב געמיינט, אַז דאָך וועט זיך עס ענדערן... מיר וועלן בלייבן צוזאמען... זאָלסט נישט דאַרפן אַוועקפאָרן אַזוי... אַליין...

— כ׳האָב אויך געמיינט... נישט מיין שולד. איך האָב אַלץ מוחל געווען און געוואָלט אַרויפפירן אַלץ צוריק אויף אַ גלייכן וועג...

— און „דאָרט, ביי זיי״ איז אויך נישטאָ קיין גליק... מעגסט עס וויסן, פּאַפּאַ! איך הער אָפּט, ביינאַכט, ווי מען ווערטלט זיך... און בייטאָג איז מען שווייגנדיק און ברוגזלעך... שמעלקע זיפצט און די מאמע האָט כסדר פאַרוויינטע אויגן...

— דו זאָלסט איר שאַנעווען, דער מאַמען... נישט פאַרשאַפן קיין עגמת־נפשן! עס איז אַזוי באַשערט, טאָכטער, ווי ס׳וואָלט אראָפּ אויף אונדז אַ קללה פון הימל! איז... פאַרשאַף איר נישט קיין צער!

— פּאַפּאַ, פּאַפּאַ... די מאמע ווייסט גאָרנישט, וואָס זי פאַרלירט! זי האָט דיך נישט דערשאַצט...

— אָבער זי ווייסט, אַז זי פאַרלירט... און דו זאָגסט דאָך אַליין, אַז איר לעבט זיך נישט פריילעך... יאָ, קינד מיינס, כ׳וואָלט נאָר געוואָלט וויסן: דו ווערסט דאָך דאָ אייביק נישט בלייבן אין ברענץ... וווהין־זשע טראַכסטו אַמאָל צו עמיגרירן? אפשר אויך קיין ארץ־ישראל?...

— איך האָב די גאַנצע צייט געטראַכט וועגן ארץ־ישראל, בפרט נאָך אַז דו פאָרסט אַהין... אָבער... עס איז דאָ עמיצער, וואָס אינטערעסירט מיך שטאַרק... און ער טראַכט צו פאָרן קיין אַמעריקע.

— איזאַק?

— יאָ... — האָט זיסעלע אַראָפּגעלאָזן די אויגן און זיך פאַררויטלט.

— אַ ווילער בחור דער איזאַק... ער געפעלט מיר... אויב עס וועט האַלטן דערביי, לאָז איך אייך איבער מיין האַרציקע פאָטערלעכע ברכה! אוודאי וואָלט איך אייך געוואָלט האָבן אין ארץ־ישראל... איז ווי, מיינסטו, האַלט עס ביי אים מיט אַמעריקע?

— איך ווייס נאָך נישט, ווי עס וועט זיין. דערווייל קריגט ער נאָך אויך נישט קיין פּאַפּירן.

— טאָמער ענדערט זיך אייער פּלאַן און איר וועט מסכים זיין צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, בין איך אַ טאַטע!... זאָלט איר מיר תיכף שרייבן. דו הערסט?

ער האָט זי געגלעט דאָס קעפּל און זי האָט זיך געשפּילט מיט זיין רויטן אויסבינדער און ביידע האָבן לאַנג און פאַרקלעמט געשוויגן. אַרייַנ־געשוויגן ביז שפּעט אין אָוונט אַריין...

## .24

אין אַ גרויען פרימאָרגן, ווען אין לאַגער איז געפאַלן דער ערשטער שניי, איז ברוך קאַהאַן געגאַנגען, מיט זיין רוקזאַק אויף די פּלייצעס, צום אויטאָ מיט די מעפּילים, וואָס איז געשטאַנען פאַרן הויז פון דער לאַגער־פאַרוואַלטונג.

זיסעלע איז פונקט נישט געווען אין לאַגער, ערגעץ געהאַט אָוועקגע־

פאָרן אויף עטלעכע טעג און ברוך האָט זיך מיט איר אַפּילו נישט געזעגנט.

הונדערטער מענטשן האָבן אַרומגערינגלט די אָפּפאָרנדיקע. מען האָט זיך געקושט, געהאַלדזט און געוויינט. ברוך האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, כדי ווילנער זאָלן אים נישט באַמערקן, זען ווי ער פאַרט אָפּ, ווי אַן עלנטער הונט...

זיצנדיק שוין אויפן אויטאָבוס, האָט ער פון דער ווייטנס באַמערקט, ווי עס שאַרט זיך אַוועק דאָס פאַרהענגל פון פענצטער אין מאַטילדאס שטוב און עס האָבן אַרויסגעקוקט אַ בלייך נעזל מיט צוויי אומעטיקע אויגן...

און ווען דער אויטאָ האָט זיך גערירט פון אָרט און די באַגלייטער האָבן זיך נאָך אַלץ נישט געקענט אָפּרייסן פון זייערע אָפּפאָרנדיקע קרובים, זיך געווישט די אויגן און נאָכגעשריען ברכות; — האָט ברוך נאָך מער דער־פילט דעם אָפּגרונט אין וועלכן ער פאַלט. אַ באַרג האָט זיך אָפּגערוקט, פון אונטער זיינע פיס זיך אַפּירגעגליטשט און ער פאַלט...

ערשט ווען דער אויטאָ איז דורכגעפאָרן דעם לאגער־טויער און זיך געגליטשט אויפן אולס׳ער אַספאַלט, האָט ער נאָכגעלאָזן די טרערן וואָס האָבן זיך ביז איצט געשפּאַרט. דורך די טרערן האָט ער געזען, ווי דער פייכטער שניי דרייט זיך און פאַלט און צעלייגט זיך אויפן גרויען אַס־פאַלט, וואָס ציט זיך אַוועק ערגעץ אין דער אומענדלעכקייט...

און אויפן זינען איז אים געקומען דאָס ווערטל, וואָס זיין פאַבריק־דירעקטאָר אין טאַשקענט האָט אים געזאָגט פאַרן געזעגענען זיך:

— עך, טי יאַבלאָטשקאַ, קודא קאַטישסיאַ?... — — — —

# נקמה

— גדליה! ווייסט ווער ס'איז דאָ אין לאַנד?
— ווער?
— כינקע מעלניצערס...
— וואָאָאָאָס??? זי לעבט?!
— דאָס וואָס דו הערסט... כ'האָב זי אַליין געזען...
— מיינע שונאים! ווו איז זי, די פּאַווע?...
— אין דער מעברה ווו איך אַרבעט, אין הונדערט־זעכצנטן געצעלט. שוין איינמאָל אין אַ מעמד!... מעגסט זי שוין אָנקוקן!... — האָט זרח דער קאַנאַליזאַטאָר אַרויסגעשריען צו גדליהן פון אָנגעפּראָפּטן אויטאָבוס־אַרויס — און דער רעגן האָט דאָרט אָנגעמאַכט דעם אמתן אומגליק!

ער האָט נאָך עפּעס געשריען, זרח, געמאַכט מיט די הענט, מיטן מויל, נאָר דער מאָטאָר־רויש פון אָפּגייענדיקן אויטאָבוס האָט אוממעגלעך געמאַכט צו הערן אַ וואָרט.

גדליה האָט זיך אַ וויש־געטאָן מיט דער פּאַרוואָפּנעטער דלאָניע דעם ברייטן פּנים מיט די מאָנגאָליש־אויסגעביילטע קינבאַקן, פון אויבן אַראָפּ, לאָזנדיק נאָכדעם הענגען די האַנט אויף דער פעסט־אָנגעכאָפּטער גאָמבע. ער האָט שוין איצט נישט געפילט, ווי דער האַסטיקער רעגן פּויקט אים אין געלבלעכן, זעלנעריש־אָפּגעשוירענעם קאָפּ, פון וואַנען די שטראָמלעך רינען אים אין קאָלנער אַריין. מיט אַ פּאָר אויסגעגלאָצטע בורשטין־געלע אויגן, איז ער אַזוי שטיין־געבליבן אינמיטן דעם געדראַנג פון דער תל־אביבער צענטראַלער אויטאָבוסן־סטאַציע, ברומענדיק צו זיך אַליין:

— כינקע מעלניצערס! אין איר טאַטנס טאַטן אַריין! חנטשע איז נישטאָ, נאָר כינקע מעלניצערס!

דאָס בלוט האָט זיך איצט אין אים אויפסנײ צעקאָכט, ווי דאַן ווען ער האָט אין מינכען, צום ערשטן מאָל, געהערט פון באַפרייטע קאַצעטלער, וואָס מעלניצער האָט אַלץ אָפּגעטאָן אין לאַגער פון סקאַרזשיסקאָ און אַז אויך חנטשע זאָל האָבן אומגעקומען צוליב אים.

גדליה האָט איצט אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז ער איילט פון דער אַרבעט אַ היים, אַז ער דאַרף זיך שנעל אָפּוואַשן, איבערטאָן און צוריקפאָרן קיין תל־אביב, ווו תמרה די תימן'קע וועט וואַרטן אויף אים פאַרן קינאָ „מוגראַבי". דערביי איז ער אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון דער ריי, וואָס האָט

זיך געשפּאַרט אין אויטאָבוס־אַריין און ער איז ווידער געבליבן אונטערן האַסטיקן רעגן, נישט־קענענדיק צוזאַמענעמען די געדאַנקען.

— כינקע מעלניצערס! — האָט ער געקריצט מיט די ציין און געביילט די פויסטן אין די הויזן־טאַשן.

אים איז איצט גאַרנישט אָנגעגאַנגען, וואָס כינקע איז גאָר געווען די מלחמה־יאָרן אין רוסלאַנד און זי האָט אפשר פון איר טאַטקעלעס מעשים קיין אנונג נישט.

— מעלניצערס טאָכטער! קרעפּל־פּלייש וועל איך פון איר מאַכן!

ער האָט אַפילו אַ טראַכט־געטאָן, אַז ער טאָר זיך איצט, אויף דער „הייסער מינוט", נישט אָוועקלאָזן צו איר. וואָרעם ער קען זיך דאָך און ווייסט: אַז ער פאַלט־אַריין אין רציחה קען ער טאַקע ברענגען אן אומגליק סיי אויף איר און סיי אויף זיך.

— זי וועט מיר מאָרגן אויך נישט אנטלויפן! — האָט ער זיך אַ זאָג־געטאָן און אַליין נישט באַמערקט, ווי ער האָצקעט זיך שוין אַ צוזאַמענגעג־דריקטער אין אויטאָבוס, וואָס פאָרט דווקא צו דער מעברה.

אין אויטאָבוס איז געווען נישט נאָר אַ שטיקעניש פון מענטשן, נאָר אויך אַ שטיקעניש פון דער שווערער לופט: פון צעפּאַרעטע לייבער, פון פייכטע מלבושים, פון מאָטאָר־גאַז און סיגאַרעטן־רויך. דער עולם האָט געהוסט און געשפּיגן און געזידלט דער אויטאָבוסן־געזעלשאַפט, פאַר דער שלעכטער קאָמוניקאַציע.

און מאָדנע: כאָטש גדליהן האָט דער צאָרן געטראָגן צו כינקע מעלני־צערס, כדי צו מאכן פון איר „קרעפּל־פּלייש", האָט ער איצט גאָר געטראַכט וועגן עפּעס אַנדערש. וועגן דעם לאַנד האָט ער איצט גאָר „פילאָזאָפירט": אַן אויסטערליש לאַנד איז עס, ווו מען טרעפט מענטשן פון אַלע עקן וועלט און אַפילו פון יענער וועלט... מענטשן אויף וועלכע מען ריכט זיך נישט, וועלכע מען האַלט שוין לאַנג פאַר טויט... וואָס די מאסן־עליה האָט דאָ אַלץ אָנגעבראַכט! אַלץ אויף וואָס מען ריכט זיך נישט, געשעט דאָ, ווי אין אַ טעאַטער... אָט, כינקע מעלניצערס... די טשענסטאָכאָווער פּאַווע, אין איר טאַטן־אַריין!

דער רעגן האָט געוואַשן די שויבן מיט מאַסיווע שטראָמען, געפּויקט אין רונדיקן דאך, ווי אין אַ הילכיק דיקטל. דער אויטאָבוס האָט זיך קוים געשלעפּט אין דער טונקעלער צעכוואַליעטקייט, וואָס האָט דערגרייכט ביז די אקסן פון די רעדער. צו אַלעמענס אויפרעגונג, האָט איצט דער שאָפער נאָך מער פאַרלאַנגזאַמערט דעם גאַנג. ער האָט מורא אַז דאָס וואַסער זאָל נישט אַריינדרינגען און אויסלעשן דעם מאָטאָר.

גדליהס צאָרן האָט זיך איצט שוין אַ ווענד־געטאָן צו אים אַליין:

— פּונקט איצט איז עס מיר אָנגעקומען! טריפהנע יוכע! מאָרגן וואָלט זי מיר אַנטלאָפן, וואָס?! אַז דער שלאַק זאָל עס נעמען!

ענדלעך איז דער אויטאָ שטיין געבליבן. דער מאָטאָר האָט זיך טאַקע

אויסגעלאָשן. צו דער מעברה איז נישט מער ווי אַן אכט הונדערט מעטער, אָבער ווי גייט מען אין אַזאַ מבול?

מען האָט געמוזט וואַרטן אַ האַלבע שעה, ביז דער רעגן איז שיטערער געוואָרן. דאַן האָט זיך דער עולם אַוועקגעלאָזן צו־פוס איבערן מוטנע־פאַרפלייצטן אַספאַלט־וועג.

די מעברה וואָס ליגט אין טאָל און וווהין דאָס וואַסער, האָט האַסטיק אַנגעשטראָמט פון אַלע זייטן, האָט זיך איצט אין אַ צעשטורעמטער אַזיערע פאַרוואַנדלט. אַ ריזיקע אַזיערע, אויף וועלכער די שפּיציקע לייוונט־געצעלטן פלאַטערן ווי זעגל־שיפלעך. אַ סך אַזעלכע „זעגלען" שווימען־אַרום אויף דער אויבערפלאַך, ווי עדות אויף אונטערגעגאַנגענע שיפלעך.

גדליה האָט נאָך פון דער ווייטנס געזען, אַז דאָס אומגליק אויף וועלכן מען האָט זיך געריכט נאָך וואָכן פריער, איז געשען. ער דערמאָנט זיך איצט די דעמאָנסטראַציעס, וואָס די מעברה־איינוווינער האָבן געמאַכט, מיט אַ חודש צוריק, פאַרן משרד־עליה, פאָדערנדיק באַצייטנס אַ דאַך איבערן קאָפּ. די סכנות האָט צוגעזאָגט דעם ענין דרינגנד צו באַטראַכטן. דאָס איז גע־מאָלדן געוואָרן אין דער פּרעסע און גדליה האָט דאַן געלייענט די נאָטיץ, ווי וועגן אַ ידיעה פון דער ווייטער קאָרעאַ. איצט זעט ער דעם אומגליק נאָענט, מיט די אייגענע אויגן.

אַרום דער פאַרפלייצטער מעברה שטייען אויטאָס פון פייער־לעשער, פון מיליטער און פּאָליציי. עס גייט־אָן אַן אינטענסיווע רעטונגס־אַקציע. מען שלעפּט פּרויען, קינדער און געפּעק. מען שלעפּט זיי אויף לאָדקעס, אויף באַרזשעס, אויף פּליטן צוזאַמענגעבונדענע פון ברעטער און פּשוט אויף די פּלייצעס. מענער בראָדזשען ביזן גאַרטל אין וואַסער און שלעפּן צע־שראָקענע קינדער און היסטערישע פּרויען. מען ברענגט זיי אין אַ הילצער־נעם באַראַק, אַרום וועלכן עס פּלאַקערן שייטערן און מען קאָכט גרויסע קעסלען טיי, אָדער געקעכטס.

אין באַראַק האָט גדליה כינקען נישט געפונען. ערשט צוריק־אַרויס־גייענדיק, האָט אים אַ יידענע געזאָגט:

— אויב איר מיינט דאָס ווייבעלע, וואָס איר קינד איז אייערנעכטן געשטאָרבן, זיצט זי נאָך דאָרטן. זי וויל בשום־אופן נישט אַרויס פון געצעלט. זי לאָזט זיך נישט ראַטעווען.

ערשט איצט האָט גדליה באַנומען די רייד פון זרח קאַנאַליזאַטאָר, וואָס דער מאָטאָר פון אָפּפאָרנדיקן אויטאָבוס האָט פאַררוישט. איינציקע ווערטער זענען דאָך צו אים דערגאַנגען: „קינד", „לונגען־אָנצינדונג", „געשטאָרבן". דאָס האָט ער אוודאי געמיינט כינקע מעלניצערס קינד. יאָ־יאָ, דאָס איז זי.

דער גאַנצער צאָרן איז איצט אין אים פּלוצלינג אויסגעלאָשן־געוואָרן, ווי די קאַלטע רעגן־שטראָמען האָבן פריער אויסגעלאָשן דעם אויטאָ־מאָטאָר. פון דעסטוועגן האָט אים עפּעס אַן אַנדער אימפּעט אַ יאָג־געטאָן צו דער מעברה. די יידענע איז אים נאָכגעלאָפן און מיט אַ פינגער געטייטלט

אין דער ריכטונג, אין וועלכער כינקעס הונדערט־זעכצנטער געצעלט דאַרף זיך געפינען, אויב דאָס וואַסער האָט עס נאָך נישט אַוועקגעטראָגן. גדליה איז מיטן אָנטאָן אַריין אין וואַסער, ווי צענדליקער אַנדערע האָבן עס געטאָן. דאָס קאַלטע וואַסער האָט תיכף אַדורכגעזאַפּט און שווער געמאַכט די קליידער. עס האָט אַ שניט־געטאָן דאָס לייב, אַז ער האָט אַזש אויפגעשוידערט און שטיין־געבליבן.

— צו וועלכן טייוול? פאַר וועמען? — האָט ער זיך אַ זאָג־געטאָן — איך קען דאָ נאָך קריגן אַ לונגען־אָנצינדונג און אַוועק פּגרן, ווי איר קינד!

ער האָט אָבער באַמערקט, ווי מען קוקט אויף אים און זיך פאַרשעמט: „ניין, גדליה גייט נישט צוריק! גדליה איז נישט קיין פּחדן! בין איך אַריין אין וואַסער, וועל איך שוין גיין ווייטער!"

דאָס וואַסער האָט אים דערגרייכט ביזן גאַרטל. מיט די פיס האָט ער זיך כסדר אָנגעשלאָגן אָן דראָטן, שטריק, קלעצער און שאַרפע, שפּיציקע קעגנשטאַנדן. דאַכט זיך אים, אַז ער האָט גוט צעמזיקט אַ פוס. עס מוז דאָרט בלוטיקן. פון דעסטוועגן שניידט ער זיך פאָראויס, אַרבעטנדיק מיט די הענט, ווי מיט וויאָסלעס און אַוועקשאַרנדיק פאַרשיידנקאָליריקע שמאַטעס, מלבושים און וועש, וואָס קומט אים כסדר אַנטקעגן־צושווימען. הינטער זיך הערט ער דאָס גרויליקע יאָמערן פון סירענעס, מיט וועלכע פרישע פייערלעשער־אָפּטיילונגען קומען־אָן. דאָס יאָגט אים נאָך אימפּעטדיקער פאָראויס. ער פילט שוין איצט נישט קיין קעלט. פאַרקערט: דאָס שווערע ראַנגלען־זיך מיט די כוואַליעס האָט אים צעהיצט.

— כינקע! כינקע מעלניצער!!! — רופט ער אין דער ריכטונג צו די נאָך־שטייענדיקע געצעלטן.

אָבער דער ווינט און דאָס וואַסער פאַררוישן און טראָגן־אַוועק זיין קול.

צוקומענדיק צו די געצעלטן האָט ער דערזען, ווי אַ פייערלעשער ראַנגלט־זיך מיט אַ דאַרער פרוי מיט צעפּלאָשעטע, נאַסע האָר. ווי אַ דולע האָט זי אויסגעזעזן אין גדליהס אויגן, ווי זי וואָלט דאָ פון זינען אַראָפּ. דער פייערלעשער קליאַמערט־זיך אַרום איר טאַליע. אָבער זי האַלט זיך מיט איין האַנט אָן געצעלט און מיט דער צווייטער גראַטשעט זי אים דאָס פּנים, פאַטשט אים, שטויסט אים פון זיך און שפּייט.

גדליה האָט זיך אַ לאָז־געטאָן דעם פייערלעשער צו־הילף און דאָ האָט ער באַמערקט, אַז זי קליאַמערט זיך טאַקע אָן הונדערט־זעכצנטן געצעלט.

— אַזוי? דאָס זאָל זי זיין, די מעצאָצע? נישט צו דערקענען. — האָט ער געמורמלט צו זיך אַליין און אויסגערופן: — כינקע?! כינקע מעלניצער?!

דערהערנדיק איר נאָמען, האָט די פרוי אויפגעהערט זיך צו ראַנגלען. אירע שגעונישע אויגן האָבן אַ מיושבדיקן בליק באַקומען.

— כינקע מעלניצער? — האָט גדליה איבערגעפרעגט — דאָס זענט איר?!

— אוי, איך. — האָט די פרוי אַ כליפּ־געטאָן — און ווער זענט איר?
— איך בין גדליה דעם קצבס... פון סטראַזשאַצקע געסל...
— אוי, גדליהו! — האָט זיך כינקע צעוויינט, אַרויפפאַלנדיק אויף גדליהס ברוסט. — זעט וואָס פון מיר איז געוואָרן, זעט!!!
גדליה האָט איר געלאָזן אַזוי אַ רגע זיך צאַפּלען אויף זיין ברוסט און דאַן א זאָג־געטאָן:
— נו, קומט אַרויס פון דאַנען.
— נייך, איך האָב שוין נישט נאָכוואָס — האָט כינקע געקלאָגט.
— קומט, זאָג איך אייך! איר זאָלט זיך אויפהערן נאַריש צו מאכן!
— האָט שוין גדליה באַפוילן — דאָרט וועלן מיר ריידן! — האָט ער אַ ווייז געטאָן צום ברעג.
כינקע האָט געכליפּעט, אָבער זיך מער נישט געוועדט. ווי אַן אומ־באַהאָלפן קינד האָט זי זיך געלאָזן נעמען אויף די הענט פוןביידע מענער, וועלכע האָבן זי געטראָגן צום ברעג.
אין באַראַק האָט זיך שוין אַ כאַפּטע ווייבער אַ נעם־געטאָן צו כינקען. מען האָט זי געמוסרט, אַרומגעהילט מיט אַ קאָץ און געשטופּט אַ הייס טעפּל קאַקאַאָ אין מויל־אַריין.
אויך צו גדליהן זענען עטלעכע דאַמען צוגעשטאַנען:
— אפשר קענט איר זי נעמען צו זיך ביז איבער דער רעגן־צייט? צענ־דליקער מענטשן האָבן שוין צו זיך גענומען פרויען און קינדער. נאָך די רעגנס, וועט זי צוריקקומען אין דער מעברה.
— ליידער... איך בין אַ בחור, אַליין... — האָט זיך גדליה פאַר־ענטפערט.
— מעט אייך נישט חושד־זיין! מעט אייך נישט חושד־זיין — האָבן אים אַ פּאָר „וויצאָ"־דאַמעלעך פאַרזיכערט. — זי איז דאָך פון אייער שטאָט, נישט קיין פרעמדע. איז ווער דען, אויב נישט קיין אייגענער?...
זיי האָבן אים קיין צייט נישט געגעבן צום באַטראַכטן זיך:
— ער איז מסכים, ער איז מסכים!... — האָט שוין אַן ענערגישע גבאיטע געענטפערט פאַר אים — רופט־צו אַ טעקסי!
— אַ טעקסי שטייט פאַרן באַראַק! — האָט אַ מענער־שטים אַ הילך־געטאָן — עס איז שוין באַצאָלט אויך. איר קענט פאָרן אומזיסט!...
און כדי נישט צו געבן אים קיין מעגלעכקייט אויף חרטה, האָבן אים צוויי וווילטעטיקע דאַמעלעך קאָקעטיש אַ נעם־געטאָן אונטער ביידע אָרעמס:
— קומט, יונגערמאַן, קומט... — האָבן זיי אים אַרויסגעפירט פון באַראַק, צו דער טעקסי. עס האָט נאָך אַלץ געגעבט. נישט געמבולט, נאָר געזיפּט, געקראָכן גלייך אין די ביינער אַריין. מיטן אָוונט האָט זיך אויך געשטאַרקט דער ווינט, וואָס האָט איצט געפּאַטשט מיט נאַסע לאַפּעס אין פּנים אַריין. כינקע האָט שוין איצט אַלץ געלאָזן טאָן מיט זיך און גאָר־נישט מער דערווידערט. דאָס איז שוין געווען אַ געהאָרכזאַמקייט פון אַ

רעזיגנירטער, וועלכע איז שוין גלייכגילטיק צו איר גורל און צו אַלץ וואָס געשעט מיט איר. זי האָט זיך פאַררוקט אין אַ ווינקעלע פון דער טעקסי און זיצן־געבליבן אַן איינגעקורטשעטע, ווי אַ בעטלערין ביי אַ קלויסטער. אַן איינגעקורטשעטע, אַ פאַרשטאַרטע און אַ שווייגנדיקע. זי האָט מער נישט געוויינט, נאָר געגלאָצט פאַראויס מיט אַ פּאָר אומהיימלעכע בליקן.

דער שאָפער האָט אויך שכל געהאַט, נישט צו מאכן קיין לאַנגע הכנות און תיכף געלאָזן די מאַשין אין גאַנג. גדליה איז געזעסן נעבן אים און געציטערט מיטן גאַנצן לייב. ער איז זיכער געווען, אַז אַ לונגען־אָנצינדונג האָט ער אַ „מוראָוואַנע" (אַ געזיכערטע). און צוליב וועלכן שווארציאָר האָט ער עס אינגאַנצן געדאַרפט? פאַר וועמען?! ער האָט געקלונגען מיט זיינע פעסטע ציינער און געטראַכט וועגן דעם מאָמענט, ווען ער וועט כינקען אַריינפירן צו זיך אין שטוב אריין. וואָס וועלן די שכנות מיינען און זאָגן וועגן דעם? וועמען האָט ער עס זיך אַריינגענומען? אַ געראַטעוועטע? אויס רחמנות? — מען ווייסט שוין!... פאַרוואָס האָט ער נישט גענומען קיין קינד, נאָר אַ פרוי?... און וואָס וועט דערויף זאָגן זרח דער קאַנאַליזאַטאָר!... פאַר איר טאַטקעלעס מעשים־טובים!... וואָס זיי וועלן זאָגן, וועלן זיי זיין גערעכט. אַ שמאַטע איז ער, אַ שמאַטע! אַט־וואָס!

ער האָט געווישט מיטן אַרבל די באַהויכטע טעקסי־שויב, צו דערזען אין דער פינצטערניש, וווּ זיי געפינען זיך. ער האָט זיך ווידער דערמאָנט אָן זיין „מוראָוואַנע" לונגען־אָנצינדונג און באַשלאָסן צו טאָן דריי זאַכן מיטאַמאָל: אַ הייסע וואַנע, אַ פּאָר טאַבלעטן אַספּירין און אַ פעסטן שנאַפּס. נאָך אַ נס וואָס די אַלע זאַכן האָט ער אין שטוב.

די טעקסי איז שטיין געבליבן פאַר זיין הויז. צוליבן רעגן און פינצ־טערניש איז קיינער נישט געווען אויף דער גאַס און קיינער האָט נישט געזען, ווען ער נעמט זיך אריין אויף ביינאַכט אין שטוב...

— טוט זיך אויס און זיצט. — האָט ער אַ זאָג־געטאָן צו כינקען, וועלכע איז געבליבן שטיין ווי אַ בעטלערין ביי דער טיר.

און אַליין האָט ער גענומען אַראָפּציען פון זיך די נאַסע שיך און אויבערמלבושים.

כינקע האָט זיך אַ שווייגנדיקע אָװעקגעזעצט און אַפילו נישט געמאַכט די מינדעסטע באַוועגונג, עפּעס אויסצוטאָן פון זיך. אַפילו דעם קאָפּ, אין וועלכן מען האָט זי איינגעהילט, האָט זי נאָך אַלץ פון זיך נישט אַראָפּ־געוואָרפן.

גדליה האָט דערווייל אָנגעצונדן דעם וואַנע־קעסל און אויפגעשטעלט טיי אויף דער נאַפט־מאַשינקע. ער האָט געפונען די פלאַש קאָניאַק און דאָס פּידעלע אַספּירין.

— וואָס ווילט איר פריער? — האָט ער זיך געווענדעט צו כינקען — טרינקען טיי, צי אַ הייסע וואַנע?

— האַ? — האָט כינקע איבערגעפרעגט, ווי אַ נישט־דאַאיקע, באַלד

אָבער האָט זי ווי יאָ באַנומען דאָס לעצטע וואָרט און עס איבערגעחזרט:
— אַ וואַנע, אַ וואנע? יאָ, אַ וואַנע.
גדליה האָט איר אריינדערלאנגט אַ פרישן באָד־האַנטוך, טואלעט־זייף און זיינע אַ מענער־פּידזשאַמע:
— קיין דאַמען־וועש האָב איך נישט. זיך נישט גערעכט אויף אייך...
— האָט ער זיך שוין דערלויבט אַ שפּאַס — ביז אייערע קליידער וועלן טרוקן ווערן, וועט איר גיין אין מיינע הויזן...
כינקע האָט אַפילו קיין שמייכל נישט געטאָן. געשטאַנען אַ פּאַרלוי־רענע און געשוויגן. גדליה האָט אָנגעפילט די וואַנע און שוין באַפוילן:
— נו, נעמט זיך אין די הענט אַריין! איר זענט דאָך נישט קיין קינד, וואָס איך זאָל זיך ניאַנטשען מיט אייך. איר הערט?!
— האַ? אַ, יאָ, איך הער.
— איז טוט זיך אויס און באָדט זיך אָפּ. ווייל איך דאַרף זיך נאָך אויך באָדן.
— האַ? באָדן? — האָט זי אויטאָמאַטיש איבערגעחזרט — יאָ, איך וועל זיך באָדן.
גדליה האָט אויף איר אַ פּאַרדעכטיקן קוק געטאָן. ער איז אַרויס און צוגעמאַכט די טיר, צוגעמענדיק דעם שליסל פון שלאָס. הינטער דער טיר האָט ער זיך נאָך אַ ווילע צוגעהערט: יאָ, זי טוט זיך אויס. ער האָט באַנו־מען דאָס פּאַלן פון אירע נאַסע קליידער אויף דרערד און נאָכדעם — אַ פּליעסקען אין וואַסער. לויטן פּליעסקען האָט ער פאַרשטאַנען, אַז זי וואַשט זיך.
— אַ קלאָג צו איר און צו איר אויסזען! — האָט ער אַ זאָג־געטאָן צו זיך מיט אַ שמייכל — כינקע מעלניצערס... די טשענסטאָכאָווער פּאַווע... אַ שענערער לייגט מען אין דרערד... ווער איז אַמאָל געווען אירס גלייכן? געבלאָזן פון זיך! געטאַנצט נאָר מיט סטודענטן... קוים באַוויליקט מיר אויף אַ גוטמאָרגן צו ענטפערן. און איצט!...
דאָס דעקל פון טשייניק האָט זיך רוגזהדיק צעטאַנצט און פּאַרענדיק צעוויסן געגעבן אַז עס קאָכט. גדליה האָט זיך ווידער דערמאָנט אָן זיין „מוראָוואנע” לונגען־אָנצינדונג און זיך אַ כאַפּ־געטאָן צו ביידע זאכן מיט־אַמאָל: איינגעשלונגען אַ פּאָר אספּירין־טאַבלעטן און נאָכגעטרונקען אַ האַלב גלאָז קאָניאַק. דאַן ערשט האָט ער זיך אָנגעגאָסן טיי...
— צום טייוול! — האָט ער געקריצט מיט די ציין — תמרה וועט דאָרטן וואַרטן אויף מיר ביי מוגראַבי, וועט זיין בייז און זי וועט זיין גע־רעכט. און דריטהאַלבן פונט פּאַר די קינאָ־בילעטן אַרויסגעוואָרפן! ס׳האָט מיר וואַזשנע געלוינט! אַלץ צוליב! — האָט ער אַ בייזן בליק געטאָן צו דער טיר פון וואַנע־צימער.
אַן אויפגערעגטער האָט ער געטרונקען די טיי, זיך בריענדיק מיט יעדן זופּ. אין מיטן טרינקען איז אים איינגעפאַלן עפּעס פאַרדעכטיקס:
— וואָס טוט זי דאָרט? ס׳איז מיר עפּעס צו־שטיל! — האָט ער גע־

געבן אַ שטעל אַוועק די גלאָז טיי און איז אויף די שפּיץ־פינגער צוגעגאַנגען צו דער טיר פון וואַנע־צימער.

ער האָט אַריינגעקוקט דורכן שליסל־לאָך און געזען, אַז כינקע איז שוין אַרויס פון דער וואַנע און זי טוט זיך אָן.

— נו, מילא... דאָס משוגעת וועט איר אַריבער... יאָ, אָבער זי דאַרף דאָך עפּעס עסן!

ער האָט אַוועקגעשטעלט אויפן טיש ברויט מיט מאַרגאַרין, אַ צעשני־טענעם הערינג, אַ פלעשל לבניה און צוקער.

— וועט זי וועלן, וועט זי עסן. נישט? איז נישט. — האָט ער זיך אַ זאָג־געטאָן און אָנגעקלאַפּט אין טיר: — איר זענט שוין פאַרטיק?

— יאָ. איך גיי שוין אַרויס. — האָט שוין כינקע געענטפערט מיט אַ קלאָרער, לויטערער שטים, נישט־איבערפרעגנדיק מער דעם תמעוואַטן „האַ?".

זי איז טאַקע באַלד אַרויסגעקומען מיט קאָלירטע בעקלעך און לויטערע אויגן. די צעקודלטע האָר — פאַרקעמט. און אין גדליהס מענערשער פּיד־זשאַמע, האָט זי אים איצט ווידער אויסגעזען די זעלבע שטאָלצע פּאַווע, ווי אין טשענסטאָכאָוו, ווען זי האָט רעכט נישט געקוקט אין זיין זייט... ער האָט זיך אַזש פאַרלוירן פאַר איר פּאַוועשער מאַיעסטעטישקייט און זיך אַ רגע ווידער דערפילט שפּלדיקער פאַר איר.

— ביטע, זיצן זי.. — האָט ער אַזש געגומען ריידן צו איר פּאַרציי־טיש - איידל. — ביטע עסן זי און פילן זי זיך היימיש. דער טשייניק איז געקאָכט. זי קענען טרינקען וויפל זי ווילן. איך האָב שוין געטרונקען און איצט גיי איך זיך באָדן.

אין דער הייסער וואַנע האָט זיך גדליה איבערצייגט, אַז קיין לונגען־אָנצינדונג האָט ער נישט געקראָגן. דער טייוול וועט אים נישט נעמען!... אַ שאָד נאַר, וואָס ער וועט זיך שוין היינט מיט תמרהן נישט טרעפן. מילא, פאַרפאַלן. אין דער הייסער וואַנע האָט ער זיך גוט געפילט. עס האָט זיך אים געגלוסט וואָס לענגער צו ליגן און אויסבריען זיך דאָס לייב. עס האָט אים אָבער ווידער אינטריגירט, וואָס כינקע טוט אין צווייטן צימער. זי פרעסט, צי נישט? ס'איז עפּעס צו־שטיל.

ווען ער איז אַרויסגעקומען פון וואַנע־צימער, האָט שוין כינקע גע־האַט אָפּגעגעסן און זי האָט אים, מיט אַ זשעניערטן שמייכל געדאַנקט.

— זי זענען דאָך אוודאי מיד. אַז זי ווילן, קענען זי זיך לייגן.

— יאָ, איך וועל זיך לייגן.

גדליה האָט אויסגעבעט זיין בעט, אַרויסנעמענדיק פאַר זיך אַ קי־שעלע מיט אַ קאָץ.

— ביטע, זי קענען זיך גיין לייגן.

— און ווו וועט איר שלאָפן?

— כעל זיך שוין אַן עצה געבן. זאָרגן זי נישט פאַר מיר...

כינקע האָט זיך אויפגעשטעלט פון טיש, צו גיין אין בעט אריין. און

ווידער האָט גדליה דערזען פאַר זיך די טשענסטאָכאָווער פּאַווע. אין זיין מענערשער פּידזשאַמע האָט זי איצט אויסגעזען גראַציעזער, עלאַסטישער און רייצנדער פון תמרהן. פון דעסטוועגן, קוקנדיק אויף כינקעס ווייבלעך־רונדע ליניעס, האָט ער גאָר וועגן תמרהן געטראַכט און באַדויערט, וואָס ער וועט זי היינט נישט זען.

כינקע איז אַריין אין בעט און גדליה האָט זיך געמאַכט אַ געלעגער אויף דער ערד. ער האָט אויסגעלאָשן דאָס ליכט און געלייגט זיך שלאָפן. עס איז אים געווען הארט און אומבאַקוועם. ער האָט געפילט, אַז ער וועט מאָרגן אויפשטיין אַ צעבראָכענער און נישט קענען אַרבעטן. ער האָט זיך געדרייט אויף אַלע זייטן און געקרעכצט.

— עס איז אייך זייער אומבאַקוועם? האַ? — האָט כינקע געפרעגט אין דער פינצטער.

— מילא, כ׳וועל אויסהאַלטן...

— עס איז מיר זייער פיינלעך, וואָס צוליב מיר...

— נו, מילא. פאַר אייער טאַטן וואָלט איך עס נישט געטאָן! מיט אים וואָלט איך היינט געהאַט אַן אַנדער חשבון!... — האָט זיך עס פון גדליהן אַרויסגעכאַפּט קעגן זיין אייגענעם ווילן. ער האָט תיכף חרטה געקראָגן. שטאַרק חרטה געקראָגן.

די פינצטערניש איז שווער באַלאָדן געוואָרן מיט אַ פּיינלעכן שווייגן, בעת וועלכן גדליה האָט זיך אַליין געקניפּט די באַקן פון פאַרדרוס. אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך כינקע אָנגערופן:

— איך ווייס נישט, וועלכע לשון־הרע מען האָט אייך דערציילט וועגן מיין טאַטן. איך ווייס נאָר, אַז מיט קיין טויטע האָט מען ניט קיין חשבונות. איך האָב שוין אַלע מיינע חשבונות פאַרענדיקט. סיי מיט די טויטע און סיי מיט די לעבעדיקע. די משפחה פאַרלוירן אין פּוילן, מיין מאַן — אין רוסלאַנד און מיין קינד — דאָ, אין ישראל. געענדיקט אַלע חשבונות.

— איר האָט מיר נישט פאַרשטאַנען. כ׳האָב אַזוי נישט געמיינט! — האָט גדליה געשטאַמלט, טראַכטנדיק אַז ער איז אַ חמור־אייזל, אַ גראָביאַן!

אָבער כינקע איז אַנטשוויגן געוואָרן. גדליהן האָט זיך פּלוצלינג געדאַכט, אַז ער הערט כליפּען. ער האָט זיך האַסטיק אויפגעזעצט און זיך איינגעהערט: ניין, זי שלאָפט שוין, דאָס כראָפּעט זי אַזוי...

ער האָט זיך צוריק געלייגט און, צוליב דער האַרטקייט פון זיין גע־לעגער, תיכף פאַרגעסן דעם אומאַנגענעמען שמועס. נישט נאָר פאַרגעסן, נאָר ווידער אָנגעהויבן צו יורן אין אים די דערנידעריקונג און פאַרדראָס:

— די שטאָלצע פּאַווע ליגט זיך ווי אַ פּרינצעסן אין בעט און איך ליג אויף דרערד! אַ דרערד־ליגער בין איך! מאָרגן וועט זי ווידער מעגן קוקן אויף מיר פון אויבן אַראָפּ. מיינע געשעפטן! נקמה האָט זיך מיר פאַרגלוסט צו נעמען! זע נאָר די נקמה, זאָלסט אַזוי געזונט זיין! זי ליגט אין בעט און איך ליג אין דרערד! ווען זרח ווייסט, שפּייט ער מיר אָן אַ פולן פּנים.

ער האָט אַריבערגעצויגן דעם מאַנטל איבערן קאָפּ און איז אַנטשלאָפן־

געוואָרן מיטן געדאנק, אַז מאָרגן וועט ער מוזן אויפזוכן תמרהן און איבער־בעטן איר מיט אַ שיינער מתנה.

אויפגעשטאנען איז ער דווקא אין אויסגעשלאָפענער און אין אויסגערו־טער. קיין לונגען־אָנצינדונג האָט ער נישט געהאט און די ביינער האָבן אים נישט געבראָכן. ער האָט אַרויפגעבראַכט פרישטיק פון געוועלבל און אַ פּאָר קילאָ מאראנצן.

— איך גיי צו דער אַרבעט — האָט ער געזאָגט דער אויפגעוואכטער כינקען — אָבער זי דארפן זיך דאָ פילן היימיש. דאָ האָבן זי פרישטיק און צום מיטיק קענען זי עפּענען אָט די פלייש־ביקסע.

— אַ דאנק... — האָט כינקע אים באַגלייט מיט אַ שמייכל פון גע־פאלנקייט און אונטערטעניקייט.

אָט דער שמייכל אירער האָט אין גדליהן צעשמאָלצן דאָס לעצט ביסל פאַרדרוס. ער איז אַוועק אַ באַרוהיקטער און במשך דעם גאַנצן טאָג ארבעט, האָט ער געהאט דאָס גוטע געפיל פון אַ בעל־טובה, אין וועמענס חסד מען נויטיקט זיך...

נאָך דער אַרבעט איז ער אַוועק צו דער תימן׳קע. תמרה האָט טאַקע געמאַכט אַ „נעזל״, אָבער זי האָט זיך געלאָזן לייכט איבערבעטן. זיי האָבן זיך אָפּגעשמועסט אויף שבת־צו־נאַכט. זי פאָרט אַרויס אויף דריי טעג צו אַ מומע אין ירושלים. אַן אַנדערשמאָל וואָלט גדליה געהאט עגמת־נפש דער־פון: וואָס וועט ער טאָן מיט אַזעלכע פוסטע אָוונטן?! אָבער היינט האָט עס נישט געאַרט: ער קומט דאָך אַהיים נישט צו קיין ליידיקע ווענט...

כינקע האָט אים מקבל־פּנים געווען מיט אַ פריינטלעך און דאנקבאַר שמייכעלע. עס איז שוין גאָרנישט קענטיק געווען אויף איר די אומגליק־לעכקייט פון די איבערגעלעבטע צרות. אַ זאָרגפעלטיק־פּאַרקעמטע, באַ־שמעקט מיט זיין קעלניש־וואַסער און נאָך אַלץ אָנגעטאָן אין זיין מענערשער פּידזשאמע, וואָס האָט איר פאַוועדיקייט צוגעגעבן נאָך מער באַטעמטקייט, איז זי געזעסן ביים ראַדיאָ און זיך צוגעהערט צו דזשאַז־מוזיק.

— זי האָבן דאָך גאָרנישט געגעסן! — האָט ער אויסגערופן, דערזע־ענדיק אויפן טיש די נישט־געעפנטע פלייש־פּושקע.

— איך האָב געמיינט, אַז איר וועט קומען אויף מיטאָג... איך האָב געוואַרט...

— נישט גוט געטאָן. געדארפט עסן...

— אַז איר ווילט... איז קענען מיר עסן...

— ביי מיר טאָר מען נישט הונגערן!... — האָט ער אַוועקגעשטעלט דעם קאָניאַק אויפן טיש און געעפנט די פלייש־פּושקע, וואָס כינקע האָט גענומען פון אים אָנצוווארעמען.

זיי האָבן געטרונקען לחיים און צוזאמען געגעסן. גדליהן האָט אינ־טערעסירט: ווי זי פילט זיך נאָך דער נעכטיקער קאַלטער באָד אין דער מעברה, צי אירע קליידער זענען שוין טרוקן און צי זי וואָלט געוואָלט מאָרגן גיין ערגעץ אין אַ קינאָ, זיך אַ ביסל צו צעשטרייען. און נאָכן אויס־

הערן די יידישע נייעס פון „קול ציון לגולה" איז שוין געווען צייט צו גיין שלאָפן.

גדליה האָט זיך ווידער אויסגעבעט זיין געלעגער אויף דער ערד.

— איך קען עס נישט צוקוקן... — האָט כינקע געזאָגט אין בעט ליגנדיק — עס איז מיר זייער פיינלעך!...

— נו, וואָס זאָל איך טאָן? קיין צוויי בעטן האָב איך נישט...

— איז אפשר... — האָט כינקע, נאָך אַ ווײַלע שווייגן, געדעמפט אַ זאָג־געטאָן.

גדליה האָט נישט פאַרשטאַנען כינקעס „אפשר", אָבער ווידער האָט זיך אַלץ צעבונטעוועט אין אים: „וואָס איז דאָס טאַקע פאר אַ וואַלגערן זיך אויף דער ערד, ווען מעלניצערס טאָכטער... מעלניצער! ניין, ער וועט זיך נישט צערעמאָניען! מעלניצערן אויף צו פיקעניש! שאַ, זי האָט דאָך גע־זאָגט „אפשר". וואָס מיינט „אפשר"?...

ער האָט זיך האַסטיק אויפגעשטעלט, מיטשלעפנדיק זיין קישן פון דער ערד.

— רוקן זי זיך צו דער וואנט. — האָט ער א זאָג־געטאָן מיט אַ כרי־פענדיקער שטים און זיך געלייגט אין בעט, מיט דער פלייצע צו איר.

# שאַקאַלן

ווי אַ שטאָל־גוס־קאָלירקער טייך שטראָמט דער פרישער אַספאַלט צווישן דער טונקעלער גרינקייט פון געדיכטע פּרדסים, ווו נידעריקע מאַראַנצן־בוימער שמאכטן נישט־באַוואסערטע אין זוניק־שטויביקע חמסין־טעג. דער אַספאַלט שטראָמט באַרג־אַראָפּ צום טאָל, ווו עס לאכן אים אַנטקעגן די עטלעכע צענדליק פריש־געקאַלכטע הייזלעך פון דער שכונה.

פאַר די גאַנצע צוויי יאָר, זינט מען האָט די נייע עולים באַזעצט אין דער פון אראבער פאַרלאָזטער שכונה, וואָס צווישן די הפקרדיק־פאַרוואָרלאָזטע פּרדסים, האָט נאָך קיינער פון זיי קיין לעבעדיקן שאקאל פאַר די אויגן נישט געזען. ווי נישט קיין שאַקאַלן, נאָר אומזעבארע רוחות וואָלטן זיך דאָ מחנות׳ווייז דורכגעטראָגן דורך די נעכט און זיך פאַרגאַנגען אין אַ ווייבעריש־היסטערישן געיאָמער. און ווען נישט אַ פּאָר אויפגעפּרעסענע עופות פון אַן אַדורכגעבראָכענער שטייג אַרויס, וואָס די גאַנצע שכונה קומט באַגינען זיך צוזאַמענצולויפן אָנצוקוקן מיט באַדויער, וואָלט מען טאַקע גע־קענט מיינען, אַז נאָר רוחות זענען דאָס און נישט קיין מחנות פאַרצוקע־רישע חיות.

פאַר די גאַנצע צוויי יאָר וואָס נחמה וווינט דאָ מיט איר צווייטן מאַן, מיט גרשונען און זייער קינד, איז זי נאָך קיין רוהיקע נאַכט נישט געשלאָפן. ווי נאָר די שאַקאַלן פאַרגייען־זיך אויף די היסטערישע אויבערטענער, קריגט זי אַ געגרונצלטע הויט. איר דוכט זיך, אַז דאָס הערט זי די גרויליקע קולות פון דער געטאָ, בעת די „גרויסע אַקציעס״. אין כאַראַלן יאָמער, הערט זי דייטלעך די באַזונדערע שטימען פון אירע צוויי טעכטערלעך, פון דער מאַמען און די שוועסטער. נאַכט נאָך נאַכט, אָבער און ווידער, זעט זי ווען מען טרייבט זיי צום טויט! זי פאַרשטאָפּט־זיך די אויערן, ציט־אַריבער די קאָלדרע איבערן קאָפּ, אָפּגייענדיק אין אנגסט־שווייסן. זי שפרינגט־אַראָפּ פון בעט, צינדט־אָן די ליכט און כאַפּט דאָס שלאָפנדיקע קינד טוליען צו זיך. דאָס קינד צעוויינט־זיך, לייגט זי עס צוריק, פאַרוויגט עס און בלייבט שטיין אינמיטן צימער אין אימה. זי קען נישט פועלן ביי זיך, צוריק צו גיין צו זיך אין בעט און אומדרייסט דערנענטערט זי זיך צו גרשונס. גרשון שלאָפט מיטן פּנים צו דער וואַנט. פאַרזיכטיק הויבט זי אויף די קאָלדרע און, ווי אַ ציטערדיק קינד, נעמט זי זיך טוליען צו זיין פּלייצע.

גרשון האָט איבער אינמיטן אַ שנאָרך און דרייט אויס דעם קאָפּ.

— נחמה?

— יאָ, גרשון... עס איז מיר אומעטיק... — זאָגט זי געדעמפּט.

— אוי, איך בין אזוי מיד!... — בעט־זיך גרשון אַ פארשלאָפענער.

— ניין, גאָרנישט... — זאָגט זי פאַרשעמט — שלאָף...

אַ מידער פון שווערן אַרבעטס־טאָג, שלאָפט גרשון תיכף ווידער איין, און נחמה איז אים לאנג־לאנג מקנא זיין געשמאקן און געזונטן שלאָף. זי ליגט און טראַכט, אַז ער איז אַ גוטער, גרשון, זייער אַ גוטער. יואָס האָט ער אַלץ שוין נישט געטאָן, זי צו באַרוהיקן! אַפילו אַ ראַדיאָ האָט ער גע־קויפט פאַר היימלעכקייטס־וועגן. אַ ראַדיאָ, וואָס ביי זיינע פאַרדינסטן, איז עס אַ פאַרשווענדערישקייט. און איינמאָל, אַ שבת, האָט ער זי מיטגענומען אין זאָאָלאָגישן גאָרטן, זי זאָל דאָרטן אָנקוקן אַ שאַקאַל און זען מיט די אייגענע אויגן, אַז דאָס איז נישט קיין שוועסטער פון געטאָ... נחמה איז דאָרט לאנג געשטאנען פאר דער שטייג, געקוקט אויף דער געלער חיהלע, וואָס איז עטוואָס גרעסער פון אַ קאַץ און געוואַרט, עס זאָל אַרויסלאָזן אַ מענטשלעך קול. אָבער דער שאַקאַל, ווי ער וואָלט פאַרשטאַנען וואָס מען וויל פון אים, האָט אויף צו־להכעיס געשוויגן...

נחמה פאַרשטייט אַליין די לעכערלעכקייט פון אירע איינרעדענישן. וואָס איז זי, אַ קינד? זי מוז זיך נעמען אין די הענט אַריין און נישט פאַר־שטערן גרשונען און זיך דאָס לעבן. בפרט נאָך, אַז פון אזא נחלה אין דער שכונה, האָבן זיי ביידע אַפילו נישט געחלומט. זיי האָבן עס ליב־געקראָגן פון דער ערשטער מינוט, זינט זיי האָבן עס באַקומען. עס איז דאָך אַ וויללע, אַ דאטשע, אַ נחת! מיט פריידיקער פלייסיקייט האָבן זיי זיך ביידע אַ נעם־געטאָן צו דער באַלעבאַטישקייט און די שווערסטע דאָרפישע אַרבעט געטאָן מיט שטאָטישער פּעדאַנטישקייט און צערטלעכקייט. זענען טאַקע זייער גערטנדל, סעדל און לול (הינער־שטייג) — אַ מוסטער פאַר דער גאַנצער שכונה. די אייגענע אוגערקע און פּאָמידאָר, דאָס אייגענע רעטעכל און ציבלקעלע האָבן דאָך עפּעס גאָר אַן אַנדערן טעם... אַזוי אויך די פרישע איי פון אייגענעם לול און די פרישע גלאָז מילך פון דער אייגענער ציג. אויסער דעם, איז עס אויך אַ לייטישער צושטייער צו דער קוים־קוימיקער פרנסה. זיי האָבן זיך שוין גענוג אָנגעוואַנדערט און אָנגעוואָגלט, גענוג געלעבט מיט נסים און פון ווינט. אָט־דאָ, אין זייער ליכטיקן פּאַלאַצל, אויפן אייגענעם שטיקעלע ערד, וועלן זיי שוין אָפּלעבן זייערע יאָרן און דערציען דאָס קינד... בשום־אופן וואָלט זי נישט פאַרביטן די שכונה, אַפילו אויף די שענסטע וווינונגען אין תל־אביב! איי, די שאַקאַלן? — וועט זי זיך מוזן צוגעוווינען! — — — —

פון דעסטוועגן, אינדערפרי, שטייט נחמה אויף אַ בלייכע, אַ פאַר־גרינטע און שכנות גיבן איר יידישע קאָמפּלימענטן. מען פרעגט איר, אויף וואָס זי ליידט און מען גיט איר אָנצוהערן, אַז דער פרויען־דאָקטער פון קופּת־חולים איז ממש אַ מלאך...

— אַ מלאך? — אַ גאָט איז ער! — פאַרזיכערט מען איר...

— אָבער עס איז מיר גאָרנישט... — שמייכלט נחמה זשענירט — נאָר די שאַקאַלן, זיי לאָזן מיר נישט שלאָפן ביינאַכט... נאָך אַלץ נישט צוגעוווינט... — פאַרענטפערט זי זיך.

— פון חורבן־בייסמיקדעש־אָן קלאָגן זיי אַזוי! — זאָגט פרום די מומע דאָבעלע — אָבער אין תל־אביב הערט מען עס נישט... דאָרטן שלאָפט מען גאַנץ געשמאַק!...

— נו, איז דאָך עס תל־אביב!...

— אוואַ! כ׳האָב שוין געוווינט אין גרעסערע שטעט! מען דאַרף ענדיקן אַ ניערוועזיטעט דאָרטן צו וווינען? — פאַרקרימט זיך די מומע דאָבעלע.

— חלילה! — וויל זיך נחמה מיט דער יידענע נישט שפּאַרן — אדרבה, יעדער איינציקער מעג וווינען אין תל־אביב...

ביי יעדן פאָלק, אין אַלע שטעט און שטעטלעך אויף דער גאַנצער וועלט, זענען פאַראַן אַזעלכע מומע־דאָבעלעך. זיי טראָגן זיך אַרום מיט פולע בוזעמס סודות. אַזאַ מומע דאָבעלע, אַז זי גיט נאָר אויף איין מינוט אַ רוק־אריין ערגעץ די נאָז מיט דער באַהאָריקטער בראָדעווקע אויפן סאמע שפּיץ, — האָט זי שוין אויף חדשים „נייעסן“ פאַרן גאַנצן שטעטל רכילותניצעס. פון אַ וואָרט, ווערט ביי איר „ביכער צום באַשרייבן“ און פון אַ קוש — אַ ליובאָוועניק מיט ממזרים... אומעטום היט מען זיך פאַר איר, ווי פאַר אַ סכנה און אומעטום, צוליב פאָרזיכטיקייט, טראָגט מען איר אַנטקעגן דעם פריינטלעכסטן „גוט־מאָרגן אייך מומע־דאָבעלע!“, וואָס עס העלפט סיי־ווי נישט... און אָט, וואַרטנדיק אין דער ריי, אין שפּייז־קראָם, גיט עס דאָבעלע נחמהן אַ פרעג:

— טראַכט איר, הייסט עס, זיך אַריבער צו ציען קיין תל־אביב?...

— דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט... — ענטפערט נחמה סתם אַזוי.

אָבער די מומע דאָבעלע לאָזט שוין נישט אָפּ:

— איר ווייסט דאָך, ווי מען זאָגט: דו טו, און דער אויבערשטער וועט דיר העלפן.

— איך פאַרלאָז זיך שוין לאַנג נישט אויף אים, אַז ער זאָל מיר העלפן... און פון מיין מאַנס פּראַצע איז אויף קיין תל־אביבער דירות נישטאָ...

— וואָס־זשע־דען? קרובים פון אַמעריקע?...

— יאָ, קרובים... — גיט נחמה אָן אומעטיקן לאַך.

— זענט איר דאָך טאַקע אַ גליקלעכער מענטש! אויף מיר געזאָגט־געוואָרן!...

נחמה פילט, אַז די מומע דאָבעלע איז דאָ עפּעס אויסן און אַז מען מוז מיט איר ריידן קלאָרע דבורים: זי האָט נישט קיין קרובים אין אַמעריקע און נישט ערגעץ אַנדערש. פון דער גאַנצער משפחה, האָט זי זיך

איינע קוים גערעטעוועט. נישט נאָר קיין הילף, נאָר אַפילו קיין בריוול האָט זי נישט פון וועמען צו קריגן!

נאָר דאָ קומט־אונטער איר ריי צום קרעמער. נחמה איז שוין פאַרנו־מען מיטן איינקויפן און געדענקט שוין אפילו נישט דער מומע דאָבעלען און וואָס זיי האָבן גערעדט.

דעם זעלבן אָוונט, ווען נחמה מיטן קינד אויפן שויס איז געזעסן ביים טיש, קעגנאיבער גרשונען, געטרונקען טיי און זיך צוגעהערט צום „קול ציון לגולה" פון ירושלים, וואָס ווערט איבערגעגעבן אין יידיש, — האָט דער רוח אָנגעטראָגן דריי מגושמדיקע פאַרשוינען: אַ באַלעגאָלע־ייד, אַ יאַטקע־יידענע און אַ קעלבערנע מויד.

— מיר זעמיר געקומען אָנקוקן אייער דירה.

— אָנקוקן אונדזער דירה? נאָכוואָס? — האָבן גרשון און נחמה געשטוינט.

— ווי לאַנג קען מען עס ליגן אין די צעלטן פון דער מאַבאַרא (מעברה) און וואַרטן אויפן יושר פון סוכנות? עס גייט דאָך אַ ווינטער מיט רעגנס, גייט דאָך! — איז דער באַלעגאָלע אַרויסגעפּאָרן מיט לשון — מען מוז אַ נעם־טאָן די לייצעס אין די אייגענע הענט און זיך אַ קערעווע־טאָן ווי עס לאָזט־זיך, כעכעכע...

— וואָס־זשע פאַר אַ שייכות האָט עס מיט מיר? — האָט גרשון גע־וואָלט פאַרשטיין.

— איר ציט זיך דאָך אַריבער קיין תל־אביב... — האָט די יאַטקע־יידענע געענטפערט.

— שאַנעמוקעם, שאַנעמאזל!... — האָט דער באַלעגאָלע־ייד ווייטער געצויגן — אויף קאָ צוויי קאָזלעס זיצט מען דאָך נישט... זע מיר געקומען אַ טאַפּ־טאָן דאָס זעקל האָבער: וויפל ווילט איר אָפּטרעט־געלט?

גרשון האָט אַ קוק־געטאָן אויף נחמהן, נחמה — אויף גרשונען אוןביידע צוזאַמען — אויף די צוויי פאַרשוינען, וועלכע האָבן דערווייל באַ־טראַכט די צימערן:

— ש״קאַ שלעכטע דירה!... הם... און ווען רעכנט איר מאַכן די יאַזדע?

— וואָס?

— ווען, מיינט איר, זיך אַריבערצוציען?

— ווער האָט אייך געשיקט אַהער? און ווער האָט עס אייך איינגע־רעדט, אַז מיר ציען זיך אַרויס? — האָט גרשון געפרעגט, נישט וויסנדיק, צי זאָל ער לאַכן, אָדער זידלען...

— מיר זע׳מיר אַליין געקומען. עס איז דען אַ סוד? די גאַנצע שכונה ווייסט, אַז איר ציט זיך אַריבער קיין תל־אביב.

— מיין געלט איז קיין געלט נישט? עס ציילט זיך נישט? — האָט אַ זונג־געטאָן די יאַטקע־יידענע מיט אַ סוחריש מאַרק־טענדעלע — מיט וואָס זע׳מיר ערגער פון אַנדערע יידן?

— אָבער עס האַלט נישט דערביי! — האָט גרשון אויסגעשריגן, ווי אָפּצושרייען אַ גזירה — עמעץ האָט געמאַכט מיט אייך אַ וויץ, אַ גע־לעכטער...

— פון אונדז מאַכט מען נישט ס׳געלעכטער! — האָט די יידענע פּראָ־טעסטירט — אז מען קלינגט, איז אַ חגא.

— זאָג איך אייך, אַז מיר טראַכטן אַפילו נישט וועגן דעם!... — האָט זיך נחמה אויפגעשטעלט, צו ווייזן, אַז דער שמועס איז געענדיקט.

— ניש איז ניש. אָבער טאָמער יאָ, בין איך דער ערשטער! אַ גיטע נאַכט.

ווען די דריי פאַרשוינען זענען אַוועק, האָבן מאַן און ווייב אויס־געשפּיגן:

— וואָס מיר האָט זיך געחלומט די נאַכט און יענע נאַכט...

— אַלע וויסטע חלומות אויף די שונאימס קעפּ!

אויסגעשפּיגן און, מיט אַ גרינג געמיט, געלייגט זיך שלאָפן.

צומאָרגנס, ווען נחמה איז געקומען איינקויפן, האָט איר דער שפּייז־קרעמער אָפּגערופן אָן אַ זייט:

— הערט, נחמה: אייער חשבון וואַקסט... שוין באַלד אַ נדן אַ גאַנ־צער... איך האָב אייך, חלילה, קיינמאָל נישט געמאָנט. אָבער אז איר ציט זיך אַריבער קיין תל־אביב...

— עס איז אַ ליגן! ווער האָט עס אויסגעטראַכט?!

— אַ ליגן? אַלע ווייסן... נישט געריכט־זיך אויף אייך, אז איר זאָלט לייקענען. איך האָב געננוג חובות דאָ, און דאַרף נישט אַרומלויפן מאָנען איבער תל־אביב! — איז דער קרעמער אַ באַליידיקטער צוריקגעגאנגען צו די קונים.

נחמהן האָט אַ ברען־געטאָן אין דער ברוסט, ווי זי וואָלט אַ גלעזל ספּירט אַראָפּגעשלונגען. זי האָט דערפילט, אַז דאָס פּנים פלאַמט איר און די קני ציטערן. אַ פאַרשעמטע איז זי אַרויס פון קראָם. עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז אַלע ריידן דאָרט איצט וועגן איר, מען קוקט איר נאָך, מען טייטלט מיט די פינגער און מען לאַכט...

— וואָס איז דאָס פאַר אַן אָנשיקעניש?! — האָט זי זיך נישט אויפ־געהערט פרעגן, לויפנדיק ווי אַ געיאָגטע אַ היים.

פון גרויס פאַרדרוס, האָט זי באַשלאָסן, היינט דווקא צו קאָכן אַ גוט מיטאָג. זי האָט אַרויסגענומען פון לול אַ הון, וואָס האָט זיך שוין אויפגע־הערט צו לייגן און אַוועקגעטראָגן צום שוחט.

דער שוחט האָט זיך געקלאָגט, אַז זיין ווייב איז אים נישט מיט אַלע־מען און געפרעגט, צי נחמה קען אים נישט פאַרקויפן אַ הינדל. זיין ווייב וואָלט זיך, נעבעך, דאָס האַרץ דערכאַפּט מיט אַ ביסל הינערן־יויך. יאָ, זי וועט אים פאַרקויפן. דערביי איז איר איינגעפאַלן, נחמהן אַז פאַר צוויי־דריי הינער, קען זי באַצאָלן דעם שפּייז־קרעמער דעם חוב און ער וועט איר אויפהערן דאָס בלוט צו פאַרצאַפּן.

אין אָוונט האָט זי דאָס גאַנצע ביטער האַרץ אירס אויסגעגאָסן פאַר גרשונען. דערציילט די מעשה מיטן קרעמער און מיט די פאַרקויפטע עופות. גרשון האָט איר נישט געמאַכט קיין פאָרוואורף פאַר די עופות. ער איז לאַנג געזעסן אַ פאַרכמורעטער און ענדלעך, ווידער אויסגעשפּיגן אויף אַלע שונאימס קעפּ.

— זאָרג נישט, נחמה. כ׳על אָפּנעמען ס׳געהאלט, וועל איך באַצאָלן די חובות און צוריק אָפּקויפן די עופות.

און ווייל אויפן געמיט איז אַלץ געבליבן אַ געזאלצנקייט, וואָס די טרייסט־ווערטער האָבן נישט געקענט אַראָפּשווענקען, האָבן זיי באַשלאָסן צו גיין אין געסט צו ביילקען.

ביילקע איז נחמהס חברטע פון דער היים נאָך, און איצט — זייער נאָענטסטע שכנה. ביילקע האָט זיי אויפגענומען מיט אַ זויערקייט, ווי תמיד, ווען זי האָט מיגרענע. אָבער ניין, איצט האָט זי דווקא נישט קיין מיגרענע, נאָר טענות צו דער וועלט האָט זי: וואָס איז דאָס געוואָרן פאַר אַ וועלט און וואָס זענען דאָס געוואָרן פאַר אַ מענטשן? פאַלש ווי די הינט זענען אַלע! די נאָענטסטע חברטעס האָבן פאר דיר סודות. עס איז שוין קיינעם מער נישט צו גלויבן, אפילו קיין אייגענער שוועסטער!

— וואָס מיינסטו דערמיט צו זאָגן, ביילקע?

— דו ווייסט שוין גוט, נחמה, וואָס איך מיין... אז איך זאָל זיך דערוויסן די לעצטע, וואָס די גאנצע שכונה ווייסט שוין פון לאנג, איז עק־וועלט!

— אז איך צי זיך אַריבער קיין תל־אביב?...

— יאָ!

— איז טאַקע אַ ליגן די מעשה... ס׳הויבט זיך נישט־אָן און סע לאָזט זיך נישט אויס!...

— אַ ליגן? — האָט ביילקע איבערגעפרעגט מיט איראָניע — האָסט דאָך שוין אַפילו באַצאַלט אין שפּייז־קראָם... דו פאַרקויפסט דאָך שוין אויס די הינער פון לול... אַ ליגן, הערסטו גאַר!... און אפשר איז מען נאָך נישט געוועזן ביי דיר, וועגן דינגען די דירה?...

— מילא, וואָס איר טוט, איז אייערס אַ זאַך... — האָט זיך אייזיק, ביילקעס מאַן, אַריינגעמישט — איר זענט נישט געקומען מיט אונדז זיך מיישב צו זיין, איז נישט. מסתמא האָט איר נענטערע גוטע פריינט... אָבער אז מיין ברודער וואלגערט־זיך מיט ווייב און קינד אין בית־עולים, בין איך נישט בילכער צו קריגן פאַר אים אַ דירה, ווי יענער באַלעגאָלע? דו האָסט מיר דען געפּרוווט זאָגן אַ פרייז און דו ווייסט שוין, אַז איך גיב דיר ווינ־ציקער, ווי יענער?

— ביילקע!!! — האָט זיך נחמה אַ שטעל־געטאָן אַן אויפגערעגטע, מיט אויסגעקניפּטע באַקן — איך וועל זיך דאָס האַרץ פאַר אייך נישט אויפשניידן! ווילט איר גלויבן, גלויבט. ווילט איר נישט, דאַרף מען נישט!

— דאַרפסט זיך דאָס האַרץ נישט אויפשניידן. עס לוינט נישט... —

האָט אייזיק געלאַכט — נאָר גרשון טוט שוין קלוגער פאַר דיר: ער שווייגט כאָטש...

— איר פּלוידערט נאַרישקייטן, דערפאַר שווייג איך. — האָט גרשון געענטפערט — עס איז דאָך אַ קאָמעדיע, ווי איך בין אַ ייד!... נאָר צום לאַכן!...

— לאַכן לאַכט דער, ווער עס לאַכט דער לעצטער... — האָט ביילקע פּילדייטיק צוגעוווּנקען — און רחל איז דען נישט באַליידיקט אויף אייך? און שמעון מיט סאָניען? אָט, גייט אריין צו כאַצקלען, וועט איר פון אים אויך הערן אַ פּאָר אָנגענעמע ווערטער...

דעם אָוונט, זענען שוין נחמה מיט גרשונען נישט געגאַנגען צו כאַצקלען, צו הערן פון אים די „פּאָר אָנגענעמע ווערטער". אָבער צומאָרגנס, האָבן זיי זיך טאַקע איבערצייגט, אַז זייערע נאָענטסטע פריינט קערן זיך אָפּ פון זיי. ווער עס קומט ־אָפּ מיט אַ קאַלטן „גוטמאָרגן" און ווער עס דרייט אָוועק דעם קאָפּ און מאַכט־זיך נישט זעענדיק... דאָס ערגסטע דערביי איז, וואָס כאָטש אַלע ווייסן כלומרשט די געשיכטע, — רעדט נישט קיינער מער וועגן דעם און פרעגט גאָרנישט. ווי אלע וואָלטן זיך־אָפּגערעדט צו שווייגן און קוקן דאָס גרייטע... און אַז מען רעדט נישט וועגן דעם און מען פרעגט נישט, נאָר מען דרייט אָוועק דעם קאָפּ, ווי־זשע קען מען עס גלאַט צוגיין און זאָגן: „ס'איז אַ ליגן!"?

גרשון און נחמה האָבן זיך דערפילט איזאָלירטע, אויסגעשלאָסענע פון דער געזעלשאַפט. די גאַנצע שכונה, די גאַנצע וועלט האָט זיך אָפּגע־קערט פון זיי. אמת, דער פּאַרהאָרעוועטער גרשון, וועלכער איז אַ גאַנצן טאָג נישטאָ אין דער היים, האָט ווייניקער צייט געהאַט וועגן דעם צו טראַכטן. אָבער נחמה האָט זיך גאַנצע טעג אַרומגעדרייט ביי זיך אין שטוב, ווי אין אַ תפיסה און געפילט, ווי עס צאַפּט־זיך פון איר דאָס בלוט טראָ־פּנסווייז.

דערצו נאָך, האָט גאַנצע טעג איר טיר נישט גערוט. ווי אלע איינוווי־נער פון אלע מעברות און בית־עולימ'ס וואָלטן זיך פאַרלייגט נאָר אויף איר דירה... מען פּראַלט די טירן, מען קוקט און מען זאָגט חסרונות... מען זאָגט פּרייזן און מען דערלייגט... און נישט נאָר וועגן דער דירה, — מען פרעגט אויפן מעבל און אויפן בעטגעוואַנט, אויף די פּאָרהאַנגען און אויפן ראַדיאָ.

נחמה האָט זיך אַרומגעבונדן דעם קאָפּ מיט אַ נאַסן האַנטוך און פאַרשלאָסן די טיר: זאָלן זיי קלאַפּן קאָפּ אָן וואַנט! זי וועט אַפילו נישט ענטפערן. און פריער ווי אין אָוונט, ווען גרשון וועט קומען, וועט זי קיינעם נישט עפענען די טיר.

אומהיימלעכע טעג, בייזע און דראָענדיקע, האָבן זיך געשטעלט הינטער די פענצטער פון נחמה'ס שטוב. אַלע פריינט מיידן־אויס איר שוועל. זיי גאָר זענען די בעעוולטע און באַליידיקטע! זיי קומט גאָר אַרויס אַ רעשט! אַ „גוטמאָרגן" וואַרפט מען איר־צו מיט אַ בליק, אַ פון אויבן־אַראָפּיק. פון וואַנען נעמט זיך עס, פאַרוואָס קומט דאָס איר? פאַרוואָס

גלויבט מען איר נישט, שונאים איז מען איר געוואָרן. בלוטיקע שונאים! און זי איז איצט אַזוי איינזאַם, אַזוי עלנט, אַז נישט האָבנדיק פאַר וועמען זיך אויסצורײדן, פילט זי, אַז דאָס האַרץ וועט איר פּלאַצן!

צום שלים־מזל האָט זיך איצט אויך פּונקט געדאַרפט מאַכן, אַז גרשון זאָל שוין דעם דריטן חודש נישט באַקומען זיין געהאַלט. במשך די צוויי יאָר, וואָס ער אַרבעט דאָרטן, האָט ער תמיד זיין געהאַלט באַקומען פּינקט־לעך. אָפּט — נאָך אַפילו פאַרן ערשטן. און איצט איז שוין דער דריטער חודש, ווי מען צאָלט קיין געלט נישט. און דאָ, האָט דער גרינס־הענדלער זיך פאַרקוקט אויפן שפּייז־קרעמער און קיינער גיט איר מער נישט אויף באָרג. דערקעגן חובות, קומט מען איצט מאָנען פון אַלע זייטן. זי האָט גאָר אַליין נישט געוווּסט, נחמה, וויפל זי איז שולדיק.

אירע הינער אין לול זענען געווען געקליבענע איינס־אין־איינס, ווי אַ פעסטער שנור פּערל. אָבער אַז נחמה האָט דעם שנור איבערגעריסן, האָבן זיך שוין די פּערל איינציקווייז גענומען אַרויסשיטן: מיט יעדן וויזיט פון אַ בעל־חוב, איז דער לול געוואָרן ליידיקער. ביז די לעצטע הון איז געוואָרן די כפּרה און נחמה איז געבליבן אָן אַ איי פאַרן קינד.

ערשט איצט, האָבן נחמהס חברטעס ביי ביילקען אין שטוב, אויפּסנייי געהאַט אָן וואָס צו שאַרפן־זיך די צינגלעך:

— זי האָט דאָך שוין דעם גאַנצן לול ליקווידירט...

— האָט מיר קיין הון אַפילו נישט פאַרגעלייגט צו קויפן!...

— פאַר פריינטשאַפט, צאָלט מען אָפּ מיט חזיריי!

— וואָס דאַרפט איר מער? — פאַרקלאָגט זיך ביילקע — פאַר מיר האָט זי דאָך תמיד געשפּילט די ראָלע פון אַ „נעבעכל", פון אַן „עלנטן שטיין"... נו, האָט איך געזאָלט זיין אַ נביא און וויסן, אַז זי האָט גאָר שטיין־רייכע קרובים אין אַמעריקע, און פאַרוואָס האָט זי עס באַהאַלטן פון מיר? איך האָב איר נישט פאַרגונען, וואָס? דערוויס איך זיך ערשט נעכטן, אַז שטילינקערהייט האָט זי פון זיי שווערע דאָלאַרן באַקומען!

— און יעדן חודש — אַ פּאַקעט מיט שפּייז און אַ פּאַק מיט נייע קליידער!

— וואָס־זשע דען? ניט פון על־חטא איז מען פעט!...

— פון איר גרשונס געהאַלט האָט זי זיך עס אַזוי געשטראָנצלט?... מיינער פאַרדינט עפּעס מער פאַר גרשונען און אויף קיין דירה אין תל אביב קענען מיר נישט אָפּשפּאָרן!...

— אונדזער ס'גאַל מענטשן קענען, פון שווערער האָרעוואַניע, קיין געלט אויף קיין תל־אביבער דירות נישט אָפּשפּאָרן...

— אַזוי איז עס שוין: ווער עס קריגט דאָלאַרן, דער קריגט פליי אין דער נאָז...

— מילא, זאָלן זיי לויפן קיין תל־אביב, אַז דער האָבער שטעכט זיי!... איך קען דאָ אויך לעבן. איך בין נישט אַזוי איידל געכאָוועט און האָב נישט מורא פאַר קיין שאַקאַלן... כאַכאַכאַ...

— און בענקען נאָך זיי, וועל איך אויך נישט...

דער פאַרדרוס ביי נחמהס נעכטיקע גוטע פריינט, האָט זיך געשטארקט מיט יעדן טאָג, מיט יעדער נייער „ידיעה" וואָס מען האָט זיך דערוווסט פון נחמה׳ס שטוב אַרויס. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ווען מען האָט געזען גרשונען לויפן נאָכן דאָקטער, האָט אים קיינער נישט געפרעגט, וואָס נחמה מאַכט. קיינער איז נישט אַריינגעקומען, צו דערלאַנגען איר עפּעס אין מויל, ווען גרשון איז געווען ביי דער אַרבעט, אָדער אָנקאָרמענען דאָס קינד.

— מיר וועלן אַוועק פון דאַנען, נחמה. מיר וועלן אַוועק פון דאַנען!

— האָט איר גרשון געטרייסט, זיצנדיק ביי איר בעט און גלעטנדיק איר האַנט — אַלעמען אויף צעפּיקעניש, וועלן מיר טאַקע אַריבער קיין תל־אביב... תל־אביב איז אַ שטאָט מיט קינאָס, מיט טעאַטערן, מיט קאַפעען, מיט ליכ־טיקע שוי־פענצטער... מוחל דאָס דאָרף! צוויי טויזנט לירעס גיט מען מיר דאָך אָפּטרעט־געלט פאַר דער דירה... און דריי בענק וועל איך קריגן הלוואות. שוין גערעדט וועגן דעם... איך האָב שוין אַפילו זשיראַנטן אויך... דאָ וועל איך אַלץ פאַרקויפן, דאָס גאַנצע דאָרפישע ווירטשאַפט. דאָס ביסל צירונג — פאַרזעצן און נעמען אַ דירהלע דווקא אויפן צפון!... און ליידיקע פיר ווענט וועלן מיר אַריינגיין, אַבי אַוועק פון דער שכונה מיט אירע שאַקאַלן! וועסט זען, נחמהלע, וועסט זען...

אָבער נחמה האָט גאָרנישט געהערט, וואָס גרשון רעדט צו איר. אין הייסן חמסין־טאָג איז זי געלעגן אָן איינגעדעקטע מיט אַ וואַטענער קאָלדרע און מיט אַן אייז־פענכער אויפן גליאיקן קאָפּ. דייטלעכער ווי תמיד, האָט זי איצט געהערט דאָס וואָיען פון די שאַקאַלן. אָבער איצט האָט זי זיי נישט בלויז געהערט, נאָר אויך געזען. זי האָט געגלאָצט אירע מוטנע־פאַרגלאָסענע אויגן צום פענצטער, דורך וועלכן די שאַקאַלן האָבן זיך געדוקט צו איר, זי צו פאַרצוקן... די שאַקאַלן האָבן עפּעס מאָדנע באַקאַנטע מאָרדעס, ווי זי וואָלט זיי שוין אַ סך מאָל געהאַט געזען. יאָ, זי דערקענט זיי, די שאַקאַלן! מיט פּנימער פון מומע־דאָבעלעך, פון ביילקען מיט אייזיקן, פון די קרעמער און הענדלער. דער שוחט מיטן חלף איז אויך אַ שאַקאַל! דער באַלעגאָלע־ייד, די יאַטקע־יידענע און די קעלבערנע מויד, — אַלע זענען שאַקאַלן מיט צעשטשירעטע ציין. אַלע רעווען און רייסן זיך צו איר געלעגער! גרשון ראַטעווע!!! —

אויפן דריטן טאָג, נאָכן צונעמען נחמה׳ן אין שפּיטאָל־אַריין, האָט גרשון גענומען האַסטיק אַ תל־מאַכן פון זיין באַלעבאַטישקייט.

ווי הינט דערשפירן יאַטקע־ביינער, אַזוי האָבן הענדלער פון גאַנצן אַרום דערשפירט די מציאות, וואָס זיי האָבן דאָ צו כאַפּן.

גרשון איז קיין סוחר קיינמאָל נישט געווען און איצט האָט ער גענומען יעדן פּרייז, וואָס מען האָט אים פאַרגעלייגט.

און אין איינעם אַ טאָג איז פאַרפאָרן אַ לאַסט־אויטאָ, אויף וועלכן גרשון האָט גענומען אַרויפגרוזעווען די איבערבלייבענישן פון זיין חשובער באַלעבאַטישקייט.

אינדרויסן האָט שוין געוואַרט דער באַלעגאָלע־ייִד מיט דער יאַטקע־ייִדענע און די קעלבערנע מויד איז שוין געזעסן אויף אַ וועגעלע מיט פּאָר־שיידנקאָליריקן געפּעק...

הינטער די גאַרדינען פון ביילקעס פענצטער, האָבן־זיך די פּאַרטייעטע חברטעס געקניפּט אין דיקן פליִיש אַריין, נאָכמאַכנדיק נחמה׳ס טענדעלע:

— אַז עס איז ליגן, זאָג איך אייך!...

— איך וועל זיך דאָס האַרץ פאַר אייך נישט אויפשניידן!..

און אינמיטן פון אַ רעדל קונים, אינדרויסן, פאָרן שפּייז־געוועלב, שטייט די מומע דאָבעלע און טריאומפירט:

— ני?... וואָס האָב איך אייך געזאָגט?... אָבער איך האָב עס די ערשטע דערשנאַפּט!...

# אַ חנוכּת־הבית

— כּאַצקל, וואָס שטייסטו?

— וואָס ווילסטו שוין ווידער פּון מיר?

— עס ווערט דאָך שפּעט!

— ווי אַ זשאַנדאַר האָט זי זיך אַוועקגעשטעלט און נאָר זי גיט באַפעלן. כּאַצקל אַהער און כּאַצקל אַהין! לאָז אָפּכאַפּן, לאָז!

— אַזוי? באַפעלן? איך שטיי ליידיק, האַ? וואַש דו די פּאָדלאָגעס, פּרעס דו די וועש און שטעל זיך דו אַוועק אין קיך באַקן דעם טאָרט און צוגרייטן די סענדוויטשן, וועל איך אַרומלויפן צו די שכנים נאָך שטולן און געשיר.

— ווידער שטולן? האָסטו דאָך שוין שטולן פאַר אַ גאַנצן פּאָלק סאָלדאַטן!... וווּ וועסטו עס אַלץ שטעלן?

— מ׳עט שוין שטעלן! גיי מיר אַריין אַנטקעגן צו דער תּימן׳קע און נעם ביי איר קעלישקעס, טעלערלעך און גאָפּעלעך. די פּרענקיניע, אויפן דריטן שטאָק, האָט מיר צוגעזאָגט צו באָרגן אַ קליאָש מיט ניין גלעזער. ביי דער מאַדזשאַרקע, אונטן, וועסטו נעמען לעפּעלעך און צוויי ווייןְ־גראַפינקעס. אויב זי האָט אַ טאַץ, זאָל זי דיר געבן. נאָכדעם וועסטו אַריינגיין צו דער רומענערין און

— וואַרט נאָר, וואַרט. איך וועל סיי־ווי נישט געדענקען. כ׳וועל קומען פון דער תּימנ׳קע, וועסטו ווייטער באַפעלן. נאָר זי באַפעלט! אַ שיק־ייִנגל האָט זי זיך אָנגעדונגען!

דבורה גיט האַסטיק אַ שאָקל איר קופּער־רויטן קאָפּ האָר, גיט אַ גלאָץ־אויס אירע קעצישע פאָספאָר־אויגן, אַ פאַרבייס די דינע ליפּן און אַ שטעל זיך אַוועק מיט די נאַסע הענט פאָד־באָקעם, ווי תּמיד ווען זי פאַרנעמט־זיך אויסצולאָזן אויף כּאַצקלען איר צאָרן. אָבער כּאַצקל האָט שוין פאַרקלאַפּט די טיר און זיך אַראָפּגעטראָגן פון די שטיגן.

— אַזאַ איבערגעקערטער בעזעם! — גיט זי אַ וואָרטשע צו דער פאַרהאַקטער טיר און לויפט־אַריין אין קיך, פון וואַנען עס שפּירט זיך צוגעברענטס.

דער הויך־ווּקסיקער כּאַצקל, וואָס מיט זיין פאַרשטויבטער טשופּרינע עקשנותדיק־שטייענדיקע האָר זעט ער טאַקע אויס ווי אַן איבערגעקערטער בעזעם, — אַנטלויפט פון זיין דבורהס גאָב. ער לויפט צו דער פּוילישער און

צו דער רוסישער, צו אַלע שכנים פון הויז לויפט ער צונויפצולייען שטולן און געשיר פאַר דער שמחה פון חנוכת־הבית.

תמיד אַזוי: קודם־כל דערווידערט ער, כאַצקל, און נאָכדעם טוט ער סיי־ווי אַלץ וואָס דבורה הייסט אים. ווייסן ווייסט ער, אַז דבורה איז גערעכט. ווען נישט זי, וואָלטן זיי נאָך אַלץ געלעגן דאָרטן אין דער אַראַבישער חורבה, אין דאָרף סאַלימע. עס האָט זיך אים אַפילו נישט געחלומט, אַז ער וועט אַמאָל פון דאָרט אַרויס. ווי אַזוי? מיט זיינע מישטיינס־געזאָגטע פּאַרדינסטן? — וואָסער אויף קאַשע! ווען דבורה „נעמט זיך נישט אונטער צו מאַכן אים אָדער פאַר אַ מענטש, אָדער פאַר א מת", וואָלטן זיי דאָרטן טאַקע פאַרפוילט־געוואָרן. אַ פייערדיקן קאָפּ האָט זי אויף זיך און אַז זי גיט זיך עפּעס אַ נעם־אַריין אין קאָפּ אירן, מעג עס דונערן און בליצן! זי וועט אירס אויספירן. עס איז דען אַ קאָפּ? — אַ פּרימוס־מאַשינקע איז עס: עס ברענט און קאָכט און רוישט אַ וועלט!...

אמת, וואָס דבורה אַרבעט־אויס מיט איר „מיניסטער־קאָפּ", מוז נאָכדעם כאַצקל אויסאַרבעטן מיט הענט־און־פיס און לייב־און־לעבן. וואָרעם דבורה מאַכט בלויז די פּלענער און גיט־אַרויס די באַפעלן, אָבער אַרומלויפן און אויספירן אַלע אירע „שמע־קולנו'ס" מוז כאַצקל.

אַזוי איז עס אויך געווען מיט דער נייער דירה:

— איך וויל דאָ מיינע יונגע יאָרן נישט אָפּפינצטערן, הערסט? גענוג געוואָרן אויסגעריסן ביי די אויטאָבוסן! איך וויל וווינען אין תל־אביב מיט מענטשן־גלייך!

כאַצקל האָט איר אָנגעקוקט, ווי זי וואָלט פון זינען אַראָפּ:

— דו ווילסט?... — האָט ער ביטער אַ לאַך געטאָן — איך וויל אויך...

— טאָ טו עפּעס!

— טו, גרינג צו זאָגן!...

אָבער אַז דבורה האָט זיך אַ נעם־געטאָן צו אים, האָט שוין כאַצקל געטאָן... זי האָט געצויגן די לייצעס, געקערעוועט אים וווהין זי האָט נאָר געוואָלט און ער איז אומעטום געלאָפן ווי אַ בלינד פערדל, ברעכנדיק די לאַנגע פיס...

און געווען איז עס צו באַוווּנדערן, ווי דאָס ווייבל האָט, אין אַלע קראָמען און אין יעדער ריי, אָנגעשמעקט און זיך דערוווּסט די אַדרעסן פון אַלע בענקלעך און הילפס־אינסטיטוציעס, וואָס גיבן קליינע הלוואות. זי איז נעכט נישט געשלאָפן און דורכגענישטערט אין קאָפּ אַלע קרובים און פריינט, ביי וועמען עס איז נאָר דאָ אַ האָפענונג צו קריגן אַ הלוואה, אָדער אַ זשירע.

זי האָט שוין געוווּסט, אַז שליסל־געלט פאַר אַ צוויי־צימער־וווינונג אין תל־אביב קאָסט אַרום פיר טויזנט לירעס. כאַצקלען האָט זי אָנגעזאָגט ער זאָל אומעטום טענהן, אַז דריי טויזנט לירעס האָט ער שוין און עס פעלט אים אויס בלויז דער לעצטער טויזנטער... און כאַצקל האָט דבורהן גע־פאָלגט: נישט האָבנדיק קיין שילינג אויף קיין אויטאָבוס, איז ער אַרומגע־

לאָפן צו־פוס און אַ פאַרשמאַכטער אומעטום פאַרזיכערט, אז ער פאַרמאָגט גאַנצע דריי טויזנט לירעס און עס פעלט אים בלויז צו דער לעצטער טויזנטער...

דבורה אַליין האָט אויך נישט גערוט: אַרומגעלאָפן צו פּראַצענטניקעס און לאָמבארדן, פאַרזעצט און פאַרמשכנט וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזן. און אַז זי האָט שוין פאַקטיש פאַרמאָגט דעם ערשטן טויזנטער ביי זיך אין בוזעם, איז זי שוין אַרומגעלאָפן מיט מעקלערס איבער גאַנץ תל־אביב און געקרימט מיט דער נאָז אויף דירות וואָס געפעלן איר נישט...

ענדלעך האָט זי געפונען דאָס, וואָס זי האָט געוואָלט: אַ פּראָנט־וווינונג איבער די עמודים, אויף רחוב עמוס. אַ וווינונג מיט אַ מרפסת (טער־ראַסע), וואָס איז נאָך גרעסער ווי ביי איר רייכסטער און קאַרגסטער קרובה... שטייענדיק אָט אויף דער מרפסת, האָט טאַקע דבורה געטראַכט ויעגן אָט דער קרובה אירער: „זאָל זי טאַקע קומען, אָנקוקן און פּלאַצן"!...

און נישט־וויסנדיק נאָך, ווו זי וועט נעמען די איבעריקע דריי טויזנטער, האָט זי קודם־כל דעם ערשטן טויזנטער אַריינגעבראַכט האַנט־געלט און באַלד אַהיימגעלאָפן אָנווינטשן כאַצקלען מזל־טוב...

אין כאַצקלס בעזעם־קאָפּ האָט זיך אַ שטעל־געטאָן אַ געדיכטער שטויב. ער האָט שוין איצט אינגאַנצן נישט געוווסט, וואָס עס טוט זיך מיט אים...

און ביזן הייַנטיקן טאָג, ווייסט ער נישט ווי דאָס אַלץ איז געשען, פּונקט ווי ער הויבט נישט אָן צו וויסן פון וואַנען ער וועט נעמען צו צאָלן די ראַטעס אויף די צענדליקער טערמיניקע הלוואות...

נאָר צאָלן איז דאָך פאָרט אַ זאַך אַ שפּעטערדיקע... דערווייל האָט ער די הלוואות געקראָגן און אין דער נייער תל־אביבער דירה זיצט ער שוין!...

און ווייל ביי אים איז עס א זיצן אויף געגליטע קוילן, לאַכט פון אים דבורה:

— נאַרעלע, מיר וועלן לעבן ווי אַלע תל־אביבער לעבן: באָרגן ביי איינעם און אָפּגעבן אַ צווייטן... קיינער לעבט דאָ נישט אָן זאָרגן. אַלע צאָלן חובות. גאַנץ תל־אביב צאָלט!... אַנישט וואָלט דאָ קיינער צו גאָרנישט צו־געקומען! מענטשן נעמען זיך אַ שיכון, אַ בית־משותף און צאָלן אַ לעבן־לאַנג ביז...

— ביז מען קריגט אַ האַרץ־שלאַק, אָדער אַן אולקוס...

— טפוי! צו מיינע שונאימס קעפּ!

אין דער נייער דירה זענען זיי אַריין, נאָך איידער די פריערדיקע איינוווינער זענען פון דאָרט אַרויס... מורא געהאַט צו לאָזן דאָס דירהלע ליידיק אַפילו איין מינוט, טאָמער דערוויסט־זיך ווער און גיט זיך אין דעם אַ כאַפּ־אַריין... אַ מאָלער האָט זיך באַלד געשטעלט קאַלכן די סופיטן און ווענט, באַשפּריצנדיק די פּעק בעטגעוואַנט און די פריידיק־אויפגערעגטע געזיכטער פון כאַצקלען און דבורהן, מיט געדיכטע קאַלך־טראָפּנס. נאָכן „רעמאָנט" האָבן מאַן־און־ווייב געוואַשן טירן־פענצטער און געשייערט די באַלאַטן פון דער פאָדלאָגע ביז שפּעט אין דער נאַכט־אַריין. מידע, דער־

שעפּטע פון נערוון און האַרעוואַניע, זענען זיי דאַן אַרויס אויף דער מרפּסת כאַפּן אַ ביסל לופט און קוויקן־זיך מיט דעם נייעם, שטאָטישן אַרום, אין וועלכן זיי הויבן ערשט אָן צו לעבן ווי מענטשן...

די שפּעט־האַרבסטיקע נאַכט איז געווען גאָרנישט קיין ראָמאַנטישע: פינצטער, קאַלט און ווינטיק. אָבער אויך דאָס האָט זיי אָנגעפילט מיט פרייד:

— אָט וועלן זיך באַלד אַראָפּלאָזן די גרויסע רעגנס... מיר וועלן שוין מער נישט אַרומשווימען מיטן בעטגעוואַנט אין קאַלוזשעס וואַסער... איבער אונדז ווינט מען, אונטער אונדז ווינט מען, אַרום אונדז ווינט מען... עס וועט זיין וואַרעם און טרוקן...

— און אַז מיר האָבן דאָרט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער, וואָס האָבן מיר געזען ביינאַכט? — אַ וויסטן מדבר. שאַקאַלן האָבן געקלאָגט. אָבער דאָ... זע...

אין דער סאַמעטענער פינצטערקייט האָט וואו־נישט־ווו געלויכטן אַ פענצטער פון אַ צווייטן אָדער דריטן שטאָק. די הייזער, אַפילו די סילועטן פון די הייזער האָט מען נישט געזען, נאָר בלויז די ליכטיקע פענצטער. ווי זיי וואָלטן אין דער לופטן געהאָנגען, האָבן געוווּנקען ווי הימלשע אויגן. געוווּנקען דערציילנדיק דעם סוד: אָט דאָ לעבט מען ווי מענטשן, אָט־דאָ ווייסט מען פון גליק... און דבורה האָט באַשלאָסן, אַז שוין היינט מוז זי אָנהויבן צו לעבן ווי אַ מענטש און וויסן פון גליק, אַז אַנדערע זאָלן איר מקנא־זיין...

זי איז אַריין אין שטוב און גענומען אויספּאַקן די וואַליזן. זי האָט אויס־געבעטע די בעטן, פריש איבערגעצויגן דאָס בעטגעוואַנט מיט דעם נייעם איבערצוג, וואָס זי האָט נאָך פון דייטשלאַנד מיטגעבראַכט און עס די גאַנצע צייט, אין דער אַראַבישער חורבה נישט גענוצט.

אַזוי האָט זי אויך אַרויסגענומען, דאָס ערשטע מאָל צום באַנייען, כאַצקלס בלויע פּידזשאַמע און איר ראָזא זיידן נאַכט־העמד, וואָס מיט די שווייצאַרישע שפּיצן און פראַנצויזישן טיול פון פאָרנט... אין אָט דעם נאַכט־העמד איז זי לאַנג געשטאַנען פאַרן שטיקל געפלעקטן שפּיגל, זיך געדרייט אין אַלע זייטן, צו זען ווי זי זעט־אויס אין דעם פון הינטן און ביז די קני... פון גרויס נחת איז זי אַזש צוויי מאָל געפאַלן כאַצקלען אין די אָרעמס אריין...

די פּידזשאַמע און דאָס נאַכט־העמד, ווי דאָס פריש־איבערגעצויגן בעט־געוואַנט האָט געשמעקט מיט נאַפטאַלין, פון וואָס כאַצקל האָט שטאַרק גענומען ניסן און דבורה האָט געזאָגט, אַז ער איז שוין פאַרקילט.

— ס'איז דיר אפשר קאַלט, כאַצקעלע?...

— ניין. נאָר די חובות... איך קען נישט צומאַכן קיין אויג...

— נאַרעלע... גאָט וועט העלפן... וועסט זען... — האָט זי איצט גע־רעדט צו אים מילד און צאַרט.

דבורה איז היינט בכלל געווען גוט צו אים און צערטלעך, מיט אַזאַ

גוטסקייט און צערטלעכקייט, וואָס כאצקל האָט שוין נישט געפילט, זינט ער איז געקומען אין לאנד־אריין...

אין יענער נאַכט זענען דריי משפחות רעלאטיוו געהאָלפן געוואָרן: דריי משפחות האָבן זיך געזאָגט „משנה מקום משנה מזל״ און מיט זיסע האָפע־נונגען זיך געלייגט שלאָפן אונטער אַ נייעם דאך. די משפחה וועלכע איז פון בית־עולם־געצעלט אַריבער אין כאצקלס אַראַבישער חורבה, כאצקל מיטן ווייב, וועלכע זענען אַריבער אין דער געדונגענער דירה אין תל־אביב און די תל־אביבער משפחה, וועלכע איז פון דער געדונגענער דירה אריבער אין אַן אייגענער לוקסוס־וווינונג אין רמת־גן. אַלע דריי משפחות האָבן זיך איינ־זינען געהאט די נאַכט און דערפילט, אַז זיי האָבן געמאַכט אַ וויכטיקן באַרגאַרויפיקן שריט צו אַ ניי לעבן...

כאַצקל, וועלכער האָט צוליב די חובות־זאָרגן נישט געקענט צומאכן קיין אויג, האָט נאָך די גוטסקייטן און צערטלעכקייטן דבורהס, אַדורכגעצויגן די נאַכט מיט איין געשמאקן, פעסטן שנאָרך.

ווען ער האָט געעפנט די אויגן, איז שוין די שטוב געווען אָנגעפילט מיט בלענדיק ליכט, וואָס די זון האָט שפּע׳דיק אַריינגעפּלייצט דורך די בליאנקענדיקע, געוואשענע פענצטער־שויבן און וואָס איז נאָך ליכטיקער געווען צוליב די פריש־געקאלכטע ווענט.

דבורה איז שוין לאנג געווען אויף. זי האָט געזען ווי לייטישע באַ־לעבאָסטעס קלאפּן אויס דעם שטויב פון די טעפּיכער אויף די טעראסן און לייגן־אַרויס צום לופטערן דאָס בעטגעוואנט אין רויטע איינשיטן. קיין טעפּיכער האָט זי נאָך נישט, דבורה, אָבער עס האָט איר אָנגענומען אַ שטאַרקן חשק אויך אַרויסצולייגן עפּעס אויף דער טעראסע, כאָטש איין קישן מיט אַ רויטן איינשיט...

זי האָט איצט אַרומגעפּלאטערט אין אַ צעקנייטשטן געבלימלטן שלאָפ־ראָק פון דער וואַליזע אַרויס, געקאַכט קאווע און געמאַכט פּלענער:

— אָט דאָ וועלן מיר שטעלן די שאנק... דאָרט דעם בופעט... דעם טיש מיט שטולן...

— אָבער ווו האָסטו דאָס אַלץ?...

— עס וועט זיין. עס וועט שוין מוזן זיין!...

— נישט פריער, ווי דו וועסט אָפּצאָלן אַלע חובות!

— אָבער פאַרוואָס מוז מען האָבן? אַ טעלער מיט אַ לעפל מוז מען האָבן? אַ טישטוך, אַ דעקע אויף די בעטן אַרויפצוווארפן?

— אַלץ דארף מען, דבורה, אַלץ... אָבער אז מען האָט נישט?

— האָב איך אַ פּלאַן...

— שוין ווידער?!

— שריי נישט, דאָס וועל איך שוין דערליידיקן...

— נו־נו...

— הערסט, כ׳האָב באַשלאָסן צו מאכן אַ חנוכת־הבית... מ׳עט קויפן

אַ פּאָר פלעשלעך וויין, אַ טאָרט וועל איך אליין אָפּבאַקן און מיר וועלן איינלאַדן אַלע פריינט און באַקאַנטע, אַפילו דיין ברוגזער משפחה...

— וואָס?! — איז כאַצקל אויפגעשפּרונגען — דער הימל זאָל אַפילו קומען צו דער ערד, וועל איך נישט גיין צו זיי! די וועלט זאָל זיך איבער־קערן!

— נישט דו... איך וועל גיין... איך וויל נישט זיין ברוגז מיט אַ גאַנצער משפחה, וואָס קומט מיר דערפאַר?...

— „משפחה"! — קרימט כאַצקל איבער — מיט אַ פּיאַסטער האָט דיר געהאָלפן די „משפחה, צו דיין קומען נאַקעט און באָרוועס אין לאַנד אַריין? סליחה, איך האָב פאַרגעסן: אַ גלאָז טיי האָט מען דיר מכבד געווען...

— טאַקע דערפאַר... מיר האָבן קיינמאָל גאָרנישט גענומען פון זיי. איז איצטער, צו אַ חנוכת־הבית, ווי וועט נישט יעדער איינציקער ברענגען עפּעס אַ מתנה?... דו ווייסט דען, וואָס אין אונדזער שטוב פעלט אַלץ? מענער ווייסן בכלל גאָרנישט! פון אַ ריבאייזן, ביז אַ וואַלגערהאָלץ! און וואָס מישטייַנסגעזאָגט לייג איך דאָ אַריין, אויסער די צוויי פלעשלעך וויין? הייַנטיקע וואָך טיילט מען ווורשט. דערצו וועל איך נעמען אַ סלאַיקל מאַיאָנעז מיט אַ פּאָר הערינג און איך האָב שוין דריי סאָרטן סענדוויטשן... אַ טאָרט וועל איך אַליין אָפּבאַקן און דער טיש איז שוין פּאַרטיק... איך וועל נאָך באָרגן ביי רוזשקען דעם פּאַטעפאָן מיט די פּלאַטן... זי האָט טייערע טאַנגאָס, פאָקסטראָטן, אַפילו „סאַמבאַ"... איך וועל טאַקע אַליין אויך כאַפּן אַ טענצל...

— עס טאַנצט מיר אין קאָפּ!

— טאַקע דערפאַר... מען דאַרף זיך אַביסל פאַרגעסן... קיין באָבע בין איך דאָך נאָך נישט! און שוין אַזוי לאַנג נישט געטאַנצט. זינט איך קען דיר...

— טאַנץ, טאַנץ, ווער לאָזט דיך נישט?...

— אָבער דער עיקר: איך האָב אויסגערעכנט, אַז מינדעסטנס וועלן קומען אַ דרייסיק מאַן און יעדערער וועט דאָך עפּעס ברענגען... וואָס מען וועט ברענגען וועט צונוץ־קומען. אז מיר האָבן דאָך כמעט גאָרנישט!

— איך ווייס וואָס איך האָב נישט. אָבער איך דאַרף נישט „דאָס משפחהלע" מיטן גאַנצן טאַראַראַם און מיטן גאַנצן טראַסק!

— איי, וואָס ווייסטו דאָרטן?! איך וועל שוין אָן דיר אַלץ אַליין מאַכן.

— נו־נו!

דעם גרעסטן טייל אַרבעט האָט טאַקע דבורה אַליין געמאַכט: צוויי טעג איז זי ארומגעלאָפן איינלאַדן „גאָר הערצליך" די משפחה, פריינט און באַקאַנטע. הינטער די טירן פון דער משפחה האָט זי זיך אָנגענומען מיט באַזונדערן קוראַזש און אַפילו אַרויפגעצויגן אויפן מידן און נערוועזן פּנים אַ מינעלע פון אַ געהאָלפענער, פון אַן אויפגעקומענער, פון אַ שטאָטיש־גליקלעכער... זי האָט זיי קודם־כל פאַרזיכערט, אַז זי איז נישט געקומען נאָך קיין הלוואה און נאָך קיין זשירע... נאָר מען זאָל איר אָפּגעבן מזל־טוב און

זי לאדט זיי איין ג אָ ר  ה ע ר צ ל י ך  צו דער שמחה, צום חנוכת־הבית...

אָפּגעפּטורט די איינלאַדונגען, האָט זי זיך אַ נעם־געטאָן צום איינקויפן און צוגרייטן די סאַלאַטן פאַר די סענדוויטשן און דעם טאָרט, וואָס אַ שכנה האָט איר אויסגעלערנט צו באַקן אין אַ „וווּנדער־טאָפּ“, טאָקע אין דער שכנהס „וווּנדערטאָפּ“... דאָס איבעריקע איז שוין אויסגעגאַנגען צו כאַצקלס פּלייצעס, הענט און פיס. צי ער האָט עס יאָ געוואָלט, צי ער האָט עס נישט געוואָלט, האָט ער געמוזט אַרומלויפן צו שכנים און צוזאַמענשלעפּן טישן, שטולן, דעם פּאַטעפאָן מיט די פּלאַטן און געשיר.

די טישן האָבן זיי אויסגעשטעלט ווי אין אַ בית־מדרש צו שלוש־סעודות באַדעקט מיט פּריש־געפּרעסטע ליילעכער און באַצירט מיט סערוועטקעס, וואָס דבורה האָט אָנגעשניטן פון דינעם טואַלעט־פּאַפּיר. אויך דאָס האָט זי קוים־קוים געקראָגן. זיי האָבן אַרויפגעשטעלט די פּאָר פלעשער ווײַן, די פאַרשיידנקאָליריקע גלעזעלעך, גלעזער און טעצעלעך (יתומים נעבעך נאָך צעבראָכענע סערוויזן...) און זיך געאַמפּערט וועגן דעם, אין וועלכער זייט צו לייגן די לעפעלעך מיט די גאָפּעלעך און אין וועלכער זייט צו שטעלן די כוסות. דערביי איז אַ קאָלירטער אליהו־הנביא־כוס צעבראָכן געוואָרן. עס איז געווען דבורהס שולד. זי איז אַזש בלאַס־געוואָרן און כאַצקל האָט איר געמוזט טרייסטן, אַז עס איז דווקא אַ מזלדיקער סימן.

אָבער ווען כאַצקל האָט שפּעטער אַראָפּגעלאָזן און צעבראָזגעט אַ פּאַ־טעפאָן־פּלאַטע, האָט דבורה געשריען אַז ער איז אַ שלימזל, אַז צו וואָס ער רירט זיך־צו, טויג נישט!...

אין אָוונט איז שוין אַלץ געווען פאַרטיק. מאַן און ווײַב האָבן באַ־טראַכט דעם טיש און פעסטגעשטעלט, אַז עס איז נישט פאַרשעמט צו ווערן...

— קעניגלעכער אַ מלכותדיקער טיש!...

— ווי פאַר אַן אמתער שמחה...

דבורה האָט זיך נישט פאַרלאָזן אויפן בלויזן באַטראַכטן דעם טיש פון אַלע זייטן, נאָר זי האָט געמוזט אַרויסגיין אויף דער גאַס און צוריק אַרייַנ־קומען, כדי צו זען דעם איינדרוק וואָס דער טיש וועט מאַכן אויף די געסט, באַלד ביי זייער אַריינקום, נאָך אויף דער שוועל שטייענדיק... דאַן האָט זי אַרויסגענומען פאַר זיך מיט כאַצקלען פרישע וועש און די שבתדיקע קליידער. זיי האָבן זיך געוואַשן און געפּוצט. דבורה האָט געדרייט אין אַלע זייטן אירע קופּער־רויטע האָר, אויסצוקאָמבינירן אַ מאָדערנע פריזור, וואָס פּאַסט פאַר אַ שטאָטישער דאַמע, און כאַצקל האָט היינט שווערער ווי תמיד געהאָרעוועט מיט אַ קליידער־באַרשט איבער זיין בעזעם־קאָפּ, אַז זיינע עקשנותדיק־שטייענדיקע האָר זאָלן זיך געהאָרכזאַם איינלייגן...

פאַרטיק געוואָרן, האָבן זיי אָנגעצונדן אַלע לאָמפּן, וויפל עס זענען נאָר געווען אין שטוב, אָנגעדרייט דעם פּאַטעפאָן און מידע, יום־טובדיק־אויפגע־רעגטע זיך געזעצט וואַרטן אויף די ערשטע געסט.

פון אָנהויב אָוונט האָט אינדרויסן געדריבניעט אַ מאָנאָטאָנער, קאַלט־

מוטנער רעגנדל, וואָס האָט דעם מידן כאַצקלען אַזוי שלעפעריק געמאַכט, אַז ער האָט זיך נישט געקענט אָפּהאַלטן פון צו גענעצן. דבורה האָט זיך גע־בייזערט אויף אים דערפאַר. פון דעסטוועגן, ווען נישט דאָס גרילציקע ראַצן פון אַן אָפּגעשפּילטער פּאַטעפאָן־פּלאַטע, וואָס האָט איר אויפגעוועקט, וואָלט זי אַליין אַריינגעשלאָפן ביז אין דער נאַכט־אַריין. זיי האָבן געקוקט אויפן זייגער און געזען, אַז עס איז שוין אַ שעה און אַ שעה מיט אַ פערטל און אַנדערהאַלבן שעה נאָך דער באַשטימטער צייט, אויף וועלכער זיי האָבן איינגעלאַדן.

— וואָס קען דאָס זיין, האַ? — האָט זיך דבורה געביסן די ליפּן.

— איך ווייס? דו האָסט דאָך זיי איינגעלאַדן... אפשר צוליבן רעגן?

דער רעגן האָט זיך טאַקע געשטאַרקט. איצט האָט עס שוין געמבולט און די טונקל־בלויע שויבן האָבן זיך געוואַשן מיט געדיכטע מאַסיווע שטראָמען.

ענדלעך האָט זיך דערהערט אַ קלונג. דבורה איז געלאָפן עפענען די טיר. יאָ, עס איז געווען אַ גאַסט. אַ גאַסט, אויף וועלכן דבורה האָט זיך נישט גערעכנט, ווייל זי געדענקט גאָרנישט, אַז זי זאָל האָבן אָט דעם גאַסט איינגעלאַדן... דאָס איז געווען דוואָשע, זייער געוועזענע שכנה פון סאַלימע, אַ ברייטע יידענע און אַ ברייטע רכילותניצע. פון דעסטוועגן האָבן זיך מאַן און ווייב מיט איר דערפרייט.

— זאָל אייך זיין מיט מזל, קינדערלעך... — האָט די טריפּהנע דוואָשע געוווּנטשן ווי אַ רביצן — פיין, פיין, פיין... ר'זאָלט דאָ האָבן אַ סך נחת... זייער פיין... געמוזט קומען אָנקוקן, ווי איר ט'זיך איינגעאָרדנט. פיין... נאָר מיט גליק!...

דוואָשע האָט געמוזט גוט באַטראַכטן די גאַנצע וווינונג, די צימערן, די קיך, דעם באָד־צימער און די איבעריקע באַקוועמלעכקייטן. זי איז געגאַנ־גען פאָראויס און מאַן און ווייב נאָך איר. „פיין, פיין, פיין", האָט זי גע־האַלטן אין איין פאַרזיכערן און נאָכדעם — גאַנץ ברייטלעך זיך געזעצט צום טיש.

דבורה האָט זיך געמוזט פאַרענטפערן, אַז צוליבן גרויסן רעגן זענען עס די געסט נישט געקומען און זי מוז אָפּלייגן די שמחה אויף איבעראַכטאָג. עס וועט שוין היינט זיכער קיינער מער נישט קומען, אָבער דוואָשע אַליין איז אַן אָנגעלייגטער גאַסט און זאָל זי געניסן. דוואָשע האָט זיך נישט געלאָזן קיין סך בעטן. זי האָט זיך געפילט היימיש און געהאַט קיין עין־הרע אַ גוטן אַפּעטיט. זי האָט זיך אָנגעגאָסן נאָך אַ גלעזעלע און נאָך אַ גלעזעלע, באַקו־מענדיק רויטע בעקלעך און גלאַנציקע אויגן. זי האָט פאַרזיכערט, אַז דבורה איז אַ זעלטענע באַלעבאָסטע, אַז די סענדוויטשן זענען זייער געשמאַק און אַז דער טאָרט איז אַן אויסנאַם אין דער וועלט. דבורה האָט איר געמוזט דערביי אויסלערנען, ווי מען מאַכט אַזאַ טאָרט און וואָס מען טוט דאָרט אַלץ אַריין... דער טאָרט איז איר אַזוי געפעלן, דוואָשען, אַז זי האָט געמוזט מיטנעמען עטלעכע שטיקלעך פאַר אירע קינדער...

אָבער ערגער איז געווען מיט די סענדוויטשן און מיט דעם איבעריקן טאָרט, וואָס איז פאַרבליבן. צו די אַלע נאָכווייענישן פון נישט צושטאַנד־געקומענעם חנוכת־הבית, איז אויך דער שריים אויסגעגאַנגען צו כאַצקלס קאָפּ. צומאָרגנס און אַ גאַנצע וואָך נאָכדעם, האָט אים דבורה געפּאַשעט נאָר מיט סענדוויטשן און מיט טאָרט. ער האָט דערווידערט, כאַצקל, זיך געביי־זערט, אָבער עס האָט אים גאָרנישט געהאָלפן: קיין אַנדערע פרישקייטן מיט נאַכטמאָלן האָט אים דבורה נישט געמאַכט און צו דער אַרבעט אויך עפּעס אַנדערש נישט מיטגעגעבן, ווי נאָר די פאַרעלטערטע, פאַרזויערטע סענד־וויטשן, וואָס זענען אים נישט געקראָכן אין האַלדז.

— עס איז גאָטס גאָב — האָט דבורה זיך איינגעעקשנט — איך וועל עס נישט אַרויסוואַרפן!

— אַ חנוכת־הבית האָט זיך איר פאַרוואָלט! — האָט זיך כאַצקל גע־וואָרפן — אַ חנוכת־הבית אויף מיין קאָפּ!

פון דעסטוועגן, פונקט צו דער וואָך, האָט ער ווידער געשלעפּט טישן, שטולן און געשיר פון אַלע שכנים. וואָרעם דבורה איז אַן עקשנטע: אז זי האָט באַשלאָסן אַ חנוכת־הבית, וועט זי אים דווקא מאַכן מיטן „טראַסק". זי ווייסט דאָך וואָס איר פעלט אין שטוב אריין און זי וועט עס איר משפּחהלע נישט דורכלאָזן. האָט זי ווידער אַלעמען איינגעלאַדן ג אָ ר ה ע ר צ ל י ך, ווידער געבאַקן אַ טאָרט און ווידער געגרייט סענדוויטשן פאַר אַ דרייסיק געסט...

דאָסמאָל האָט זי געהאַט מער מזל, דבורה: דאָסמאָל האָט שוין נישט גערעגנט און די געסט האָבן זיך גענומען צונויפזאַמלען צו דער באַשטימטער צייט.

די ערשטע זענען געקומען די קוזינען יאָשקע מיט מאַרישען. זיי האָבן געבראַכט אַ בוקעט רויזן און אָנגעווונטשן, ווי צו אַ חתונה:

— אייער נייער לעבנס־וועג זאָל אייך זיין מיט רויזן באַשפּרייט!...

אויף וואָס דבורה האָט זייער האַרציק געדאַנקט און דערביי אַ גניבהשן ווונק־געטאָן צו כאַצקלען מיט אַ זויערער אַנטוישקייט, וואָס האָט געזאָגט: „בלומען גאָר! קיין שכל נישט געהאַט צו קויפן עפּעס אַ פּראַקטישערע זאַך"!

די מומע צירעלע מיטן פעטער הערש־בער האָבן דערפאַר שוין גע־בראַכט עפּעס פּראַקטישערס ווי אַ בוקעטל בלומען, וואָס האַלט עטלעכע טעג און מען וואַרפט עס שפּעטער אַרויס. זיי האָבן געבראַכט אַ זאַך וואָס קען שטיין לאַנג, וואָס האַלט אייביק: אַ קאַקטוס האָבן זיי געבראַכט. אַ קאַקטוס אין אַ ליימענעם טאָפּ...

דבורה איז פון דער מתנה געווען זייער גערירט. אַזוי גערירט, אַז וויינען האָט זיך איר געגלוסט... זי האָט זייער האַרציק געדאַנקט און שנעל אַריינ־גערופן כאַצקלען אין קיך אריין, וו זי האָט אים נאָך שנעלער, מיט אַ ספּאַזמאַטיש שטימעלע אַ זאָג־געטאָן:

— האָסט געזען? אַ קאַקטוס! נו?! דיין משפּחה!... אַז אויסגעריסן זאָלן זיי ווערן!

— דו האָסט דאָך געוואָלט משפחה, איז אָט האָסטו!... — האָט זיך כאַצקל נוקם־געווען אין איר פֿאַר אַלע אַלטע סענדוויטשן...

דבורה האָט אים געוואָלט ווי געהעריק ענטפֿערן דערויף, אָבער דאָ האָט ווידער געקלונגען דאָס גלעקל און כאַצקל איז געלאָפֿן עפֿענען די טיר.

— מזל־טוב!... מזל־טוב!... — האָבן זיך אַרייַנגעשפּאַרט אַ צענדליק געסט מיטאַמאָל.

כאַצקל האָט געקוקט אויף די פּנימער און דבורה האָט געקוקט אויף די הענט. זי האָט גאָרנישט געזען מער, ווי בוקעטלעך בלומען... בלומען און בלומען און בלומען. פּופֿציק־פּיאַסטערדיקע, דרייסיק־פּיאַסטערדיקע בוקעט־לעך אין ווייסן ביבולע־פּאַפּיר פֿאַרוויקלט. עפּעס ווי אַלע וואָלטן זיך אָפּ־געראַדט: אויסצולאַכן דערמיט דער אָרעמער דבורהן און דריקן איר די גאַל.

— וואָס טוט מען מיט אַזויפֿיל וויעכטשעס?! ווו טוט מען אַהין אַזוי־פֿיל בעזעמער?! — האָט זי געטענהט צו כאַצקלען.

אָבער כאַצקל האָט איצט אינזינען געהאַט בלויז איינאיינציקע זאַך: עס זאָלן כאָטש קיין סענדוויטשן נישט איבערבלייבן!... — האָט ער גע־איילט דעם עולם צום טיש און אָנגעהויבן אָנצוגיסן די גלעזלעך.

דער עולם האָט זיך אָנגעהויבן אויסזעצן. צוליב ענגשאַפֿט, האָט מען געשטויסן דעם טיש הין און צוריק. עס האָט זיך אויסגעגאָסן אַ גלאָז וויין און פֿאַרפּלעקט לעולם־ועד דבורהס שענסטן ליילעך. אַ פֿלאַש וויין איז אומגעפֿאַלן און צעבראָכן דעם קרישטאָלענעם קליאָש פֿון דער תּימנ׳קע. דבורה איז ווייס געוואָרן ווי קאַלך, אָבער דער צעוואַרעמטער עולם האָט געלאַכט:

— מזל־טוב! מזל־טוב!... אַ גוטער סימן!...

ווי דבורה איז בלייך געוואָרן, אַזוי איז כאַצקל רויט געוואָרן. עפּעס אַ הפקרדיקע, אַ הוליע־קבצנדיקע פֿריילעכקייט איז אים באַפֿאַלן. איבערהויפּט נאָך, ווען ער האָט געזען, אַז די געסט ליידיקן אָפּ אַלע סענדוויטשן פֿון טיש...

— ס׳איז מיר שוין אַלץ איינס!... — האָט ער געלאַכט און גענומען אָנדרייען דעם פּאַטעפֿאָן מיט דער „סאַמבאַ״־פּלאַטע — דבורהלע, האָסט דאָך געוואָלט טאַנצן... נו, קום כאַפּן אַ טענצל דבורהשי!...

דבורה האָט אים דערויף דערלאַנגט אַ קניפּ אין דער זייט און, מיט אַ זיס שמייכעלע פֿון אַ ווייבל אין די האָניק־חדשים, האָט זי אים געזאָגט:

— דאָס האַרץ זאָל דיר אַזוי צעפּלאַצט ווערן, ווי עס ווערט מיר צעפּלאַצט, משומד! אַ ראַק קען מען דאָך קריגן! נאָר אַ ראַק!

אַ שטיקל האָפֿענונג האָט נאָך געטליעט אין איר האַרץ אויף דער מומע טויבעלע, וואָס האָט אַ מעבל־געשעפֿט אויף הרצל־גאַס. דעריבער האָט זי גאַנץ באַזונדערס אויפֿגעצאַפּלט, ווען עס האָט זיך דערהערט אַ לאַנגער, טרעוואָגעדיקער קלאַנג פֿון טיר־גלאָק. אַזוי קלינגען, קלינגט תּמיד אַ יחסן, אַ גביר. אָבער אַז דבורה האָט די טיר געעפֿנט, האָט זי קיינעם נישט געזען פֿאַר זיך, נאָר אַ גרויסן, צעצווייגטן בוים...

דאָס האָט אַ קליינער שיק־יינגל פון אַ בלומען ־ געשעפט געבראַכט אַ גרויסן פיקוס, וואָס די מומע טויבעלע האָט געשיקט, צוזאמען מיט אַ בריוו: ליידער קען זי נישט קומען, די מומע טויבעלע. אַלץ צוליב איר צוקער־קרענק. אָבער זי שיקט זיי די מתנה און ווינטשט זיי פיל גליק.

— הערסט, דבורהשי?... פיל גליק ווינטשט זי דיר... איז וואָס זאָל איך טאָן מיט דעם בוים?...

— וואַרף אים אַרויס!!! — האָט דבורה אַ העשע־געטאָן און איז אַריינגעלאָפן אין באָד־צימער, זיך דאָרט אויסצוספּאזמירן און לייגן זיך אַ נאסן האנטוך צום קאָפּ.

# דעם קאַפּיטאַנס פּרוי

— אַליאָשאַ, וואָס איז דאָס פּאַר אַ צייכן ביי דיר אונטער דער גאָמבע? האָסטו אַמאָל אַן אָפּעראַציע געהאַט?

— ניין, גוטער ברודער... דער צייכן וואָס דו זעסט דאָ, איז פאַרבונדן מיט אַ ראָמאַנטישער געשיכטע...

אַלץ איז ביי אַליאָשאַן פאַרבונדן מיט אַ ראָמאַנטישער געשיכטע: דער שראַם אונטערן לינקן קינבאַק, דער זילבערנער פאָרטציגאַר, די פּערל־שפּילקע אויפן אויסבינדער און אַפילו דער קאַסטן פאַלשע ציינער...

אַליאָשא איז אַ יידישער אַקטיאָר. בעסער געזאָגט: אַ געוועזענער אַקטיאָר. ווייל אין יידישן לאַנד שפּילט ער נישט יידיש טעאַטער. אָבער אין פּוילן, פאַר דער מלחמה, איז אַליאָשא קיין איין סעזאָן נישט אַרומגעגאַנגען ליידיק. איין וואַנדער־טרופּע האָט אים אַוועקגענומען פון דער אַנדערער. אַליאָשא איז געווען דער „אמתער ליבהאָבער" מיט דער אמתער ליר־ישער שטימע און מיט דער „אמתער פיגור": הויך, שלאַנק, באַוועגלעך, טעמפּעראַמענטפול. אַ קאָפּ פעך־שוואַרצע קרויזן, ווי ביי אַ מולאַט און אַ פּאָר גרויסע, ווייניקע אויגן. אָט אין די אויגן איז געלעגן זיין גאַנצער כוח. זיין גאַנצער כישוף האָט געשטעקט אין די ליידנשאַפטלעכע בליקן פון זיינע גרויסע, ווייניקע אויגן. ער איז געווען אַ „ליבהאָבער" מיט זיידענע העמדער און ליאַקירעטע שיך, מיט אַ גאַרדעראָב פון אַ טוץ אַנצוגן. מען פלעגט זאָגן אויף אים, אַז ער איז דער איינציקער, וועלכער קען טראָגן אַ סמאָקינג. אַליאָשא האָט געהאַט דערפאָלג אויף דער בינע, און נאָכמער — אין גאַס. הינטער די קוליסן פלעגט ער באַקומען בוקעטן רויזן מיט ראָזע בריוועלעך. און כאָטש אין די בריוועלעך זענען געווען מער פינטעלעך, ווי ווערטער, האָט זיך אַליאָשא אין זיי גוט פאַרשטאַנען. בפרט נאָך, אַז עס איז געווען אָנגעגעבן, ווו און ווען זי וועט וואַרטן אויף אים... אין יעדער שטאָט האָט אַליאָשא איבערגעלאָזן צעבראָכענע הערצער, און פון יעדער שטאָט איז ער אליין אַרויסגעפאָרן מיט אַ צעבראָכן האַרץ...

— עך, אַ וווּנד האָב איך אין האַרצן, אַ וווּנד! — פלעגט ער זיך קלאָגן פאַר קאָלעגן — נאָך אַ נס, וואָס אַ שנעפּסל איז פאַראַן, צו באַרויקן די בענקענדיקע נשמה — —

— וואָס־זשע איז פאָרט דער צייכן, אַליאָשאַ? דערצייל...

אַליאָשאַ פאַרטראַכט זיך אַ ווײלע. זיינע ווייניקע אויגן צעשימערן

זיך, ווי ער וואָלט, דורך אַ נעפּל, דערזען זיינע רומפּולע גאַסטראָלן אין די אַמאָליקע היימליכע יידישע שטעטלעך. די היפּשע קנייטשן אויף זיין פּנים גלייכן זיך אויס, פאַרשווינדן און דאָס פּנים ווערט מיט צען יאָר יינגער...

— — — די לעצטע פאַרשטעלונג פון זומער־סעזאָן, האָבן מיר דאָן געגעבן אין קארטוז־בערעזע. די טרופּע איז אָפּגעפאָרן קיין וואַרשע. נאָר מיך האָט פאַרהאלטן דער דאָרטיקער דראַמאַטישער קרייז, איך זאָל מיט זיי אויפפירן אַ פּיעסע. איך בין געבליבן נישט אַזוי צוליבן דראַמאַטישן קרייז, ווי צוליב אַ באַלעבאַטישער טאָכטער מיט אַן אייגן שוך־געשעפט... איך האָב דאָן געטראַכט, אַז ווען נישט דאָס אַקטיאָרישע בלוט אין מיר, ווען נישט די ציגיינערישע וואַנדערלוסט, וואָלט איך זיך דאָרט געדאַרפט באַזעצן, האָבן מיין אייגנס א געטריי ווייב, אַן איינגעפונדעוועט געשעפט, אַ רוהיגע פּרנסה און אַ פאַרזיכערטע צוקונפט... מאַטילדא איז געווען אַ פּראַווינצער שיינהייט. אַ מיטלוווקסיקע, אַ פּולינקע, אַ פּ,ולכנע. אירע שוואַרצע אויגן האָבן געגלאַנצט, ווי די נעזלעך פון די ליאַקירענע טופל אין איר שויפענסטער... אַ לוסטיקע, אַ לאַכעדיקע. אַז זי האָט געלאַכט, האָט זיך אַלץ ביי איר געצאַפּלט. זי האָט געלאַכט מיט די שוואַרצע אויגן, מיט די ווייסע ציין, מיט די פולכנע הענט און מיטן רייפן בוזים. אויף איר קו־קנדיק, האָבן אַלע געמוזט מיטלאַכן. פון איר מאמען האָט זי געירשנט צו זיין אַ גוטע באַלעבאַסטע, און פון טאַטן — אַ סוחרטע. מיט איין וואָרט: אַ גליק־שידוך... אירע עלטערן האָבן מיר שוין טראַקטירט, ווי זייער צו־קונפטיקן איידעם. און מאַטילדא אליין — ווי איר אָפּיציעלן חתן. איך האָב זיך נישט שלעכט געפילט אין דער ראָל פון אַ חתן. עס איז מיר אַפילו געפעלן צו זיין, אַ שטיקל צייט, אין דער הויט פון אַ לייטישן באַלעבעסל... איך בין אָפט געשטאַנען אין געשעפט, געהאָלפן מאַטילדען אָראָפּנעמען און אַרויפלייגן פּידלען שיך אויף די אויבערשטע פּאָליצעס און אַפילו — שוין געפּרוווט אָנמעסטן אַ פּאָר טופל אויף די צאַרטע פיסלעך פון אַן עלע־גאַנטער, גראַציעזער דאַמע... דערמיט האָב איך אַריינגעצויגן אַ בעסערע קליענטור. באַזונדערס — די פרויען פון אָפּיצירן פון דעם קארטוז־בערעזער גאַרניזאָן. אויף איינער אַזאַ קליענטין האָט מיך מאַטילדא, נישט אָן איי־פערזוכט, אויפמערקזאַם געמאַכט:

— מיט אַט־דער, אַליאָשא, זיי פאָרזיכטיק!...

— וואָס איז דען:

— זי קומט לעצטנס צו־אָפט... שוין די דריטע פּאָר שיך געקויפט במשך דעם מאָנאַט...

— ווער איז זי דען?

— די פרוי פון אַ קאַפּיטאַן. באַקאַנט מיט אירע ליבע־אַוואַנטורעס. איין אָפּיציר איז שוין, צוליב איר, זעלבסטמאָרד באַגאַנגען...

— נו, איך וועל אַזאַ נאַרישקייט נישט טאָן... — האָב איך געלאַכט — אָבער אַ שאָד, וואָס דו האָסט עס מיר פריער נישט דערציילט. איך וואָלט זי

כאָטש בעסער אָנגעקוקט... אינטערעסאַנט זיך איבערצוצייגן, וואָס אַזוינס עס פֿאַרמאָגט אַזעלכע...

— נו־נו... — האָט מאַטילדאַ, מער ערנסט ווי אין שפּאַס, מיך גע־דראָט מיט אַ פֿינגער — אויב דו וועסט זיין אַזוי שטאַרק פֿאַראינטערעסירט, וועסטו זיך איבערצייגן...

מאַטילדאַ איז גערעכט געווען. גאַר בקרוב האָב איך זיך איבערצייגט.

דעם זעלבן חודש איז זי געקומען, צום פֿערטן מאָל, אַ פּאָר שיך קויפֿן... מיט איר איז געקומען איר מאַן, דער קאַפּיטאַן. דאָס מאָל האָב איך זי גע־מאָסטן די שיך. און האַלטנדיק צאַרט איר פּיסל אין מיינע הענט, האָב איך זי דערווייל באַטראַכט: עס איז גאָרנישט געווען אין איר ספּעציעלס, צוליב וואָס אַ מאַן זאָל זעלבסטמאָרד באַגיין. אַ געוויינלעכע פֿלאַקסענע שיקסע, מיט אַ פֿאַריסן נעזל און העל־בלויע אויגן, ווי די פֿעלד־בלימלעך. ניין, נישטאָ אַפֿילו אין וואָס זיך צו פֿאַרליבן...

זי האָט עטוואָס פֿאַרהויבן דאָס קלייד און מיר דערלאַנגט איר קליין פּיסל. אפֿשר צוואַנציק פּאָר שיך האָב איך זי געמאָסטן. זי האָט צו די שיך אַפֿילו קיין בליק נישט געוואָרפֿן. געקוקט מיר אין די אויגן אַריין און גע־שמייכלט אַ נאַרישעוואַטן שמייכל: „צו־גרויס"... „צו־קליין"... „ניין"... „נישט דאָס"... „אַנדערע"... ענדלעך האָט זי זיך אָפּגעקליבן אַ פּאָר שיך. דאָס זענען דווקא געווען די, וועלכע איך האָב זי שוין דריי מאָל געמאָסטן און זי האָט פֿריער געזאָגט, אַז עס טויג נישט... דער קאַפּיטאַן איז צוגעגאַנ־גען צו מאַטילדען באַצאָלן. איך האָב דערווייל צוזאַמענגענומען די צעעפֿנטע פּידלען שיך, ביי מיין קליענטינס פֿיס. פּלוצלינג דערפֿיל איך אַ קוועטש אין פֿינגער. איך הייב אויף די אויגן — מיין שיקסע קוקט מכלומרשט אין אַ שפּיגעלע, פּודערט־זיך דאָס פֿאַרריסן נעזל און גיט צו מיר אַ שנעלן פּליס־טער:

— מאָרגן, אַכט אָוונט, ביי די קאַשאַרן...

איך בין צעטומלט געוואָרן. איך געדענק נישט, צי איך האָב עפּעס גע־ענטפֿערט, צי נישט. איך האָב געפֿילט, אַז איך טאָר נישט קומען צו די קאַשאַרן. אַז דאָס וועט זיין געקראָכן אין געפֿאַר אַריין. איר מאַן, דער קאַ־פּיטאַן, איז אַ יונג אַ גבר, מיט אַ רעוואָלווער און מיט אַ שאַבלע. און ווער ווייסט, צי דער זעלבסטמערדער איז טאַקע זעלבסטמאָרד באַגאַנגען, אָדער דער אייפֿערזיכטיקער קאַפּיטאַן האָט אים „אָפּגערוימט פֿון וועג"?... און צו־ליב וואָס זאָל איך דאָס קריכן מיט אַ געזונטן קאָפּ, אין אַ קראַנקנבעט אַריין, ווען זי געפֿעלט מיר אַפֿילו נישט?... נישטאָ אין איר קיין ביסל רייץ, צוליב וואָס עס זאָל זיך לוינען. אַ פּשוטע פֿלאַקסענע שיקסע. ווען נישט דאָס ביסל צירונג, ווען נישט די טייערע קליידער און דאָס, וואָס זי איז אַ קאַפּיטאַנס אַ פֿרוי, — איז זי איינע פֿון די טוצן שיקסעס, וועלכע גייען דיר פֿאַרביי, נישט לאָזנדיק אויף דיר קיין שום איינדרוק.

און מאָדנע: דווקא די געפֿאַר, פֿאַר וועלכער איך האָב זיך געשראָקן, איז געווען דאָס איינציקע, וואָס האָט מיך געצויגן צו גיין אויפֿן אָפּגערעדטן

פלאַץ... אַ גאַנצן מעת־לעת האָב איך זיך געשלאָגן מיט דער דעה. אָבער זיבן אַ זייגער אין אָוונט, האָט עס מיך אַ צי־געטאָן און איך בין געגאַנגען.

איך בין געקומען צו־פרי און זיך לאַנג געדרייט פאַר די קאַשאַרן. יע־דע ווײַלע — אַרײַנגעקוקט צום זייגער, אין דער העל־באַלויכטענער אַפּ־טייק: עס איז שוין פופצן נאָך אַכט, האַלב־ניין, דריי־פערטל... עס איז שוין גוט פינצטער. ס׳דריבניעט אַ רעגנדל. איך שטעל־אויף דעם קאַלנער און שפּאַן שוין אַרום אַ נערוועזער: „אפשר וועט זי גאָרנישט קומען? אפשר איז דאָס געווען אַ שפּאַס? אפשר קוקט זי אַרויס דורך אַ פענצטער, זעט מיך אונטערן רעגן און לאַכט פון מיר, ווי פון אַ יאָלד?״...

ענדלעך האָב איך זי דערזען. זי איז אַרויסגעקומען פאַרהילט אין אַ וואָלן טיכל, אַזאַ וואָס פרויען וואַרפן־אַרויף אויף זיך, ווען זיי כאַפּן זיך אַרויס פון שטוב נאָר אויף אַ ווײַל. זי האָט צו מיר אַפילו קיין בליק נישט געוואָרפן, נאָר פאַרבײַיאײַלנדיק נאָענט, האָט זי קוים אַ פליסטער־געטאָן:

— הײַנט נישט... מאָרגן, אין דער זעלבער צײַט...

און זי האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט אין דער דערבײַיאיקער אַפּטייק.

איך בין אַוועק אַהיים אַן ענטוישטער און בייז אויף זיך אַליין. איך האָב זיך געפילט, ווי אַ נאַריש ייִנגל, וועמען מען שטעלט אַרויס אַ פייג. איך האָב באַשלאָסן, אַז מאָרגן אין דער זעלבער צײַט, וועל איך שוין נישט קומען. ביי דעם באַשלוס האָב איך זיך געהאַלטן פעסט אַ גאַנצן מעת־לעת. אָבער אַכט אַ זייגער אין אָוונט, בין איך שוין געשטאַנען פאַר די קאַשאַרן און געוואַרט...

עס האָט זיך איבערגעחזרט די זעלבע געשיכטע: זי האָט זיך ווידער באַוויזן אַ פאַרהילטע אין איר וואָלענעם טוך און, דורכשלײַכנדיק זיך פאַר־ביי מיר, — אַ פליסטער געטאָן:

— הײַנט נישט... מאָרגן אין דער זעלבער צײַט... פאַר דער פּאָטשט...

איך האָב זיך ווידער אַ זאָג־געטאָן, אַז מער קום איך נישט. אָבער איצט האָב איך שוין געוווסט, אַז איך נאַר זיך אַליין...

צומאָרגנס, ביי דער פּאָטשט, איז זי געקומען פּינקטלעך. עס איז גע־ווען אַ וואַרימע לבנה־נאַכט. אַז איך האָב זי דאָסמאָל געזען אָנקומען פון דערווייטנס, אין אַ געפּאַלדעוועט, לייכט קליידל, מיט אַ בלוי־זײַדן טיכל אויפן קאָפּ, האָט מיר דאָס האַרץ געגומען קלאַפּן, ווי מיט אַ דרײַצן יאָר צוריק, ווען איך האָב, דאָס ערשטע מאָל אין מײַן לעבן, אַ פרוי דערקענט... דאָסמאָל האָט זי אַפילו קיין פליסטער נישט געטאָן, נאָר אַ קוים־קוימיקן בליק, ווי בלויע פעלד־בלימעלעך וואָלטן אַ ווונק־געטאָן. זי האָט פאַרביי־געפלאָטערט פאַרביי מיר, איבערלאָזנדיק אַ פאַרשיכורנדיקן פּערפום־גערוך, וואָס האָט גערייצט און געצויגן, נאָכמער ווי איר ווונק... איך האָב זיך גע־לאָזן נאָך איר. זי איז געגאַנגען שנעל, דעצידירט, ווי צו אַ באַשטימטן ציל.

„וווהין פירט זי מיך?״ — האָב איך געטראַכט. עס איז מיר, אָבער, אַלץ איינס געווען, וווהין. דאָס גיין הינטער איר, איז שוין אַליין אַן־און־פאַר־זיך געווען אַן ענין...

דערווייל האָבן זיך געענדיקט די לעצטע הייזלעך פון שטעטל, די לעצ־טע פּלויטן פון די פּרוכט־סעדער. מיר זענען שוין אויפן הינטערשטאָטישן שאָסיי, וואָס ציט זיך צווישן תבואה־פעלדער. זי גייט אַלץ פאָראויס און איך — אַ צוואַנציק מעטער הינטער איר. די לבנה ווערט העכער, גרעסער און ליכטיקער. דאָס געשטאַלט וואָס שוועבט מיר פאָראויס — געהיימניס־פולער. און מיין האַרץ — אַלץ אומרואיקער און אומרואיקער.

פּלוצלינג האָט זי זיך פאַרנומען לינקס פון שאָסיי, אַראָפּגעגלידערט צו די פעלדער און אַריינגעטויכט אין צעכוואַליעטן ים פון הויכע זאַנגען...

איך בין שטיין געבליבן אָן אַן אָטעם. איך האָב דערפילט אייז־קאַלטע שווייס־שטרעמלעך פון הינטער די אָרעמס, צו די לענדן אַראָפּ: איז עס אַ פרוי, צי אַ מכשפה? וואָס גרייט זי מיר דאָרטן: אַ הייסן געלעגער, צי אַ קאַלטן זומפּ? — — —

איך האָב זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן און קיינעם נישט געזען. די געגנט איז געלעגן אַ שטומע, אַ וואַקסן־געל־באַלבנהטע. דאָס בלוט אין מיר האָט זיך צעבלעזלט, ווי אַ זאָדעוואַסער. יעטווידער באַגער און ליידנשאַפט איז פאַרשוונדן. אויב עפּעס האָט מיך נאָך געצויגן אין די הויכע זאַנגען אַריין, איז עס נאָר געווען דאָס געהיימניספולע, וואָס האָט מיך געלאָקט. עפּעס אַ מיסטעריע...

אין צעכוואַליעטן זאַנגען־ים האָב איך זי לאַנג געזוכט. וואָס לענגער עס האָט געדויערט, אַלץ אומהיימלעכער איז מיר געוואָרן. ווען איך האָב זיך שוין פאַרנומען צוריק אַרויסצוגיין, האָב איך זי געפונען... ניין, דאָס איז נישט געווען קיין מכשפה... דאָס איז געווען אַ פרוי...

וואָס זאָל איך דיר זאָגן, גוטער ברודער? — מיר איז ליבער די צני־עותדיקע שעמעוודיקייט פון אַ יידיש מיידל אין דער באָבעס טונקעלן אַל־קער, איידער די פרייקייט פון אַ שיקסע, אין אַ העלער לבנה־נאַכט, אויפן שויס פון דער פרייער נאַטור... און דאָ האָב איך דערצו געהאַט אַ דאָרפס־שיקסע מיט שטאָטישע פּערפומען, און מיט מאַניקירטע נעגל. אירע געבל ליגן מיר נאָך אין טעם.. זאָג מיר, גוטער ברודער: דו האָסט עפּעס ליב, אַז אַזאַ איינע בייסט דיך מיט שאַרפע ציינדלעך דיין לינקן אויער־לעפּל?... האָסטו ליב, אַז זי פאַרשטעכט זיך מיט די שפּיציקע, מאַניקירטע נעגל פון אירע אַלע צען פינגער, אין דיין לייב אַריין?... — איך נישט. וואָס איז דאָס פאַר אַ פאַרגעניגן, צו ליידן יסורים?...

קיין איין וואָרט איז די גאַנצע צייט נישט געפאַלן צווישן אונדז. ערשט ווען איך בין ליגן־געבליבן אַ מאַכטלאָזער, האָט זי אַ פּליסטער געטאָן:

— איך וועל גיין אַליין... באַגלייט מיך נישט...

— ווען־זשע זעען מיר זיך ווידער?

— איך וועל דיר שוין צוזויסנגעבן...

פיר מעת־לעת האָט זי מיר נישט צוזויסנגעגעבן. פיר מעת־לעת האָב איך געפיבערט אין אומרואיקער דערוואַרטונג. דער פינפטער טאָג איז גע־ווען זונטיק. די יידישע קראָמען זענען דאַן פאַרמאַכט, אָבער נישט פאַר־

שלאָסן. די לאַדנס זענען טאַקע אַראָפּגעלאָזן, די טיר — צוגעלענדט. אָבער אינעווייניק קען אַריינקומען אַ קונה און געבן געשמאַק צו לייזן... מאַטילדאַ איז טאַקע געווען פאַרנומען מיט אַ קונהטע און איך האָב דערווייל געלייענט אַ צייטונג. אינמיטן לייענען פיל איך, אַז די טיר לענדט זיך עטוואָס אָפּ. איך גיב אַ קוק — אין דרויסן שטייט דער קאַפּיטאַן, אָן זיין פרוי. עס האָט זיך מיר עפּעס אָפּגעריסן אין האַרצן. זיין אויסזען האָט מיר קיין גוטס נישט אָנגעזאָגט. דורכן שמאָלן שפּאַלט פון דער עטוואָס געעפנטער טיר, האָבן זיך אונדזערע בליקן באַגעגנט, ווי די בליקן פון אַ פוקס מיט אַ טיגער — דורך די קראַטן פון זאָאָלאָגישן גאָרטן... ער האָט צו מיר אַ ווונק געטאָן און מיט אַ פינגער גערופן, איך זאָל צו אים אַרויסגיין. שלעכט. און קיין ברירה איז נישטאָ. איך בין געגאַנגען קעגן מיין ווילן, ווי אַ היפּנאָטיזיר־טער... איך האָב געשטעלט די שטייף־געוואָרענע פיס, ווי הילצערנע שטאָלצן...

דער קאַפּיטאַן איז געווען מוראדיק בלייך. זיינע אויגן האָבן געהאַט אַ מאָדנעם רציחישן גלאַנץ. אַ גלאַנץ פון קאַלטן גלאָז... צוזאַמען מיט שאַרף־אָפּגעהאַקטע ווערטער, האָט פון זיין מויל געזעצט אַן אַלקאָהאָל־גערוך.

— אייגנטלעך בין איך געקומען דיך דערשיסן — האָט ער אָנגעהויבן — נאָר איידער דו וועסט דאָ ליגן אין רינשטאָק מיט אַ קויל אין קאָפּ, וויל איך, דו זאָלסט מיר זאָגן: צי איז אמת, אַז דו האָסט זיך צוויי מאָל גע־טראָפן מיט מיין פרוי ביי די קאַשאַרן? צי איז אמת, אַז אַ דריט מאָל האָט איר זיך געטראָפן ביי דער פּאָטשט? צי איז אמת, אַז פון דאָרט, זענט איר ביידע אַוועק הינטער דער שטאָט און אין פעלד, צווישן די זאַנגען האָסטו איר געהאַט?

מיר איז ענג געוואָרן דער קאָלנער... עס איז מיר טרוקן געוואָרן אין מויל און אין גאָרגל האָט געשטיקט. איך האָב זיך גאָרנישט מענלעך גע־האַלטן... ער האָט כסדר געהאַלטן די האַנט אויפן רעוואָלווער און פון שרעק, האָב איך געשטאַמלט:

— אַך! הער קאַפּיטאַן! וואָס פאַלט אייך איין?!

— שווייג! אויב דו האָסט נישט דעם מוט דעם אמת מודה צו זיין.

— אָבבער נניין... עס איז גגאָרנישט געגעווען... — האָב איך גע־שטאַמלט.

— שווייג! דו האָסט מיין פרוי פאַראומרייניקט! מיט דיין בלוט וועסטו עס אָפּוואַשן. וואָלסטו נישט געווען קיין זשיד, וואָלט איך דיך אויף אַ דועל אַרויסגערופן. אָבער דו ביזט אַ זשיד, וועל איך דיך ווי אַ הונט דערשיסן!

— וואָס איז געשען? — האָט מאַטילדאַ אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ דורך דער טיר.

זי האָט זיכער נישט געהערט אונדזער שמועס. זי האָט, אָבער, דערזען אונדזערע פּנימער... אָדער די ווייבערשע אינטואיציע האָט איר אַליאַרמירט...

— פּאָרלויפיק, גאָרנישט... — האָט דער קאַפּיטאַן העפלעך געענטפערט — מיר האָבן דאָ אַ מענערשן שמועס. איז אָט־וואָס: אין פינף מינוט

אַרום, זאָלט איר זיין ביי דער פּאַטשט! — האָט ער מיר שטרענג באַפוילן און איז אײַליק אַוועק.

איך בין שטיין געבליבן, ווי אַ פאַרמשפּטער. מאַטילדאַ איז צוגעלאָפן צו מיר:

— וואָס איז דאָ געווען? וואָס האָט ער געוואָלט פון דיר?

— איך... איך... איך פאַרשטיי אַליין נישט... — האָב איך געבעבעט, פילנדיק, אַז איך בין צווישן צוויי פייערן — ער איז מיך חושד, אַז איך... מיט זיין פרוי...

— ס׳איז אמת?! אַליאָשאַ! — האָט זי אויסגעשריגן.

— אָך, וואָס פאַלט דיר איין?...

— קוק מיר גלייך אין די אויגן אַריין!

— אַז... אַז עס הייבט זיך גאָרנישט אָן...

— אויב אַזוי, האָב קיין מורא נישט. קענסט רואיק גיין צו אים. די וועלט איז נישט הפקר. אַז מ׳עט דאַרפן, וועל איך גיין צום פּולקאָווניק! איך קען אים...

אַ ברירה האָב איך געהאַט? — איך בין געגאַנגען...

פאַר דער פּאַטשט האָט געוואַרט אַ קאַטש מיט צוויי פערד געשפּאַנט. שוואַרצע, גלאַנציקע פערד, איך זאָג דיר: אמתע לוויה־פערד!... דער קו־טשער האָט געהאַלטן די לייצעס.

— דאָס איז ער? — האָט דער קאַפּיטאַן געפרעגט דעם קוטשער, ווייזנדיק אויף מיר.

— טאַק יעסט, פּאַניע קאַפּיטאַניע! — האָט דער קוטשער געענטפערט.

— זעץ זיך אַריין! — האָט מיר דער קאַפּיטאַן באַפוילן.

איך האָב זיך אַריינגעזעצט. מיר זענען געפאָרן דורך דער הויפּטגאַס פון שטעטל. איך האָב געקוקט אויף דער זוניקער גאַס, אויף די שפּאַצירנ־דיקע מענטשן און געטראַכט, אַז איך זע די ליכטיקע וועלט צום לעצטן מאָל. ער וועט מיך אַרויספירן ערגעץ הינטער דער שטאָט און הינטער אַ פּלויט — מיך פאַרטיק מאַכן... ווי מקנא בין איך דאַן געווען דעם שוך־פוצער, אויפן זוניקן טראָטואַר!... מיר זענען אַרויסגעפאָרן פון דער שטאָט און זיך פאַרנומען צו די קאַשאַרן. פאַרן קאַפּיטאַנס הויז, זענען מיר שטיין געבליבן.

— אויסשטייגן! — האָט ער באַפוילן — און גיין נאָך מיר!

ער האָט מיך אַרויפגעפירט אַ האַלבן שטאָק שטיגן און געעפנט אַ טיר. אין שטוב איז אַלץ געווען צעוואָרפן, צעשליידערט, צעבראָכן. זי איז געזעסן אין אַ פאָטעל, מיט אַ צעפליקטער בלוזקע, מיט פאַרוויינטע אויגן און מיט אַ קאָמפּרעס אויפן קאָפּ.

— איצט רעד! — האָט מיר דער קאַפּיטאַן געדראָט מיט אַ גלאַנציקן, פינישן מעסער. — שיסן וועל איך דיך נישט. אַ שאָד פאַר דיר אַ קויל. אָט מיט דעם מעסער וועל איך דיר דעם גאָרגל איבערשניידן. קיין לעבעדיקער וועסטו שוין סיי־ווי פון דאנען נישט אַרויס. מעגסטו שוין אויסזאָגן דעם אמת.

— זאָגט, דערציילט דעם גאַנצן אמת! האָט זיך זיין פרוי צעכליפּעט
— ער ווייסט שוין סיי־ווי אַלץ. איך האָב שוין אַלץ דערציילט...
— אָבבבער נננייִן, נייִן־נייִן. איך ווייס גגגאָרנישט!
— אַזאַ פּחדן! — האָט דער קאַפּיטאַן געקריצט מיט די ציינער — קריכן צו ווייבער קען ער, אָבער מוט מודה צו זיין, האָט ער נישט... ציטערט ווי אַ קרוליק... און דאָס איז דיין ראָמאַנטישער העלד!... דיין נס איז, וואָס דו ביזט אַ זשיד. איך וואָלט דיך יעצט ווי אַ חזיר געקוילעט! נאָר איך וויל נישט, אַז מאָרגן זאָל די וועלט מיט מיר קלינגען, אַז אַ זשיד האָט מיין פרוי פאַראומרייניקט! אָבער איך וואָרן דיך: נאָך היינט זאָלסטו פאַרשווינדן פון שטאָט. דיין געביין זאָל זיך דאָ נישט געפינען!
ער האָט מיט דעם פוס אַ זעץ־געטאָן און אויפגעפּראַלט די טיר:
— וואָן פון דאַנען! — האָט ער מיטן פינישן מעסער מיר געוויזן דעם וועג.
אַרויסגייענדיק, האָב איך דערפילט אַ זעץ מיטן שטיוול אין הינטערחלק. דאָס האָט מיך מער באַליידיקט, ווי אַלע זיינע ווערטער. איך האָב זיך געגעבן אַ דריי־אויס, צו רעאַגירן. אָבער דאָ האָט אַ בליץ געטאָן דער פינישער מעסער פאַר מיינע אויגן און איך האָב דערפילט אַ שאַרפן שניט אין דער גאמבע. דער קאַפּיטאַן האָט פאַרהאַקט די טיר און איך האָב דערזען, אַז עס פלייצט פון מיר דאָס בלוט, ווי פון אַן אָפענעם קראַן. דער גאַנצער אנצוג איז שוין רויט.
איך בין געלאָפן איבער די טרעפ, געלאָפן איבער דער גאַס, ווי אַ נישט דערקוילעטער. איך בין אַריין אין דער דערבייאיקער אַפּטייק. באַלד איז אויך דעם קאַפּיטאַנס פרוי נאָכגעקומען. עס האָט לאַנג געדויערט. ביז מען האָט מיר דאָס בלוט געהאַמעוועט.
דעם קאַפּיטאַנס פרוי האָט מיך געטרייסט, באַרואיקט און צוגעזאָגט, אַז אין אַ וואָך אַרום וועט זי זיין אין וואַרשע. זי וועט זיך אויפהאַלטן ביי אַ קוזינקע עטלעכע טעג. זי האָט מיר געגעבן דעם אַדרעס און אָנגעזאָגט, איך זאָל אומבאַדינגט קומען...
און וויפל זי האָט מיר, שפּעטער, געקושט אין דער גאמבע, האָט עס אַלץ נישט געהאָלפן: דער העפט פון יענעם מעסער־שניט, איז מיר פאַרבליבן אויף שטענדיק...

# מײַן מאַמע די ציגײַנערין

דעם טאַטן האָבן מיר פאַרלוירן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין דער שטאָט מינסק, וווּ מיר זענען פּליטים געווען. ער איז געשטאָרבן פון טיפוס.

קוים דרײַסיק יאָר איז די מאַמע אַלט געווען, ווען זי איז געבליבן אַן אַלמנה מיט פיר יתומים, פון וועלכע דאָס ייִנגסטע איז אַלט געווען פינף און דאָס עלטסטע — עלף יאָר.

די ירושה איז באַשטאַנען פון אַן אַלמער ספרים און פון אַ זאַק ווערטלאָזע באַנקנאָטן, „קערענסקעס", מיט וועלכע מען וואָלט געקאָנט אַ קאַזאַרמע אויסטאַפּעטירן. האָט טאַקע די מאַמע נישט געוווּסט, וואָס מען הייבט אָן צו טאָן און וווּ מען נעמט אויף דעם סאַמע ערשטן טאָג איבערצוקומען.

ווײַסרוסלאַנד איז שוין רויט געווען. אין איר הויפּטשטאָט, מינסק, זענען שוין גבירים געשטאַנען אין זייערע טײַערע פוטער־מאַנטלען, מיט בעזעמער אין די הענט און געקערט די גאַסן. קערנדיק, האָבן זיי גערעדט וועגן דער איבערקערעניש, וואָס וועט זיכער לאַנג נישט אָנהאַלטן. און אויב יאָ, — דאַרף מען זיך באַצײַטנס אויסקערן און אויסראַמען זיך קיין אויסלאַנד.

ייִדישע יונגען און מוידן, צוזאַמען מיט שקצים און שיקסעס, מיט צעשויבערטע טשופּרינעס פון אונטער די קאַזאַקן־מעסיקע באַראַשקענע קוטשמעס אָפּיר, מיט רויטע לענטעס אויף די אַרבל, מיט טאַשמעס ביקסן־קוילן איבער דער ברוסט געקרײַצט, די ווינטאָווקעס (ביקסן) מיט שטריקלעך אויף די אַקסל אָנגעהאנגען, מיט געלאָדענע רעוואָלווערן אין לעדערנע טאַשן, וואָס באַמבלען זיך אַזש בײַ די קני, האָבן זיך אַרומגעיאָגט אויף היציקע פערדלעך און געלאַכט. לאַכנדיק האָבן זיי געכאַפּט באַלעבאַטים אויף אַרבעט, געשלעפּט אין דער מיליץ און געמאַכט אָביסקעס (באַזוכונגען). דערבײַ האָבן זיי אַרויסגעריסן די צײַנער פון קלאַווירן, כּדי צו זען, וואָס פאַר אַ קאָנטראַבאַנדע און קאָנטררעוואָלוציע איז אינעווייניק פאַרשטעקט.

פון אָפענע פענצטער, אין צעגרינטע, צעזוניקטע דרויסן אַרויס, האָבן גראַמאָפאָנען אַרויסגעשפּילט מונטערע לידער. עס האָט געהילכט די מאַרסעליעזע, דער אינטערנאַציאָנאַל און די הונגעריקע באַפעלקערונג האָט זיך אויסגעשטעלט אין אומענדלעכע אָטשערעדן (רייען) נאָך ברויט.

אין איינעם אַזאַ פרילינגדיקן מיטוואָך האָט אונדז די מאַמע געבאָדן

און געצוואָגן, ווי עס וואָלט ערב־שבת געווען. שפּעטער האָט זי אונדז טאָ־קע די שבתדיקע מלבושימלעך אויף אָנגעטאָן. אין שטוב ביי אונדז האָבן זיך געדרייט אָן אַ שיעור שכנים און פּרעמדע מענטשן, וועלכע האָבן אַלץ אויסגעראַמט. די מאַמע האָט געזאָגט, אַז זי שענקט זיי אַלץ. עס זענען בלויז איבערגעבליבן צוויי גרויסע, פּירקאַנטיקע, שטרויענע קוישן, ווי קאַסטנס די גרויס, ווו אונדזער „בויטוועגדיקסטע אָרעמקייט" איז געווען פאַרשלאָסן מיט גרויסע, פאַרזשאַווערטע ענג־שלעסער אויף לאַנגע, אייזערנע פאַררו־קערס. די שטרויענע קאַסטנס „קאַרזינעס", האָט מען אויף אַ פויעריש פורל אַרויפגעשטעלט, אויף זיי — אונדז אַרויפגעזעצט און — די שכנים פון הויף האָבן אונדז באַגלייט עטלעכע גאַסן, ווי אַ לעבעדיקע לוויה.

דאָס פורל האָט אונדז געבראַכט אויף דער טאַווארנער סטאַנציע, צו אַ לאַנגן עשאַלאָן מיט טיעפּליושקעס און אָפענע פראַכט־וואַגאָנען, אין וועלכע טויזנטער פּליטים האָבן זיך שוין פיבערדיק געגרוזעוועט. דער עשאַלאָן איז געווען אַזוי לאַנג, נאָך לענגער ווי אונדזער גאַנצע אַלעקסאַנדראָווסקע־גאַס. איך האָב בשום־אופן נישט געגלויבט, אַז אויף דער וועלט זאָל זיך געפינען אַזאַ כוח, וואָס זאָל אים פון אָרט אַ ריר־טאָן און אַוועקשלעפּן פון דאַנען. און געדאַרפט האָט ער אונדז פירן אַזש קיין פוילן, פון וואַנען מיר שטאַמען און ווו די מאַמע האָט נאָך געהאָפט צו טרעפן אירע עלטערן און געפינען ביי זיי טרייסט, שוץ און הילף.

גוטע פריינט האָבן אונדז אַפילו אָפּגערעדט פון דער נסיעה:

— פאָרט נישט צו די פּאָלאַקעס!

— זיי שמייסן דוואַדזשעשטשאַ־פּיענטש!

— זיי שניידן יידישע בערד!

אָבער די מאַמע האָט געזאָגט, אַז זי האָט קיין ברירה נישט און האָט אונדז, קינדער, איינציקווייז אַרויפדערלאַנגט צו פרעמדע, מענערשע אָרעמס, אויסגעשטרעקטע פון אַ טיעפּליושקע אַרויס.

איך דערקענגז, האָב זיך זייער געשראָקן פאַר די פּאָלאַקעס, ממש — אימת־מות. מיר זענען געזעסן אויסגעזעצט אויף אונדזערע „קאַרזינעס", מיט לאַכמעס ברויט מיט זשוראַווּלינעס באַשמירט, געגעסן און געציטערט.

דער פּאַראָוואָז האָט טאַקע געהאַט אַ טייוולשן כוח. ער האָט טאַקע גע־שפּיגן מיט וואָלקנס רויך און בעזעמער פונקען, אָבער געשלעפּט האָט ער דעם עשאַלאָן, ווי גרינגע פּידעלעך שוועבעלעך. דורך דער אָפענער טיר האָב איך געקוקט צו די זיך פאַרבייוויגנדיקע פעלדער און וועלדער. מיט אַנגס־טיקן חשד האָב איך געגלאָצט צו יעדן בוים, קוסט, שטאַל און כאַטע, הינ־טער וועלכע עס שטייען אַוודאי פּאַרטייעטע פּאָלאַקעס, וועלכע לויערן אויף אונדז מיט קאַנטשיקעס אין די הענט, גרייט אונדז אַריינצוצימבלען צו פינף־און־צוואַנציק שמיץ. איך האָב זיך געטוליעט צו דער מאַמען און גע־שעפּטשעט שמע־ישראל.

געמיינט האָב איך, אַז יעדער איינציקער מוז איבערקומען אָט די פינף־און־צוואַנציק שמיץ, ווי אַן אָפּצאָל פאַרן אַריבערגיין די גרענעץ פון דער

פוילישער מדינה. שפעטער קען מען זיך צוריק אַרויפּציען די הויזן און — פּטור דערפון. דאַן איז מען שוין אַ פרייער מענטש און אַ פוילישער בירגער. דעריבער האָט זיך מיר זייער געוואָלט וויסן: צי זיי שמייסן זייער שטאַרק, די בייזע פּאָלאַקעס, צי קאַטעווען זיי ביז בלוט אויפן נאַקעטן... ווי לאַנג עס געדויערט דאָס שמייסן און צי מען קען עס אויסהאַלטן.

די מאַמע האָט מיך באַרואיקט, אַז קינדער שמייסט מען נישט. דאָס האָט מיר, אָבער, באַשטעטיקט, אַז עלטערע שמייסט מען טאַקע יאָ. האָב איך שוין געזען, ווי מען לייגט אַוועק מיין מאַמען אויף אַ באַנק, מיט אַ פאַרקאַטשעט קלייד און... — עס איז מיר זייער ביטער געוואָרן אין דער נאָז...

**
*

דער עשאַלאָן האָט זיך געשלעפּט אַ גאַנצע נאַכט. פאַרטאָג איז ער שטיין געבליבן אינמיטן אַ טאָליקן פעלד, וואָס איז פון אַלע זייטן אַרומ־גערינגלט מיט געדיכטע, פינצטערע וועלדער.

— דער עשאַלאָן גייט נישט ווייטער. — האָט מען אונדז דערקלערט און גלייכצייטיק, באַפוילן: — זיך אויסגרוזעווען!

— ווי לאַנג וועלן מיר דאָ ליגן אינמיטן פעלד? — האָבן פּליטים גע־פרעגט, צעטומלטע.

— פאַרגעסט נישט, אַז מיר זענען מיט פרויען, מיט קליינע קינדער און אויך קראַנקע זענען דאָ. שווער קראַנקע.

— איר וועט דאָ וואַרטן, ביז עס וועט קומען אַ צווייטער עשאַלאָן און אייך ווייטער פירן. — האָט דער באַאַמטער אָפּפטורנדיק געענטפערט.

— ווען וועט ער קומען, דער צווייטער עשאַלאָן?

— נישט באַוווסט. קען זיין מאָרגן, איבערמאָרגן, אין דריי טעג אַרום. עס איז דאָך מלחמה!...

ערשט איצט איז אונדז אַלעמען קלאָר געוואָרן, אַז מיר ליגן אינמיטן אַ שלאַכטפעלד, צווישן צוויי פייערן און צווישן דערפער מיט רויבער.

קיין ברירה נישט געווען. מען האָט זיך געמוזט אויסגרוזעווען. משפחותווייז, מיט קאַסטנס, זעק און פּעק האָט מען זיך צעשפּרייט און צע־לייגט אין דער לענג און אין דער ברייט פון טאָליקן פעלד, כמעט פון איין ראַנד וואַלד, ביז צום אַנדערן.

דער טאָג איז געווען אַ וואַרעמער, אַ זוניקער. אין גראָז האָט עס עפּעס כסדר געזונגען, געגרילט און געטרילערט. דער גראָזיקער טעפּיך איז געווען אַ הויכער, אַ ווייכער און אַ פייכטער, אַדורכגעוועבט מיט אָן אַ שיעור קאָ־לירטע פעלד־בלימעלעך, וואָס מיר, קינדער, האָבן מיט קינדערשער לוסטי־קייט תיכף אָנגעהויבן צו פּליקן. אָבער די מאַמע האָט אונדז געהייסן, אַז אָנשטאָט בלומען, זאָלן מיר בעסער גיין אין וואַלד און אָנקלייבן טרוקענע צווייגלעך, קאָרע, שישקעס, פייער צו מאַכן. מיר האָבן טאַקע באַלד דער־זען, ווי כמעט נעבן יעדער משפחה, רויכערט שוין און פלאַקערט אַ קאָס־

טער, אויף וועלכן עס קאַכט זיך שוין אַ טאָפּ... און איך בין זיך אייך מודה, אַז אין יענעם פרימאָרגן, האָבן מיר די קאָכנדיקע טעפּ מער פאַרשמעקט, ווי אַלע פעלד־בלימעלעך צוזאַמענגענומען. איך בין פּראָסט־פּשוט געווען, אויף אַ נאָווינע, זייער הונגעריק...

האָט אונדז דער הונגער געטריבן צום ראַנד פון פינצטערן וואַלד, נאָך טרוקענע צווייגלעך, כאָטש אין אונדזערע הערצלעך האָט אַלץ געפּלאַטערט דער פּחד פאַר אַ בייזן פּאָלאַק מיט אַ שפּיצרוט, וועלכן מיר קענען דאָרטן אַמאָל אָנטרעפן.

אָבער ניין, קיין פּאָלאַק מיט קיין שפּיצרוט, האָבן מיר דאָרט נישט באַגעגנט. אין וואַלד זענען אַלץ אַרומגעגאַנגען אונדזערע פּליטים, וועלכע האָבן געקליבן טרוקענע צווייגלעך, אַזוי ווי מיר.

ווען מיר זענען צוריקגעקומען מיט דער שפּע „געהילץ", האָבן מיר כמעט דער מאַמען נישט דערקענט.

די מאַמע איז געווען אַ הויכע און פולע ברונעטקע. אַז זי פלעגט צע־לאָזן אירע לאַנגע, שוואַרצע האָר, האָבן זיי איר געגרייכט ביז צו די קני. און אַז זי פלעגט געבן אַ לאַך מיט אירע אַגרעס־אויגן און פולן מויל גע־זונטע, ווייסע ציין, וואָס האָבן געגלאַנצט ווי פּסחדיק פּאָרצעלייען־געפעס, — האָט זי, אין מיינע אויגן, דאַן אויסגעזען ווי אסתר המלכה. אָבער מענטשן פלעגן זאָגן, אַז זי זעט אויס, ווי אַ ציגיינערישע פּרינצעסין. איך האָב נאָך, דעם אמת געזאָגט, קיין פּרינצעסינס קיינמאָל נישט געהאַט געזען. איך האָב געקענט בלויז פּשוטע ציגיינערינס, וועלכע פלעגן קומען אין שטאָט אַריין קאָרטן לייגן, טרעפן פון דער האַנט און גנבענען. און צו זיי איז מיין מאַמע, בשום־אופן, נישט ענלעך געווען.

איצט אָבער, האָבן מיר דער מאַמען געטראָפן אין אַ פּאָר רויטע שיך מיט הויכע געשנורעוועטע כאָלעוועס, אין אַ ספּאָדניצע פון אַ ציגל־קאָליר מיט בלויע און רויטע פּאַסן, און אין אַ גרינער בלוזקע מיט רויטע קראַטן. איר וואָלן־געבלימלט קאָפּ־טיכל האָט געהאַט אַלע פאַרבן פון רעגנבויגן. פון טיכל אַפּיר האָבן זיך אַרויסגעשאָטן אירע געדיכטע, שוואַרצע האָר. און נישט־ווינציקער פון אירע אַגרעס־אויגן און פּאָרצעלייען־ווייסע ציין, האָבן געבלישטשעט אַנטקעגן דער זון צוויי גרויסע רעדער־אוירינגען, וואָס האָבן זיך געבאַמבלט אין ביידע זייטן פון איר קיילעכדיק־פול און סודותדיק־צע־לאַכט געזיכט. און כאָטש איך האָב נאָך אַלץ קיין פּרינצעסינס נישט גע־האַט געזען, האָב איך דאָס מאָל, אין געדאַנק, באַשטעטיקט, אַז יאָ... און נאָכמער: — ווי אַ ציגיינערישע קעניגין זעט מיין מאַמע אויס!...

איך בין שטאָלץ געווען מיט מיין מאַמען, וועמענס ציגיינערישע שיינ־קייט, דער גאַנצער פּליטים־טאַבאָר האָט באַוווּנדערט.

די מאַמע האָט אונדז דערקלערט, פאַרוואָס זי האָט זיך אַזוי איבער־געטאָן:

אַרויספאָרנדיק פון מינסק, האָט זי מיטגענומען שפּייז בלויז אויף איין מעת־לעת, מיינענדיק, אַז די רייזע וועט מער נישט געדויערן. איצט, זעט זי,

אַז עס איז אַ פאַרשלעפּטע קרענק. מען קען זיך דאָ אָפּוואַלגערן וואָכן. דאַרף מען זיך אַוועקלאָזן זוכן עסן, ערגעץ אין די אַרומיקע דערפער. פאַר יידן, אָבער, איז געפערלעך אַהין צו גיין. און עס איז נאָך אַ פראַגע, צי די פּויערים וועלן יידן עפּעס פאַרקויפן. אַלס ציגיינערין, אָבער, האָט זי נישט קיין מורא איבער די דערפער צו גיין און זי האָפּט אויך טאַקע עפּעס צו באַקומען, קיין געלט האָט זי אויך נישט, די מאַמע, נאָר וועש און קליידונג. דאָס וועט זי טוישן ביי די פּויערים אויף ברויט און אויף וואָס עס וועט זיך לאָזן.

די מאַמע האָט אויפגעקאָכט טיי. די טיי האָט געהאַט אַלע טעמים. עס האָט געשמעקט מיט רויך און מיט באָד־בעזעמלעך. עכטע ציגיינערישע טיי. אָבער עס האָט אונדז דערוואַרעמט און פריילעך געמאַכט. די טיי איז טאַקע געווען ביטער. אָבער אַז מען עסט־צו ברויט מיט מאַרמעלאַד באַשמירט, דאַרף מען בכלל קיין צוקער נישט. פּרובירט עס אַמאָל, וועט איר זען, ווי גוט דאָס איז. אַ שאָד נאָר, וואָס ברויט מיט מאַרמעלאַד איז געווען ווייניק. עס האָט זיך זייער שטאַרק געוואָלט נאָך אַ שטיקל. אָבער די מאַמע האָט גע־קאַרגט. זי האָט אָפּגעשפּאָרט אַ העלפט ברויט אויף נאָך אַ מאָלצייט. זי אַליין האָט, דעם אמת געזאָגט, גאָרנישט געגעסן. זי האָט געזאָגט, אַז זי וועט שוין פרישטיקן ערגעץ אין אַ דאָרף, וווהין זי איז טאַקע תיכף אַוועק, מיטן שמאָלן שטעגל, וואָס פאַרלירט זיך אין דער טונקלקייט פון וואַלד.

אַ האַלבן טאָג האָבן מיר געוואַרט, מיט האַרצקלאַפּונג: טאָמער איז, חלילה, מיט דער מאַמען עפּעס געשען, טאָמער קומט פּלוצלינג אָן אַן עשאַ־לאָן, אַלע זעצן זיך אויף, פאָרן אַוועק און לאָזן אונדז איבער דאָ אַליין, צווישן די שרעקלעכע, פינצטערע וועלדער. און אפשר האָט די מאַמע פאַר־בלאָנדזשעט אין די וועלדער און וועט נישט טרעפן דעם וועג צו אונדז צוריק — — — —.

צום ערשטן האָט זיך צעוויינט דווקא מיין עלטסטע שוועסטער. און דאָס איז קיין וווּנדער נישט: זי איז אַ גרויסע לאַכערקע און אַ גרויסע ווייי־נערקע. די מאַמע זאָגט „גיב איר אַ גראָשן, לאַכט זי און גיב איר אַ גראָשן, וויינט זי". אויף איר קוקנדיק, האָט זיך צעוויינט די יינגערע, נאָכדעם — איך און צום סוף — מיין יינגערער ברודערל. פון אויבן — אַראָפּ איז דאָס געגאַנגען. מיר האָבן אַזוי הויך געקלאָגט, אַז דער גאַנצער פּליטים־לאַגער איז זיך צונויפגעלאָפן אַרום אונדז, געגלעט אונדזערע קעפּלעך און גע־טרייסט. מיר האָבן זיך בשום־אופן נישט געלאָזן טרייסטן און נאָך העכער געקלאָגט. האָט מען אונדז געגעבן צוקערקעס, האָבן מיר זיי געשלונגען און געוויינט. אַ יידענע האָט מיר אויסגעשנייצט דאָס נעזל אין איר פאַר־טוך. איך האָב פעסט, פעסט אַריינגעשנייצט און ווידער געיאָמערט.

ענדלעך האָבן זיך אַלע פריידיק צעשריען:

— זי גייט, די מאַמע אייערע!...

— זי גייט, זי גייט!...

—אָט־אָ גייט זי...

פון גרויס שמחה, האָבן מיר זיך ערשט רעכט צעיאָמערט, אויף וואָס די־

וועלט שטייט. מיר האָבן זיך אַזוי געריסן, אַז די מאַמע, פון דער ווייטנס, האָט געמיינט, אַז אַן אומגליק, חלילה, איז אונדז געשען און זי איז שוין נישט געגאַנגען, נאָר געלאָפן צו אונדז אָן אַן אָטעם.

— איר נאַרישע קעפּ!... האָט זי אונדז געקושט און גלייכצייטיק גע־שפּיגן אויף אונדז, אָפּצושפּרעכן אַן עין־הרע — טפו, טפוע, טפו! אויף אַלע וויסטע וועלדער! אויף אונדזערע שונאימס קעפּ! וואָס האָט איר געמיינט? אַז די מאַמע האָט אייך אַוועקגעוואָרפן? איבערגעלאָזן אויף הפקר? אַזאַ ציי־גיינערין בין איך נאָך נישט...

און אונדז צו טרייסטן, האָט די מאַמע גענומען פאַרנאַנדערבינדן איר קלומעק, אונדז מכבד צו זיין מיט גוטע זאַכן.

אין דאָרף האָט די מאַמע איבערגעלאָזן דעם טאַטנס אַ פּאָר שיך און אַ פּאָר וועש. דערפאַר האָט זי געבראַכט צוויי גרויסע, ראָזעוואַנע, פּויערי־שע ברויטן, אַ שטיק פּוטער אין גרינע בלעטער איינגעוויקלט, אַביסל קאַר־טאָפל, קאַשע, זויערע אוגערקעס און אַ קישקע וווּרשט. זי האָט אונדז פאַר־זיכערט, אַז די וווּרשט איז נישט קיין חזירשע און, אַז לויטן הכשר פון רבין ר׳ וואָיטעק, מעגן עס יידישע קינדער עסן. איך האָב נישט געוווּסט, ווער דער רבי ר׳ וואָיטעק איז, אָבער איך האָב געגלויבט אין זיין הכשר און גע־שלונגען דעם פּויערישן קאָלבאָס מיט אַ מוראדיק־ווילדן אַפּעטיט.

די מאַמע האָט דעם קאָלבאָס נישט געגעסן. זי האָט געזאָגט, אַז ראָב וואָיטעקס הכשר איז נאָר פאַר קליינע קינדער.

***

די נאַכט איז צוגעפאַלן ראַפּטאָם. קען זיין, אַז ערגעץ אַנדערש איז נאָך טאָג, אָדער אָוונט געווען און מען וואָלט נאָך געמעגט מנחה דאַווענען. נאָר דאָ, אין טאָליקן פעלד, אַרומגעזוימט מיט געדיכטע וועלדער, האָט זיך די פינצטערניש אַ גיס אָן געגעבן האַסטיק און געדיכט, ווי סמאָלע — אין אַ פּאַס.

די מאַמע האָט, אָבער, באַצייטנס גרייט געמאַכט דאָס געלעגער אויף דער ערד. אַ געלעגער פאַר אַלע פינף צוזאַמען, אָפּגעטיילט פון איבעריקן עולם, מיט אונדזערע צוויי „קאַרזינעס״ פון ביידע זייטן.

איך בין געלעגן, מיט די ציצית פון טלית־קטן אין די פויסטן פאַר־קלאַמערט, און געפּלאָנטערט פון פּחד. די נאַכט איז געווען אַ וואַרעמע. אייג־געדעקט גוט בין איך אויך געווען. נאָר געציטערט האָב איך, ווי אַ נאַקעטער אויף אַ פראָסט. אַ צאָן אָן אַ צאָן האָט געקלאַפּט.

די פּליטים אויפן פעלד, האָבן מיר אויסגעזען, ווי מתים וואָס שטייען אויף צו חצות. אַ בית־עולם מיט וואַנדערנדיקע מתים. און פון די וועלדער, האָט זיך מיר געדאַכט, קומען אָן צופליען באַפליגלטע פערד, שדים רייטנדי־קע אויף בעזעמער, קאַטשערעס און לאָפּעטעס, פּיפּערנאָטערס, עקדישן, ים־קאַטערס און אַנדערע חיות־רעות און כל מיני ווילדע ברואים, וועגן וועלכע חדר־יינגלעך האָבן מיר מעשות אָנדערציילט.

— מאַמע דו שלאָפסט?
— ניין, מיין קינד. וואָס איז דען?
— מאַמע, וואָס ציט זיך עס דאָרטן, פון וואַלד, צו אונדז אַהער?!
— אַ נאַר ציט זיך... שלאָף!
— אָבער, זעסט נישט, אַז עס הענגט ביי אים...
— יאָ, אַ לונג־און־לעבער אויף דער נאָז הענגט אים... כאַכאַכאַכאַ...

און כאָטש די מאַמע האָט געלאַכט, האָב איך דאָך דייטלעך געזען עפּעס אַ משונהדיק געשטאַלט, וואָס שוועבט גלייך צו מיר און עס הענגט אים טאַקע אַ רויטער לונג־און־לעבער אויף דער נאָז...

ווי פּלוצלינג עס איז פינצטער געוואָרן, אַזוי פּלוצלינג איז אויך ליכ־טיק געוואָרן. אַ פולע לבנה איז אויפגעשווומען איבער מיר און דער הימל האָט זיך אויסגעשפּרייט סאַמעטדיק־בלוי, מיט גאָלדענע שטערן באַשטיקט, ווי דער פּרוכת אין מינסקער חסידים־שטיבל. ערשט איצט האָב איך זיך באַ־רואיקט און איינגעשלאָפן.

אויפגעוועקט האָט מיך אַ געררודער. עס איז אָנגעקומען אַן עשאַלאָן. אַן אויסטערלישער עשאַלאָן איז דאָס געווען. נישט צו וויסן, ווו מען גייט אַריין און ווו מען גייט אַרויס. דאָס גאַנצע פעלד האָט זיך אייליק גענומען פּאַקן, וועקן פאַרשלאָפענע קינדער און גרייטן זיך, איינצושטייגן. אָבער פון עשאַ־לאָן האָט מען אויסגעשטרעקט צו אונדז ליופּעס און פאַרוועהרט זיך צו דער־נענטערן.

— עס איז אַ מיליטערישער פּאַנצער־צוג! — האָט אַן אָפיציר דער־קלערט — ער פאָרט אויסשפּירן דעם וועג. אויב אַלץ וועט זיין אין אָרדע־נונג, וועט מאָרגן קומען אַן עשאַלאָן, אייך אויפנעמען און ווייטער פירן.

איצט האָבן שוין אַלע געזען, אַז עס איז טאַקע עפּעס אַן אויסטערלי־שער צוג: פאַרמאַכטע אייזערנע וואַגאָנען, אָן פענצטער און אָן טירן, מיט לעכער בלויז פאַר די אַרויסשטאַרצנדיקע ליופּעס.

דער עשאַלאָן איז אָפּגעפאָרן און דער עולם האָט זיך צוריק געשלעפּט אויף די פריערדיקע ערטער. אַנטוישטע האָט מען אויפגעלייגט קאָסטערלעך, געמאַכט פייער, צוגעשטעלט טעפּ צום קאָכן און זיך צוגעהערט צו די טעמ־פּע דונערן פון האַרמאַטן, וואָס קומט פון ערגעץ נישט ווייט און מאַכט ציי־טערן לופט און ערד.

און עס זענען אַוועק אַ סדרה מעשות וועגן מלחמה.

אויף יענעם פּלאַץ זענען מיר אָפּגעלעגן פיר מעת־לעת. דאָן איז געקו־מען אַן עשאַלאָן, וואָס האָט אונדז שוין יאָ אויפגענומען, געפירט עטלעכע שעה און ווידער איבערגעלאָזן אונדז אינמיטן אַ פעלד. דאָרט האָבן מיר גע־וואַרט בלויז דריי מעת־לעת אויף אַ פרישן עשאַלאָן, וואָס האָט אונדז גע־פירט אַ גאַנצע נאַכט און געבראַכט צו אַ בריק. די בריק, נישט קיין לאַנגע, האָבן מיר געדאַרפט דורכגיין צופוס און אַריבערשלעפּן דאָס געפּעק. דאָרטן זענען שוין די פּאָלאַקן.

ביי די פּאָלאַקן זענען מיר ווידער געלעגן אין אָפענעם פעלד, ביים ראַנד פון אַ וואַלד און געוואַרט... געוואַרט אויף אַ נס.

די פּוילישע אָפיצירן זענען טאַקע געווען בייזע, שטרענגע, מיט קלינ־גענדיקע שפּאָרן אויף די אָפּצאַסן פון די גלאַנציקע שטיוול און מיט גע־פלאָכטענע רימענע שפּיצרוטן אין די הענט. אָבער געשמיסן האָבן זיי נאָך נישט. דערווייל איז שוין גענוג געווען זייער בלויזער בליק, וואָס האָט אָנ־געוואָרפן אַ פּחד.

און ערגער נאָך איז געווען, וואָס עס זענען געקומען רעגנדיקע טעג. די רעגנדיקע טעג, אין אָפענעם פעלד, זענען געווען ביטערע. מיר זענען גע־ווען אויסגעווייקט און געהוסט מיט אַ כריפּ. אַלע פּליטים האָבן געהוסט. אָבער יעדערער האָט געהוסט אויף אַן אַנדערן אופן, מיט אַן אַנדער טאָן און מיט אַן אַנדערער מעלאָדיע. איך האָב שטאַרק געוואָלט פאַרשטיקן מיין איי־גענעם הוסט, כדי צו הערן דעם אַלגעמיינעם קאָמישן הוסט־כאָר, וואָס האָט מיך זייער געווילט. אָבער עס האָט מיך מאָדנע געקיצלט אין האַלדז און כ׳האָב זיך נישט געקענט איינהאַלטן. אָבער טרויעריק זענען געווען די רעגנדיקע נעכט. אין איינער אַ נאַכט האָט עס געפּלייצט, ווי פון צעטרעש־טשעטע באַליעס אַראָפּ. די מאַמע האָט אונדז דאַן אַן אויסטערלישן געלע גער געמאַכט: זי האָט אויסגעליידיקט אַ „קאַרזינע", פון וועלכער אַ העלפט זאַכן זענען שוין סיי־ווי אויף שפּייז פאַרטוישט געוואָרן, און האָט אונדז, אַלע פיר קינדער, אַהין אַריינגעזעצט. איבער אונדז האָט זי פאַרמאַכט די דעק, באַלייגט מיט אַלע אויסגעווייקטע שמאַטעס, אויף וועלכע זי אַליין האָט זיך אויסגעצויגן, צו פאַרשטעלן, פאַרדעקן און באַשיצן אונדז פון אומ־אויפהערלעכן רעגן.

אין דער „קאַרזינע" איז אונדז געווען זייער ענג זאַלבעפערט. מיין ברודערל האָט זיך דווקא געוואָלט ליגן באַקוועם און ער איז איינגעשלאָפן מיט איין פוס אויף מיין אַקסל און מיט דער צווייטער — ביי מיין נאָז. איך האָב אָפּגעשטופּט זיין פיסל, אָבער באַלד האָב איך ווידער דערשפּירט אַ זעץ אין נאָז. איך האָב געשריגן אויף אים, אָבער ער האָט געכראָפּעט. מיינע שוועסטער האָבן כסדר געלאַכט. ס׳הייסט געלאַכט האָט די עלטערע און די ייִנגערע האָט איר אונטערגעהאָלפן. זיי האָבן אַזוי לאַנג געלאַכט, ביז זיי האָבן זיך צעוויינט און איינגעשלאָפן. איך איינער בין לאַנג נישט געשלאָפן און געקעמפט מיט מיין ברודערס פיסל, וואָס האָט זיך דווקא אויסגעזוכט דאָס איינציקע אָרט, ביי מיין נאָז. אין דער „קאַרזינע" איז געווען אַ פּייכ־טע, אַ פאַרנע וואַרעמקייט, ווי אין אַ הינער־קאַטוך, הינטער אַ באַק־אויוון. אויך מיין ברודערס פיסל האָט אַזוי איבלדיק פייכט געפּאַרעט. די מידקייט האָט מיך גובר־געווען. מיט עגמת־נפש, וואָס די מאַמע, נעבעך, ווייקט זיך אין דרויסן, איבער אונדז, בין איך איינגעשלאָפן.

אינדערפרי, ווען די מאַמע האָט די „קאַרזינע"־דעק געעפנט, האָט שוין מער נישט גערעגנט. ווי אויסגעוואַרעמטע הינער פון אַ קאַטוך אַרויס, אַזוי האָבן מיר די קעפּ אַרויסגעשטרעקט און געזען צוויי זונען וואָס שטראַלן

אונדז אַנטקעגן: דער מאַמעס פּנים און די זון אין הימל. עס איז אַזש פריי־לעך געוואָרן אויף דער נשמה. דאָס גאַנצע פעלד און דער וואַלד האָבן גע דיכט געפּאַרעט. עס האָט געשמעקט מיט נאַסן מאָך, סוכות־סכך און רומיאַ־נעק. אָבער נאָך אָנגענעמער האָט געשמעקט דאָס טעפּעלע טיי, וואָס די מאַ־מע, אַליין אַ נישט־אויסגעשלאָפענע, האָט אונדז דערלאַנגט. טיי מיט אַן אַראָמאַט פון הייסע באָד־בעזעמלעך און ברויט מיט מאַרמעלאַד — כצפּיחית בדבש!...

***

די מאַמע האָט אַלץ געטראָגן אירע ציגיינער־קליידער, כאָטש איבער די דערפער איז זי שוין מער נישט געגאַנגען. אויף דער פּוילישער זייט זע־נען שוין די פּויערים נישט געווען אַזוי אָרעם און דער מאַמעס אויסגעווייק־טע שמאַטעס איז זיי נישט געפעלן. „עס פוילט דאָך שוין!“ — האָבן זיי געזאָגט און קיין ברויט דערפאַר נישט געוואָלט געבן. מיר האָבן אָנגעהויבן גאָר לייטיש צו הונגערן און די מאַמע איז געווען פאַרצווייפלט.

באַזונדערס האָט אונדז דענערווירט דעם שכנס טעכטערל רחלע, וועל־כע האָט כסדר געוויינט און געשריגן „איך וויל צען קוגעלעך!“. עס וואָלט געפּאַסט, אַז איינס גיט מען איר יאָ, נאָר זי וויל דווקא צען... אָבער די „צען קוגעלעך“ האָבן מיך גערייצט און נאָך שאַרפער געמאַכט דעם הונגער.

האָבן מיר כסדר געקוקט צו דער איינציקער כאַטע אין פרייען פעלד, ווו די זשאַנדאַרמעריע געפינט זיך. פון דאָרט האָט מען אונדז געדאַרפט צו וויסן געבן, ווען מען וועט אונדז לאָזן ווייטער פאָרן.

איינער פון די זשאַנדאַרמעריע אָפיצירן האָט זיך אַרומגעשפּאַצירט מיט זיינע קלינגענדיקע שפּאָרן און רימענעם שפּיצרוט אין דער האַנט. אַלע זע־נען פאַר אים אָפּגעטראָטן היגטערוויילעכטס, מיט מורא און דרך־ארץ. פאַר־בייגייענדיק אונדז, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, אָנגעקוקט דער מאמען און אַ פרעג געטאָן:

— ציגאַנקאַ?

— טאַק יעסט, פּאַניע פּאָרוטשניקו... — האָט די מאַמע געענטפערט.

— ביזטו אַ טרעפערין? אַ וואָרזאָגערין?

— יאָ, הער פּאָרוטשניק... — האָט די מאַמע געשמייכלט.

אָבער דו בלאָפסט, צי דו זאָגסט אמת?

— איך זאָג אמת, אויב...

— אויב וואָס?

— אויב איך קריג עפּעס דערפאַר...

— וואָס פאַרלאַנגסטו?

— עסן פאַר מיינע הונגעריקע ציגיינערלעך.

— וועסט קריגן, אויב דו וועסט זאָגן דעם ריינעם אמת.

— דעם ריינעם אמת וועל איך זאָגן, הער פּאָרוטשניק!

— גוט. קום מיט מיר.

די מאַמע האָט זיך לאַנג נישט געזאַמט אין דער זשאַנדאַרמעריע־כאַטע. אָבער פאַר אונדז, קינדער, איז עס געווען אַ תהומיקע אייביקייט. די פינצטערסטע מחשבות זענען אונדז געקומען אין קאָפּ. מיר האָבן זיך שוין געקליבן צו וויינען, ווען די מאַמע האָט זיך צוריק באַוויזן אַ צעשטראַלטע, אַ באַלאָדענע מיט כל־טוב...

מיר האָבן געשלונגען די גוטע זאַכן און די מאַמע, מיט נישט־געצוימטער אויפרעגונג, האָט דערציילט:

— אַ נס איז געשען, קינדער, אַ גרויסער נס!... ווי נאָר איך בין אַריין אין דער כאַטע, האָט ער מיר דערלאַנגט אַ האַלבן ברויט און געזאָגט: „רעד. נאָר אמת זאָלסטו זאָגן!". האָב איך אים געזאָגט אַזוי: „דעם ריינעם אמת וועל איך דיר זאָגן, מיין הער, אַז איך בין נישט קיין ציגיינערין, נאָר אַ יידישקע... אָבער וואָרזאָגן וועל איך דיר. ווייל אַלץ וואָס איך זאָג, איז וואָר. דו ביזסט אַ נאָבעלער מענטש און פאַרדינסט אַ העכערע ראַנגע און אַן אורלויב..."

ער האָט מיר נישט געלאָזט ענדיקן. אַ כאַפּ געטאָן זיין שפּיצרוט און זיך אַ לאָז־געטאָן צו מיר מיט אַ ווילדער רציחה. אָבער דאָ איז געשען דער גרויסער נס...

נאָך איידער ער האָט באַוויזן אַראָפּצולאָזן דעם שפּיצרוט אויף מיר, איז אָנגעקומען אַ העכערער אָפיציר. ער האָט אים עפּעס פריידיקס דערציילט, פון וואָס זיי האָבן געלאַכט, געקלאַפּט זיך אין די פּלייצעס און זיך געווונטשן.

דאַן איז מיין אָפיציר צוגעקומען צו מיר, זיך אַנטשולדיקט און געזאָגט: „כאָטש דו ביזט אַ יידישקע, האָסטו די ריכטיקייט געזאָגט. האָסט אַלץ געטראָפן... איך באַקום טאַקע אַ העכערע ראַנגע און אַ צוויי וואָכיקן אורלויב... און דערפאַר, נעם זיך פאַר דיינע ציגיינערלעך אַלץ וואָס דו ווילסט. וויפל דו קענסט פאַרטראָגן, נעם!..."

האָב איך גענומען... דאָס אַלץ וואָס איר זעט... טאַקע קוים דערטראָגן...

*****

צומאַרגנס איז אָנגעקומען דער עשאַלאָן. דאָס איז שוין געווען דער לעצטער, וועלכער האָט אונדז געפירט ביז באַראַנאָוויטש.

אין באַראַנאָוויטש האָבן מיר נאָך געמוזט בלייבן צוויי וואָכן, דורכצומאַכן קאַראַנטין. דאָרט האָבן מיר געמוזט גיין אין באָד און אָפּגעבן אונדזערע זאַכן צו דעזינפעקציע.

ווייל איך דאַן געווען צו די יינגלעך, וועלכע האָבן געהאַט טאַטעס, מיט וועמען מיטצוגיין אין דער מענערשער באָד. און מיך האָט די חרפּה פאַרשרפעט, ווען די מאַמע האָט מיך געשלעפּט, מיט גוואַלד, אין דער ווייבערשער באָד אַריין.

— אַ יונגאַטש פון זיבן יאָר זאָל זיך עס שעמען! — האָט מיך די מאַמע געמוסרט. — דער טאַטע וועט אויפשטיין פון קבר און דיך פירן אין

באַד אַריין? אָדער דו ווילסט איבערבלייבן דאָ, ווען מיר וועלן אַוועקפֿאָרן?

איך האָב געוווּסט, אַז די מאַמע איז גערעכט. און דאָך, וואָלט איך גי־כער אַריינגעשפּרונגען אין אַ קאַלך־אויוון, אין אַ לייבן־גרוב, איידער אין דער ווייבערשער באָד. עס האָט, אָבער, גאָרנישט געהאָלפֿן.

אין באָד בין איך געשטאַנען אויף אַ הויכער, גליטשיקער באַנק און זיך צוגעהאַלטן מיט ביידע הענט דאָס, מיט וואָס איך האָב זיך אַמשטאַרקסטן געשעמט.

און אומפֿאַרשעמט האָבן מיר אויסגעזען די ווייבער, וועלכע האָבן זיך אינגאַנצן נישט גערעכנט דערמיט, וואָס איך, אַ זכר, שטיי און קוק אויף זייער נאַקעטקייט.

אָבער ביסלעכווייז האָב איך אָנגעהויבן צו פֿאַרגעסן, אַז דאָס זענען באַקאַנטע פֿרויען פֿון דעם פּליטים־טאַבאָר און — איך האָב דערזען נאַקעטע מכשפֿות מיט צעלאָזענע האָר און צעווירענע לייבער. איין מכשפֿה האָט גע־האַט עפּעס אַזאַ מאָדנעם ליידיקן בויך, וואָס איז איר אַראָפּגעהאַנגען אַזש ביז צו די קני, ווי אַ פּוסטער זאַק. אַ צווייטע האָט געהאַט אַ פּאָר לאַנגע, אַראָפּהענגענדיקע בריסטן, ווי קעז־זעקלעך. און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז זי וויל מיך מיט זיי אויספּאַטשן ביידע באַקן. אַזוי האָט זי געשליידערט מיט זיי. אַ דריטע האָט געהאַט אַזאַ מוראַדיקן געזעס, וואָס האָט ממש גע־שריגן גוואַלד. ער איז געווען שרעקלעך בלייך און שרעקלעך צעווירן, כמעט אַזוי ווי די דייזשע טייג ביים מינסקער בולקע־בעקער. איך האָב געזען פֿאַר־שידענע קרומע און געשוואָלענע פֿיס, מיט בלויע, אָנגעדראָלענע אָדערן. און ווייטער האָב איך נישט געוואָלט קוקן, כאָטש די קאָלירן האָבן געשריגן צו מיר, פֿון דער פֿאַרע אַרויס, פֿון אַלע זייטן.

די ווייבער האָבן געליאַרעמט. אַרומגעלאָפֿן און זיך געריסן איבער אַ שעפֿל. עס האָט זיך געדאַכט, אַז זיי זענען נישט געקומען זיך באָדן, נאָר שרייען, קוויטשען און געוואַלדעווען אויף די העכסטע קולות.

אַ יונג ווייבל, דווקא אַ שלאַנקע, אַ שוואַרצהנעוודיקע, האָט צוגעטראָגן מיין מאַמען אַ שעפֿל און דערביי געוויזן אויף מיר:

— זעט נאָר, אַ מאַנצפֿאַרשוין צווישן ווייבער... פֿע... אוי, איך שעם זיך!... — האָט זי געלאַכט און זיך דווקא אַ שטעל געטאָן אַנטקעגן מיר אויף אַזאַ אופֿן, אַז איך האָב נישט געהאַט די אויגן וווּ אַהינצוטאָן.

בלויז איינע, ממש איין־און־איינציקע איז געווען אין מיין לאַגע: אונ־דזער שכנס טעכטערל רחלע, וועלכע האָט געוואָלט, נישט אַנדערש, נאָר „צען קוגעלעך"... איצט איז זי געשטאַנען אויף דער קעגנאיבערדיקער באַנק, זיך צוגעהאַלטן מיט ביידע הענט, אַזוי ווי איך, געקוקט אויף מיר און געוויינט.

איך וואָלט פֿיל ליבער אָנגענומען די פֿינף־און־צוואַנציק שמיץ מיט אַ רימענעם שפּיצרוט, איידער די ווייבערשע באָד, פֿאַר די רעכט אַריינצוקו־מען אין דער פּוילישער מדינה...

***

פון קאַראַנטין־לאַגער זענען מיר שוין, ווי פרייע מענטשן, געפאָרן צום וואָקזאַל. דאָרט האָבן מיר באַגעגנט דעם פּאָרוטשניק, וועלכער איז שוין טאַקע געפאָרן אויף זיין אורלויב.

ער האָט זיך פריינטלעך באַגריסט מיט דער מאמען און געזאָגט, אַז ער וואָלט זי נאָך געוואָלט זען. ער האָט געבעטן דעם אַדרעס, וווהין מיר פאָרן. ביי אַ געלעגנהייט, וועט ער אונדז קומען באַזוכן.

מיין מאַמע האָט געהאַנדלט ווי אַן אמתע ציגיינערין:

לאַכנדיק, האָט זי אים געגעבן אַן אַדרעס אין ביאַליסטאָק, אין דער צייט, ווען מיר האָבן געוואַרט אויפן צוג, וואָס גייט אָפּ קיין בריסק...

# דאָס הויז פון אַלמנות

— זעיטס־נאַ, זעיטס־נאַ, קריינדעלע גייט!...

עס האָבן זיך האַסטיק אַ צערוק־געטאָן די שטולן אַרום גרויסן, פיר־עקיקן טיש און אַלע ווייבער האָבן זיך הענדום־פּענדום אַ לאָז געטאָן צום פענצטער. דאָס פענצטער איז באַלד אָנגעשאָטן געוואָרן מיט קעפּ, ווי אַ שויפענצטער מיט אַרבוזן.

— זעיטס־נאַר, ווי זי דרייט זיך עס אויפן קאָריק!... ווי זי בלאָזט זיך עס, ווי אַ פּאַווע!... — האָט רייצע, וועלכע האָט קריינדעלען די ערשטע דערזען, זיך נישט אויפגעהערט צו קרימען, בלאָזן־זיך און נאָכמאַכן קריינדעלעס קאָקעטישן גענגל.

— אַ טריפהנעם מזל דאָס האָט! — וואַרפט אַריין גיטעלע „שטשאָק", די מיטן אייביק־בייזן, פאַרביטערטן פּנים.

נאָר מייטל די לאַכערקע, אַ דיקע, פליישיקע יידענע מיט אומנאַטיר־לעך־בלישטשענדיקע יצר־הרע־אויגן, רופט זיך אָן:

— הערט, ווייבער, אַז גאָט וועט אונדז דערפרייען, וועלן מיר אויך מיטן הינטן דרייען!...

— מילא, ווי האַלט מען שוין דערביי?...

דורכן שמאָלן געסל, אויפן קעגנאיבערדיקן טראָטואַר, האָט זיך קריינ־דעלע פאַרבייגעוויגט מיט איר שלאַנק פיגורל און שטאָלץ־קאָקעטיש גענ־געלע פון אַן אויפגעקומענער גבירטע. אין איר יעדן קעציש־ווייכן טריטל, אין איר יעדן וויג מיטן ביוסט און מיט די היפטן, איז געלעגן ליבע צו זיך אַליין, איז געלעגן „אויף צופיקעניש די שונאים" און „קיקטס און פּלאַצטס"...

מיט יעדן קעמערל פון איר הויט, איבערן גאַנצן לייב, האָט קריינדעלע געפילט די קנאה־בליקן, וואָס שפּיזלען זיך צו איר דורך טיר־און־פענצטער. איבערהויפּט האָט זי געפילט אויף זיך די בליקן פון באַשקעס פענצטער, וואָס עס האָט איר באַזונדערס הנאה־געטאָן.

אייגנטלעך איז זי דאָך טאַקע אַדורכגעגאַנגען דאָס געסל ספּעציעל צו־ליב באַשקעס פענצטער... זי האָט זיך דאָך ספּעציעל אָנגעטאָן אין דעם נייעם קלייד, לויטן פאַריזער מאָדע־זשורנאַל, אין די נייע לאַטשן מיט די הויכע קנאַפּל, פאַרוואָרפן אויף זיך דאָס פאַרל זילבערפוקסן, וואָס איר בער־נאַרד האָט ערשט נעכטן געבראַכט פון וואַרשע. זיך פריזירט, געשמינקט, פערפומירט און אַרויפגעכאַפּט אויף זיך דאָס גאַנצע ביסל צירונג, — אַלץ

צוליב באַשקעס פענצטער... יאָ, זיי האָבן איר אַלע געזען... אַלע האָבן איר אָנגעקוקט... איצט אַרבעטן שוין די ציגעלעך... גוט אַזוי... — און דאָס האַרץ צעוואַקסט זיך איר פון נצחון...

און ביי באַשקען אין שטוב אַרבעטן טאַקע די ציגעלעך:

— אין אַ שמאַלץ־גרוב איז זי אַריינגעפאַלן!

— זי ווייסט אַליין נישט, וויפל ער פאַרמאָגט!

נאָר די גוטמוטיקע באַשקע טרייסט אַלעמען און באַרואיקט:

— הערט, שוועסטערלעך: ווער עס איז איר מקנא, דעם זאָל מען מאַכן אַ קאַנע... יעדן דאַכט זיך, אַז ביים צווייטן לאַכט זיך... — זאָגט זי מיט אַ געהיימניספולער מינע, וואָס דאַרף צוגעבן אירע רייד אַ באַזונדערן מיין — נישטאָ קיין מציאות!...

און ווייל אַלעמענס הערצער זענען אָנגעפעפערט מיט קנאה צו דער מזלדיקער קריינדעלען, זענען אַלע ווייבער גיריק צו הערן אַ רכילותל, וואָס זאָל לעשן די ביטערקייט אין זייערע געמיטער. בעטן זיי זיך.

— אוי, וואָס ווייסט איר?...

— דערציילט, באַשקעלע, דערציילט...

און די אויגן צעגלאַנצן זיך און די ליפּן באַלעקן זיך שוין באַצייטנס פון דעם זיסן, זאַפטיקן טעם, נאָך איידער זיי האָבן פאַרזוכט די פרוכט...

***

די איינוווינער געדענקען אַליין נישט, וויפל מאָל די שטאָט איז שוין חרוב געוואָרן. אָבער נאָך יעדער שריפה, נאָך יעדער מלחמה, קומען די פאַר־וואַגלטע פּליטים צוריק זיך צונויף, יעדערער צו זיין חרובער נחלה, און לייגט אַ נייעם פונדאַמענט. נאָך יעדן חורבן, צעוואַקסט זיך נאָך גרעסער און שע־נער די שטאָט. און נאָך יעדן חורבן ווערן די איינוווינער נאָך ענערגישער, אַרבעטזאַמער, אימפּולסיווער.

אויך איצט, נאָך דער וועלט־מלחמה, שטייט די שטאָט אין חורבות. אָבער צווישן די חורבות וואַקסן שוין אַרויס נייע מויערן און הילצערנע הייזלעך. די גאַסן באַקומען אַנדערע נעמען. שוין נישטאָ „פּושקינסקאַיאַ", שוין נישטאָ „פּראָספּיעקט". אויף זייער אָרט הענגען שוין נייע שילדעלעך: „טשעטשעגאָמאיא", „דאָמבראָווסקיעגאָ", „פּילסודסקיעגאָ" און „יעדענאַס־טעגאָ ליסטאָפּאַדאַ". אויף די רעגירונגס־הייזער פלאַטערן ווייס־רויטע פע־נער. אין די שויפענצטער זענען אַרויסגעשטעלט די בילדער פון פּילסודקס־קין און ווייסע אָדלערס אויף רויטן הינטערגרונט. איבער די גאַסן מאַרשירן גרופּנווייז זעלנער, האַלערטשיקעס, פּאָזנאַנטשיקעס און אַנדערע, אין זייע־רע נייע אוניפאָרמען. זיי כאַפּן יידן, שניידן אָפּ די פּיאות און בערד, שניידן אָפּ האַלבע קאַפּאָטעס. און אַז אַ יידל איז „ווידערשפּעניג" און לאָזט זיך נישט, לייגט מען אים אַוועק אויף אַ באַנק און פאַר דער חוצפה, ציילט מען אים אַריין „דוואַדזשעשטשיאַ־פּיענטש" (פינף־און־צוואַנציק שמיץ).

דאָך הערן יידן נישט אויף אַרומצוהאַוועןאַרום זייערע חרובע נחלות.

מען בויט הייזער, מען עפנט געשעפטן און מזל־ברכה פלייצט פון אַלע זייטן, ווי צו פאַרגיטיקן פאַר די פינצטערע מלחמה־יאָרן. עס קומען־אויף סוחרים, פאַבריקאַנטן, נייע באַלעבאַטים, נייע גבירים. און נעכטיקע יחסנים, היינטיקע יורדים, קומען מיט געבויגענע קעפּ און ווערן „מענטשן", אַנגעשטעלטע ביי די אויפגעקומענע. די שטאָט איז פול מיט אַלמנות און יתומים. אָבער וואָס די ערד האָט צוגעדעקט, הייבט שוין אָן פאַרגעסן צו ווערן. מען ווישט אַראָפּ דעם טרויער פון פּנים, מען מאַכט זיך האַרץ און מען האַלט פּאַסאָן... מען קליידט־זיך, מען פּוצט־זיך און מען שמייכלט אַנטקעגן דעם ליכטיקן מאָרגן...

באַשקע די אלמנה, אַ שוואַרצהנעוודיק ווייבל מיט פלינקע אויגעלעך, אַ שטשופּלע, אַ רירעוודיקע, אַן ענערגישע, האָט איר הייזל גאַנץ געפונען. און כאָטש וולאַדאַווסקי, דער אויפגעקומענער אייזן־סוחר, קריכט איר נאָך, ווי אַ שאָטן, — וויל זי נישט הערן און געדענקען דערפון. זי וועט אירע יתומים קיין שטיפטאַטן נישט געבן! דריי קינדער האָט זי, אַ ייִנגל און צוויי מיידלעך. זיי לערנען שוין אין דער פאָוושעכנע" און העלפן אויך דער מאַמען. די ענערגישע באַשקע האָט זיך אָפּגעזאָגט פון איר נעכטיקן יחוס. „מיט יחוס פאַרשמעלצט מען נישט קיין גריץ!..." — האָט זי זיך געעפנט אַ „פּראַלניע" (וועשעריי). זי אליין שטייט גאַנצע טעג ביי דער באַליע און צוויי שיקסעס העלפן איר צו. דער גאַנצער הויף איז פאַרצויגן מיט שטריק, אויף וועלכע עס טריקנט זיך וועש. דער רינשטאָק אויפן הויף, וואָס ציט אויפן גאָס אַרויס, איז שטענדיק פול מיט טונקעלע, שאַרף־גערוכיקע פליסיגקייטן, מיט זייף־מולינעס, מיט כליאָריק און מיט בלועכטס. עס טראָגט זיך אַ רויך פון סמאָלע־העלצער, וואָס פלאַקערן אונטער גרויסע, פאַרסאַזשעטע וועש־קעסלען. אָבער אין שטוב איז אייביק ציכטיק און שמעקנדיק. עס שמעקן די קראָכמאַליעטע שטיקלעך וועש אונטערן סססיקענדיקן פּרעס־אייזן און עס שמעקן אַפילו די צעגליטע האָלץ־קוילן פון פּרעס־אייזן אַרויס.

דער זון און די צוויי טעכטער שטייען אין זייערע שול־מונדירן און לייגן צוזאַמען די פריש־אויסגעפּרעסטע, נאָך וואַרעמע שטיקלעך וועש, לויט די מיט טינט פאַרשריבענע נומערן. זיי פאַרפּאַקן עס אין אַ דינעם, גלאַנציקן פּאַפּיר און צעטראָגן עס צו די קונדן אין די שטיבער אַריין. פּונקט ווי די מאַמע, שעמען זיי זיך נישט מיט דער אַרבעט. אַלצאיינס ווייסט די גאַנצע שטאָט, אַז באַשקעס קינדער זענען געראָטענע. נישט איין גביריש קינד קומט אָן צו זיי נאָך הילף, ערב די עקזאַמענעס...

אין אָוונט זיצן די קינדער אין זייער צימער מיט שול־קאָלעגן, אָדער זיי גייען צו די קאָלעגן אין די שטיבער. אָבער קיינמאָל ווען זיי, אומגערופן, נישט אַריינקומען אין גרויסן עסצימער, ווו די מאַמע פאַרברענגט מיט אירע געסט. די געסט זענען כמעט תמיד נאָר פרויען, וועלכע האָבן אין דער מלחמה זייערע מענער פאַרלוירן. צוליב אָט די געסט טאַקע, האָט מען עס באַשקעס שטוב אַ נאָמען געגעבן „דאָס הויז פון אַלמנות" און די געסט — „די כלה־מיידלעך"...

***

צונויפגעבראַכט די אלמנות צו באַשקען אין שטוב, האָט זייער ענגט. ווער עס האָט געזוכט אַ וואַרימע, פריינדלעכע שטוב מיט אַן אָפענער טיר, האָט זי עס ביי באַשקען געפונען. אָבער דערנענטערט אייגער מיט דער אַנ־דערער, האָט די ענלעכקייט פון זייערע גורלות. ביי באַשקעס טיש האָט מען זיך אַראָפּגערעדט פון האַרצן, דערציילט זיך „פון אונטערן פופיק־אַפיר", באַקלאָגט זיך אויף אייגענע קינדער און באַרעדט פרעמדע. געשלונגען אַ רכילותל און זיך איבערגעגעבן „נייעס": ווער עס האָט התונה־געהאַט, ביי וועמען עס איז קיין לעבן נישט, ווו עס האַלט ביי אַ גט, און ווער עס שטייט אין שידוכים.

נישט צו „באַלעסטיקן" באַשקען, האָט זיך יעדע מיטגעבראַכט אַ שטיקל האַרטן צוקער, צו דער טיי צוצובייסן, און אַלע נאָכט האָט אַן אַנדערע גע־בראַכט „פיעטשעניע" (זיסע געבעקסלעך), פיסטאַשקעס, סיעמעטשקעס, אָדער פרוכטן פאַר אַלע. מען האָט אָנגעהויבן שפּילן אין לאָטאָ, דאָמינאָ און אַפילו אַ קערטל: אַ „טויזנט", אָדער אַ „זעקס־און־זעכציק". באַשקעס שטוב איז געוואָרן אַ קלוב. אַ קלוב פון אלמנות.

פון צייט צו צייט האָט אויך אַהער, צו באַשקעס ווייבערישן טיש, פאַר־בלאָנדזשעט אַ מאַנצפּאַרשוין. און כאָטש הינטער זיינע פּלייצעס, האָבן זיך די ווייבער געקניפּט, זיך געקרימט און געאייניקט, אַז: „ס'איז ניבע־נימע־ניקוקעריקו", „עפּעס אַ פאַרשלעפּטע קרענק"... — האָבן דאָך אַלע צו אים אָנגעשפּיצט די שנעבעלעך, גערעדט גרויס־שטאָטיש, אינטעליגענטיש, דער־ציילט אַ לייטישן וויץ, אַ משל, זיך געחנדלט, געדרויטלט כלה־מיידלעריש און געשמייכלט אַ רייף־ווייבערישן שמייכל...

איינער איז געווען „משה גוי". אַן עם־הארץ מיט אַ למדנישער, גע־דיכטער, רויטער באָרד; אַ באַלעבאָס פון אַ צוויי־שטאָקיקן מויער, וועלכער פאַרקערט אַליין יעדן טאָג, אַפילו אום שבת, מיט אַ גרויסן בעזים די גאַס; אַ רויטער ייד, מיט אַ רויטן קאַרק, מיט רויטע דיקע עולם־הזה־ליפּן. פיר ווייבער האָט ער שוין באַגראָבן. ביי זייער לעבן פלעגן זיי זיך אַלע באַ־קלאָגן, אַז ער קנייפּט זיי ביינאַכט, שטיקט זיי און רייסט פון זיי שטיקער. איצט זוכט ער אַ פינפטע ווייב. און כאָטש גיטעלע „שטשאַק" איז זיכער, אַז זי וואָלט שוין אים באַגראָבן, פון דעסטוועגן האָט זי מורא צו ריזיקירן...

דער צווייטער איז געווען אַ מעקלער. אַ ייד אַ חלוש און דערצו גע־בריכט. ער האָט אַפילו כסדר געגעבן אָנצוהערן, אַז ביי אים וועט אַ ווייב האָבן אַ גן־עדן. נאָר די אלמנות, זעענדיק זיין זעצן זיך, זיין אויפהייבן זיך און זיין געגעלע, האָבן אים דעם גן־עדן מוחל געווען.

דער דריטער איז געווען אַ שדכן, וועלכער האָט אויף דער עלטער גע־וואָלט רעדן אַ שידוך זיך אַליין. אַלע האָבן טאַקע מסכים געווען מיט אים, אַז ער דאַרף נעבעך אַ ווייב, זי זאָל אים אָפּקאָכן אַ לעפל וואַרעמס, אויס־וואַשן אַ העמד, פאַרצערעווען אַ פּאָר שקאַרפּעטן און אָננייען אַ קנעפּל.

אָבער ביי זיך האָבן זיי געטראַכט: „איידער צו ווערן אַ דינסט ביי אַ זקן, אַן אָרעמאַן, איז שוין גלייכער צו פאַרזיצן ביי באַשקעס טיש"...

און כאָטש קיין איינע פון די אלמנות איז, ביי באַשקען אין שטוב, נישט געהאָלפן געוואָרן, האָט דאָך באַשקעס שטוב געגאָלטן אַלס מזלדיקע: ווער עס קומט אַהער, מוז סוף־כּל־סוף קריגן אַ גוטן שידוך. גוטע שידוכים האָבן טאַקע אייניקע געקראָגן, ערגעץ אַנדערש, נישט דאָ, אָבער עס האָט געהייסן „אין זכות פון באַשקעס שטוב"... אַ „מיטגליד פון קלוב פון די אלמנות"...

נאָר אַ מאָדנעם מזל האָט באַשקעס שטוב געהאַט: ווער פון די אַל־מנות עס איז געהאָלפן געוואָרן, האָט זיך שוין מער אַהער נישט באַוויזן... זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן מיט זייער גליק און אויסגעמיטן אָנצוקוקן דאָס הויז פון זייער נעכטיקער נויט, ווי דאָס וואָלט געווען דאָס הויז פון זייער נעכטיקער שאַנד. אַפילו אויף איר חתונה האָט זי אירע נעכטיקע גורל־חברטעס נישט געבעטן.

אין „קלוב" איז מען געווען פאַרביטערט אויף אַזעלכער. מען האָט זי באַרעדט. די לשון־הרעס זענען דערגאַנגען צו דער געהאָלפענער, האָט עס איר אָנגעצונדן. האָט זי באַשלאָסן צו רייצן זיך, „אויסצושטעכן די אויגן". דאַן האָט זי זיך אָנגעטאָן אין „עסיק און אין האָניק" און דעמאָנסטראַטיוו אַדורכגעפּאַראַדירט דאָס געסל, פאַרביי באַשקעס פענצטער... — „קוקט און ווערטס צעזעצט!"...

איז מען טאַקע שיעור צעזעצט געוואָרן און די שנאה האָט זיך נאָך שטאַרקער צעפלאַקערט.

אַזוי איז געווען מיט רוזשעלען, וועלכע האָט חתונה געהאַט מיטן אַפּ־טייקער, אַזוי איז געווען מיט פעשע־טריינען, וועלכע האָט חתונה געהאַט מיט אַ קצב און אַזוי איז איצט מיט קריינדעלען, וועלכע האָט חתונה גע־האַט מיט אַ געוועזענעם קאַניוך און אַ היינטיקן „פּאָדריאַדטשיק". אָט נעכטן האָט מען זיך נאָך דערציילט די אינטימסטע ווייבערישע סודות פון „היינ־טערן פאַרטוך", און היינט איז מען זיך דם־שונאים. פאַר לייטן, „מיקלאָמ־פערשט", הייסט עס, אַז מען האָט צו זיך גאָרנישט, פאַרקערט, אדרבה. אָבער ביי זיך אין האַרצן טראַכטן זיי אויך „פאַרקערט... אדרבה!"...

אַממערסטן פאַרביטערט און באַליידיקט איז באַשקע:

— נו, זאָגט אַליין: פאַרוואָס קומט עס מיר? וואָסער שלעכטס האָב איך זיי געטאָן? אָט זעט די באַצאָלונג פאַר מיין גאַסטפריינדלעכקייט! זעט, ווי זי דרייט עס אויס דעם קאָפּ און וויל אַפילו נישט קוקן אין מיין זייט!

— באַשקע, זי איז אַ פּאַסקודסטווע! הערט וואָס איך זאָג אייך! איר וועט זען, דער מאַן אירער וועט נאָך פון איר אויך אָפּדרייען דעם קאָפּ...

און אַלע פאַרזיכערן באַשקען, אַז עס איז „פע! פוי! און טפו!" און אַז זיי זענען נישט אַזוי ווי יענע...

איינע איז טאַקע אַנדערש געווען, אָבער טאַקע נאָר איין־און־איינציקע. דאָס איז געווען מייטל די גראָבע, מייטל די לאָכערקע.

***

מייטל די גראַבע האָט געלאַכט. מיט מייטלען האָבן מיטגעלאַכט אַלע ווייבער אין „הויז פון די אלמנות". זי האָט געלאַכט פון אירע אייגענע עגמת־נפשן, זיך געוויצלט איבער אירע אייגענע צרות און אַלע האָבן גע־האָט פולע אויגן מיט טרערן פון געלעכטער. ביי מייטלס אַ פריילעכער מעשהלע, האָבן זיך די ווייבער פאַרקייכט און ספּאַזמאַטיש געקוויטשעט: „מייטל, הערט־אויף! באַלד וועט ביי מיר געשען אַ קאַטאַסטראָפע...". אין אַז מייטל האָט אויפגעהערט, האָט מען איר תיכּף גענומען בעטן: „נו, מיי־טעלע, ווייטער?...".

מייטלס מזל איז, אָבער, גאָרנישט געווען קיין לאַכעדיקער. אין איר איינזאַמען צימער ביינאַכט, טראַכטנדיק אַז זי וועט שוין אַזוי אָפּוועלקן אירע יאָרן, האָט זי גאַנץ אָפט הייסע טרערן געשלונגען. די ערשטע יאָרן פון איר אלמנהשאַפט, האָט זי נאָך געהאָפט, פאַנטאַזירט. איצט לעשט זיך די האָפענונג און ס'טונקלט די פאַנטאַזיע. אירע חברטעס פון אַמאָל „לעבן און לאַכן". אויף איר קוקן זיי מיט רחמנות און מיט ביטול. זי פילט זיך דערנידעריקט און פאַרשעמט. עס גייט איר שוין נישט אַזוי אין גליק, ווי אין רעהאַביליטירן איר פאַרשעמטקייט. זי וואָלט געוואָלט, אַז כאָטש אויף איין טאָג זאָל דאָס מזל איר אויפשיינען. כאָטש איין מאָל, אַן „אויסגע־שטראַנצלטע" אַדורכפּאַראַדירן די גאַס, דרייען מיטן הינטן, ווי קריינדעלע, און די שטאָט זאָל איר מקנא זיין... אויף צומאָרגנס מעג זיך פון אַלץ אויס־לאָזן אַ בוידעם. עס מעג אַלץ פאַרברענט ווערן צוזאַמען מיט איר. אָדער זי וועט פאַרשווינדן ערגעץ, ווי אַ שטיין אין וואַסער. נאָר איין מאָל זאָל מען כאָטש מיינען, אַז זי איז שוין ענדלעך געהאָלפן געוואָרן, אַז זי איז גליק־לעך... פאַר אַלע אירע פאַרשעמטע אלמנה־יאָרן — כאָטש איין טאָג, אירע „פריינדינס" די אויגן „אויסצושטעכן", פאַר זייער ביטול און רחמנות, זאָלן זיי פּלאַצן פון קנאה!...

און פּלאַצן פון קנאה, האָט זי געוואָלט עס זאָלן יענע, פון די הויכע פענצטער מיט וואַזאָנען און געבלימלטע גאַרדינען... זי האָט, חלילה, נישט געמיינט אירע גורל־שוועסטער פון באַשקעס שטוב.

און דעם טאָג האָט מייטל דערלעבט... —

מייטל איז געפאָרן קיין וואַרשע, צו אַ ווייטער קרובה אין גאַסט. דאָרט האָט מען איר פאָרגעשלאָגן דעם שידוך. אַ ייד מיט אַ צוואַנציקער עלטער פון איר. אַלע זיינע קינדער — אויסגעגעבן. נישט קיין גביר און נישט קיין אָרעמאַן. מאַכט נאָך שיין פּרנסה און האָט נאָך עפּעס אין באַנק. צו מייט־לען איז ער צוגעפאַלן, ווי אַ לאַטקע צו אַ פאַטעלניע. ער וועט זי באַשוכן און באַקליידן, עס וועט אים גאָרנישט זיין צו־טייער פאַר איר. וואָס איר מויל וועט נאָר אַרויסרעדן, איז ער גרייט איר צו שאַפן. אַ יידל אין די זיבעציקער, נאָך גאַנץ קרעפּקע און זשוואַווע. די אויגן זאָגן נאָך עפּעס צו.

פון דעסטוועגן האָט נאָך מייטל אין שפּאַס געפּרוווט:

— זאָגט דעם אמת... און איר דאַרפט נאָך טאַקע אַ ווייב?...

דער ייד האָט געשטאַמלט:

— כ׳מיין... כ׳ווייס... אפשר... עס קען זיין... איר פאַרשטייט: שוין לאַנג אַליין... נישט געטראַכט דערוועגן, ווייס איך נישט... אָבער לא טוב להיות אדם לבדו... איך וויל האָבן אַ פריינט. געזונט ברוך השם בין איך... פרנסה איז דאָ, אין באַנק אויך... איך קען נאָך אויסהאַלטן אַ משפּחה! איך קען זיך, הייסט עס, דערלויבן... איך פאַרזיכער אייך, אַז פעלן וועט אייך ביי מיר, חלילה, גאָרנישט...

די ווייטע קרובה האָט מייטלען צוגערעדט. דער „חתן" איז פון איר נישט אָפּגעטראָטן. זיי האָבן איר אַפילו נישט געגעבן די מעגלעכקייט צו באַוויינען איר מזל: קוים פופציק יאָר איז זי אַלט און פול מיט לעבן. אַ נישט אויסגעלעבטע אין די עלנטע אַלמנה־יאָרן, איז זי פול מיט בענקשאַפט און באַגער. אָבער דאָ מוז זי אַלץ אין זיך אָפּטויטן, דערשטיקן און אַוועקגיין, נאָך ערגער ווי אין אַ מאָנאַסטיר! אין אַ קלויסטער איז מען כאָטש אַליין, טראַכט מען נישט. און דאָ וועט זי דאַרפן ליגן נעבן אַ „כ׳מיין", אַ „כ׳ווייס", אַן „אפשר"... ליגן האַלבע נעכט וואַך, הערן ווי ער קרעכצט און פּילן, אַז דאָס בלוט ברענט אין איר אויס, ווי דער נאַפט אינעם נאַפּט־לאָמפּ...

אָבער אַז מייטל האָט זיך דערמאָנט אָן אירע „פריינדינעס", די גליקלעכע גבירטעס פון שטאָט, האָט זי ווידער אַ טראַכט געטאָן:

„כאָטש איין טאָג, אַז די שטאָט זאָל מיינען... איין מאָל נאָר אַדורכפּאַראַדירן די גאַס. זאָל מען מיך אָנקוקן און זען, אַז איך בין געהאָלפן געוואָרן. איין־און־איינציקן טאָג און" — — —.

מייטל האָט געשטעלט באַדינגונגען: אַ קאָטיקענעם (פאָקענעם) מאַנטל, אַ זילבער־פוקס, אַ גאָלדענעם בראַסליעט, אַ ברילִיאַנטן רינגל, דימענטענע אוירינגלעך, קליידער לויט דער לעצטער מאָדע און אַ פּאָר הונדערט זלאָטעס אויף צום צעטיילן נדבות. צומאָרגנס נאָך דער חתונה, וועט זי פאָרן צו זיך אין שטאָט, ליקווידירן אירע זאַכן און געזעגענען זיך מיט אירע פריינט.

דער „חתן" איז אויף אַלץ מסכים געווען. ער האָט אַפילו צוגעגעבן דאָס, וואָס מייטל האָט נישט געבעטן: אַ העלפט געלט אין באַנק איבערגעשריבן אויף איר נאָמען, פריש אויסרעמאָנטירט די וווינונג, איינגעקויפט ניי מעבל, ניי בעטגעוואַנט און נייעווירטשאַפט־כלים.

די זעלבע וואָך האָבן זיי געשטעלט די חופה.

**
*

און גאָט האָט מייטלען דערפריידט... און מייטל האָט דערלעבט אי׳ אויסגעחלומטן טאָג... ווי קריינדעלע, אַמאָל, האָט זי איצט פּאַראַדירט אין דער גאַס, געוויגט זיך, געבלאָזן זיך ווי אַ פּאַווע און זיך געדרייט אויף די נייע קאָרקעס...

טיר און פענצטער האָבן זיך צעפּראַלט און איבעראַשטע פּנימער האָבן איר נאָכגעקוקט, אומעטום האָט מען גערעדט:

— מייטל האָט געטאָן אַ גליק־שידוך אין וואַרשע!...

— מיט אַ פאַבריקאַנט, אַ מיליאָנער, זאָגט מען!...

— אָט אַ מזל, נו!... ווער וואָלט זיך עס אויף מייטלען געריכט?...

— איר ווייסט דען, וויפל געלט זי האָט היינט צעטיילט? פאַרן בית־יתומים, פאַרן מושב־זקנים און גלאַט אָרימעלייט. זי האַלט נאָך אין איין טיילן!...

— זי האָט דאָך אירע זאַכן אויך צעטיילט... איר ביסל מעבל, אירע קליידער, דאָס געשיר, אַלץ!... זי דאַרף עס, זאָגט זי, גאָרנישט. זי האָט דאָרט לוקסוס...

און אַז אירע אַמאָליקע רייכע „פריינדינעס" האָבן מייטלען „גאָר פריינדלעך" איינגעלאַדן אויף אַ גלעזל טיי, איז זי געגאַנגען צו זיי געגאַנגען. דאָרט האָט זי, מיט שטאָלץ, באַוויזן איר מאַנס פאָטאָגראַפיע פון מיט אַ צוואַנציק יאָר צוריק, קאָקעטירט מיט איר צירונג און דערציילט, אַז ער איז אַ שותף צו דריי גרויסע פאַבריקן... ער טראָגט זי אויף די הענט און ער חלשט נאָר, אַז זי זאָל אים האָבן אַ קינד... ער וויל אַ יורש...

און אַז די חברטעס זענען געוואָרן רויט און בלאַס פון קנאה, האָט זיך מייטל, אַ צופרידענע, אויפגעהויבן פון אָרט:

— נו, איך מוז שוין גיין... איך האָב היינט אַ סך וויזיטן אָפּצוגעבן... און איך מוז דאָך מאָרגן צוריקפאָרן צו מיין מאַן... מ יי נ ע ר איז אומרואיק, ער בענקט...

גאַנץ אַנדערש, אָבער, האָט זיך מייטל געהאַלטן ביי באַשקען, אין „הויז פון די אלמנות". זי האָט קודם־כל, מיט די משרתים פון די געשעפטן, אַריינגעשיקט אַ פּאָר טאָרטן, וויין, קאָנפעטן און פרוכטן. און אַז זי איז געקומען, איז שוין דער טיש געווען יום־טובדיק באַשטעלט און די „קלוב"־ווייבער האָבן געוואַרט מיטן ברייטן „מזל־טוב".

מייטל האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם קאָטיקענעם מאַנטל, דעם הוט מיטן וואַל, דעם האַנט־בייטל און די האַנטשו און איז שטיין געבליבן אין זיידענעם קלייד, לויט אַ לעצטן פּאַריזער מאָדע־זשורנאַל. די ווייבער האָט עס דעם אָטעם פאַרהאַקט און זיי האָבן אַזש דעם „מזל־טוב" נישט געקענט אַרויסברענגען.

„נישט שוין־זשע איז דאָס אונדזער מייטל?... נישט שוין־זשע, אַז אַ וויסטע אלמנה ווערט געהאָלפן, קען זי אַזוי געענדערט ווערן אין משך פון איין טאָג?!... וועל איך עס אויך דערלעבן? וועל איך נאָך אויך אַזוי אויסזען? — — — ".

מייטל האָט געבליצט מיט די אויגן, מיטן גאַנצן צירונג און געלאַכט... געלאַכט, אַזוי ווי מייטל קען לאַכן...

— נו, וואָס שטייט איר פון דער ווייטנס שוועסטערלעך?... מייטל

איז געבליבן מייטל... די זעלבע מייטל וואָס געווען... גיט אַהער די פּיס־קעס!...

צום ערשט האָט זי זיך צעקושט מיט באַשקען. געראָטן איר חתונה צו האָבן מיט וולאַדאַווסקין, ווייל החתונה האָבן איז פאַר אַן אלמנה אַ גוטע זאַך... נאָכדעם האָט זי זיך צעקושט מיט רייצען. מיט ציטעלען „שטשאַק״, מיט יענטען, מיט הינדען און נישט פאַרגעסן, צו געבן זיי מתנות פאַר זייערע קינדער...

— אוי, מזל־טוב אייך מייטעלע, אַ מזלדיקן לעבן זאָלט איר האָבן!

— איר זענט ווערט אייער גליק. און עס איז שוין צייט...

— מערצעשעם ביי אייך, שוועסטערלעך... שוין פאַר אייך אלע צייט!... נישט געזאָרגט. יעדע פון אייך וועט דערלעבן איר ליכטיקן טאָג!...

— אוי, מייטעלע, מייטעלע!...

אַלע ווייבער האָבן געמוזט אָנמעסטן איר קאָטיקענעם מאַנטל, איר הוט מיטן וואָל, די האַנטשו, דעם טאַש, די דימענטענע אוירינגלעך, דאָס רינגל און זיך שטעלן אַנטקעגן שפּיגל מיט פאַרצויגענע ליפּלעך און „גליק״־שמייכעלעך... דערביי האָט קיינע נישט פאַרפעלט צו געבן אַ דריי מיטן פאָדערשטן און הינטערשטן טייל, אַזוי ווי קריינדעלע האָט זיך עס געדרייט... נאָכדעם ערשט, האָט מען זיך געזעצט צום טיש.

— מייטעלע... עס זענען נאָך דאָ אַ סך אַזעלכע אַלמנס אין וואַרשע?...

— ווי די הינט זענען זיי דאָ... יעדע פון אייך דאַרף זיך אַמאָל אַדורכלופטערן קיין וואַרשע, וועט זיך שוין עפּעס מאַכן... — האָט מייטל געלאַכט.

אָבער נאָכן לחיים און נאָך די מזל־טובס, האָט זיך די תמיד לאַכנדיקע מייטל, צום ערשטן מאָל זינט זיי קענען איר, אומעטיק פאַרטראַכט. פאַרטראַכט און אַ פּערלמוטערנע טרער איז איר געבליבן הענגען אויף דער וויע.

די ווייבער האָבן זי אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט, איבעראַשט:

— וואָס איז, מייטעלע? אפשר איז עפּעס נישט אַזוי?...

— ניין, שוועסטערלעך... עס איז מיר גוט...

— נאָר וואָס־זשע דען?

— איר וועט לאַכן פון מיר... איך בענק נאָך אייך... אַהער צום „קלוב״... דאָרטן, אין רייכטום, וועל איך נאָך מערער בענקען... זיך צוגעוווינט צו אָרעמקייט און צו אונדזער אַלעמענס נויט... שווער זיך אָפּצוגעוווינען און צו פאַרדייען דאָס... דאָס גליק...

— אוי, מייטעלע, צו גוטס געוווינט מען זיך זייער שנעל צו...

— אַז מען איז צו־לאַנג אַן אלמנה, איז שוין שפּעטער שווער גליקלעך צו זיין...

די ווייבער האָבן עס נישט באַנומען. מייטלס געלעכטער איז פאַר זיי פאַרשטענדלעכער געווען... מייטל האָט זיך טאַקע באַלד ווידער צעלאַכט און די שטימונג איז געוואָרן אַ הייטערע...

מייטלען האָט זיך פאַרגלוסט צו שפּילן דאָמינאָ, לאָטאָ. די ווייבער האָבן עס נישט גערן געוואָלט. זיי האָבן איצט בעסער געוואָלט הערן דער־ציילן וועגן וואַרשעווער גליקן... אָבער מייטל האָט זיך איינגעעקשנט: דאָס לעצטע מאָל וויל זי מיט אירע חברטעס שפּילן די אלמנות־שפּיל, ביי וואָס זיי האָבן אַזוי פיל אָוונטן פאַרבראַכט...

האָבן זיי איר צוליב־געטאָן און אַריינגעשפּילט ביז שפּעט אין דער נאַכט־אַריין.

יענע נאַכט איז מייטל געבליבן שלאָפן ביי באַשקען.

צומאָרגנס זענען פאַרפאָרן דריי דראָשקעס צו באַשקעס שטוב און דער גאַנצער „קלוב פון אלמנות" האָט זיך אויפגעזעצט, באַגלייטן דער גליקלע־כער מייטלען צו דער וואַרשעווער באַן.

# איך האָב אָנגעווירן אַזאַ ליבע...

איך — אויף אַ שיפעלע,
דו — אויף אַ לאָדקע.
מיר — אַ שיין מיידעלע,
דיר — אַ טשיכאָטקע!...
טראַלאַלאַלאַ
טראַלאַלאַלאַ...

קיין שיפעלעך זענען, אייגנטלעך, אויפן שמאָלן טייך מוכאוויעץ נישט געווען בנמצא, אַלע האָבן מיר זיך געוויגט אויף לאָדקעס. און ווער מיר „טשיכאָטקע"? אַלע אונדזערע מיידלעך זענען געווען גוטע, פריילעכע און איינע שענער פון דער אַנדערער. איבערהויפט די, וועלכע מ'האָט שוין אויף לאָדקעס גענומען און זיך אַוועקגעלאָזן מיט זיי איבערן שמאָלן, טונקעלן מוכאוויעץ. אָבער די שענסטע פון זיי אַלע איז, אין מיינע אויגן, געווען אסתרקע, מיין אסתרקע... ווי אַ רויז צווישן דערנער האָט זי מיר אויסגעזען, מיין אסתרקע המלכה, צווישן די שענסטע מיידלעך פון שטאָט...

אין די אָוונטן איז דער מוכאוויעץ צעוויגט מיט צענדליקער לאָדקעס, ווי די אַלעען פון „קייסער־סאָד" — מיט שפּאַצירנדיקע פּאָרלעך. עס כליפּען מאַנדאָלינעס, עס קלאָגן גיטאַרעס, עס רופן צענקענדיקע פייפיאַלן און מויל־האַרמאָשקעס און געטוליעטע פּאָרלעך לאָזן זיך הערן אין דער נאַכט אַריין מיטן ליד:

עס דרימלט דאָס שטעטל,
די לאָדנס — פאַרמאַכט.
אָ, קום צו מיר, געליבטע,
אין דער פינצטערער נאַכט! — — —

די „פינצטערע נאַכט" איז דווקא אַ ליכטיקע, מיט צוויי אייסגעשטערנטע הימלען און מיט צוויי לבנות. און די געליבטע דאַרף נישט ערשט קומען, וואָרעם זי זיצט דאָך נעבן אים אַ געטוליעטע און זינגט מיט אים צוזאַמען דאָס זעלבע ליד... די לבנה וואָס אין וואַסער ווערט כסדר צעשניטן מיט וויאָסלעס און זי צעגיסט און צעריזלט זיך, קוועקגאָלדיק איבער דער ברייט פון צעכוואַליעטן טייך. די שטערנדלעך אָבער, וויגן זיך, ווינקען און רייצן און בלייבע, צאַרטע הענטלעך פליעסקען אין טונקל־גרינעם וואַסער,

צו כאַפּן כאָטש איין שטיפּעריש שטערנדל אַזאַ... אַנשטאָט אַ שטערנדל פון וואַסער, כאַפּט זי אַ קוש פונעם בחור. עס הילכט־אָפּ אַ פּעטשל, אַ קוויטש און אַ לאַך און —

עס דרימלט דאָס שטעטל,
די לאָדנס — פאַרמאַכט...

פון איין זייט טייך דערהייבט־זיך אַ זאַמדיקער ברעג, אַ באַשאָטענער מיט קליינע הילצערנע שטיבעלעך. וואָס ווייטער אַרויף — צעפינקלען זיך די טויזנטער עלעקטרישע פייערלעך פון דער שטאָט. דער צווייטער ברעג איז אַ הויך־גראָזיקער, אַ צעקוואַקעטער פון כאָרן פרעש. דער ברעג איז באַזוימט מיט געדיכטע קוסטן און ברייט־צעצווייגטע, באַבלעטערטע פעלד־ביימער, וואָס מאַכן טונקעלער די נאַכט אַרום זיך. און ווייטער ציען זיך אַוועק פאַרזייטע פעלדער און לאָנקעס ביז צו קוטעלנע און ביז צו טערעס־פּאָלע.

אָפּט שווימט־צו אַ לאָדקע צו אָט דעם ברעג. מען בינדט זי צו צו אַ בוים און מען לאָזט זי זיך וויגן אַ פּוסטע אויפן וואַסער. דאָס פּאָרל באַ־האַלט זיך אין די טיפע קוסטן, אין הויכן, פייכטן גראָז, ווו זיי פּילן נישט ווי מחנות בייזע קאָמאַרן בייסן און שטעכן זייערע לייבער.

פון אַנדערן ברעג דערטראָגט זיך אָפּט אַ געשריי פון אַ מאַמע:

— שרה־לאה! שוין זאָלסטו אַהיימגיין! איך וועל דיר די קודלעס האָר אויסרייסן! שרה־לאה! פון שטוב אַרויסטרייבן! שרה־לאה!!! — — — — —

דאָס מיידל פאַרשטעקט זיך נאָך טיפער אין די קוסטן. דער בחור פאַרשטעלט זי מיט זיך. ער פאַרשטעלט זי פאַר דער מאַמען, פאַר דער נאַכט, פאַר דער גאַנצער וועלט. די מאַמע רופט פון איין זייט טייך. די טונקעלע קוסטן, אויפן צווייטן ברעג, שווייגן. נאָר די פּוסטע לאָדקע, וואָס וויגט זיך אויפן וואַסער, מסורט: יאָ, יאָ... דאָ זענען זיי... אין די טונקעלע קוסטן האָט זיך דאָס פּאָרל באַהאַלטן...

און פון דער פּוסטער לאָדקע שרייט מער אַרויס די זינד, ווי פון די שטומע קוסטן אויפן טונקעלן ברעג.

שפּעטער קומט די טאָכטער אַ צעפלאַמטע אַהיים. זי שווערט זיך מיט בלערליי שבועות, אַז נישט ביים מוכאַוויעץ איז זי געווען, נאָר אין „קיי־סער־סאַד". דער טאַטע זעט אָבער די צעקנאָדערטע בלוזקע, דאָס פון גראָז פייכט־פאַרגרינטע און צעקנייטשטע קליידל און ער ציט אַראָפּ דעם רימען פון די הויזן. די מאַמע דערקעגן, וועלכע האָט פריער געדראָט מיט אויס־רייסן די קודלעס האָר פון קאָפּ און פון שטוב אַרויסטרייבן, — זי גיט זיך איצטער, פלוצלינג, אַ שטעל אַוועק צווישן דער טאָכטער און דעם מאַן:

— רוצח! וואָס ווילסטו פון קינד? עפּעס אַ גרויסן נדן האָסטו פאַר איר אָנגעגרייט? קוק אָן אַ מויד, קיין עין־הרע! איך, אין אירע יאָרן, האָב דאָך שוין קינדער געהאַט! וועגן אַ תכלית גיב אַ טראַכט! אַ שידוך גיב אַ־ר, נישט קיין פּאַסעק! קיין יידישע טאָכטער וועסטו אין קיין קלויסטער נישט פאַרשפּאַרן!

דער טאַטע קערט זיך אָפּ מיטן רימען ברומענדיק בייז. אָבער אין האַרצן ווייסט ער, אַז דאָס ווייב איז גערעכט. אויף דער טאָכטער איז, נעבעך, אַ רחמנות. מען דאַרף זי צודעקן דעם קאָפּ.

די מאַמע טוט דאַן אַ שטויס די טאָכטער צום טיש:

— לויף, לויף! לויף אַרום מיט די יונגען גאַנצענע נעכט! צום גרויסן נדן וואָס דו האָסט, דאַרפסטו נאָך באַרעדט ווערן אויך, די יונגען ווען דיך אויסנוצן און שפּעטער מיידן פון דיר, וועסט פאַרזיצן ביזן גרויען צאָפּ!

אַזוי מוסרנדיק, דערלאַנגט זי אַ שטעל אַוועק אויפן טיש, פאַר דער טאָכטער, אַ טעפּל קאַלטן זויערמילך מיט אַ שטיק ראַזעוואַנעם ברויט:

— פרעס!

די טאָכטער שלינגט מיט אַפּעטיט פון ליימענעם טעפּל. דאָס קאַלטע זויערמילך לעשט אָבער נישט די פלאַמען אויף איר געזיכט, די פייערלעך אין די אויגן און דעם דורשט אין יונגן האַרץ. — — —

שבת שפּאַצירט אַרויס די יוגנט אויפן וועג קיין טערעספּאָלע. מען גייט איבער דער בריק וואָס הענגט אויף יענעם אָרט, ווו דער מוכאַוויעץ פאַלט אַריין אין בוג. מען זעט דאָ דייטלעך די באַזונדערע שטראָמען, די ליימיק־געלע און שליימיק־גרינע וואַסערן פון ביידע טייכן, וואָס גיסן זיך שוימיק צוזאַמען. אויף אָט דער בריק בלייבט מען שטיין פאַרטראַכט:

„דער מוכאַוויעץ פאַלט אַריין אין בוג, דער בוג פאַלט אַריין אין דער ווייסל און די ווייסל פאַלט אַריין אין באַלטישן ים. פון דאָרטן גייען־אָפּ שיפן אין דער גרויסער, ווייטער וועלט אַריין: קיין אַמעריקע, קיין קאַנאַדע, אַר־גענטינע, קובאַ, בראַזיל. אַ סך חברים און פריינט האָבן שוין אין יענע לענ־דער עמיגרירט, זיך דאָרט „אויסגעגרינט" און געוואָרן לייט. איצטער שיקן זיי שוין „לעטערס", „פּיקטשעס" און דאָלאַרן. זיי שרייבן אַז זיי זענען „גע־מאַכטע מענטשן" און זיי מאַכן אַ לעבן „אָל־רייט"... — זיפצט מען פון דער הויכער בריק צום טיפן טייך אַראָפּ: נישטאָ קיין אויסזיכט און קיין צו־קונפט פאַר דער יידישער יוגנט אין דער פּראָווינץ־שטאָט. בחורים האָבן נישט ביי וואָס די הענט צו צענעמען, די יונגע כוחות, די ענערגיע אויס־צולאָדן. די מיידלעך זופן זיך אָן פולע בייכער מיט ראָמאַנען און טרוימען וועגן אַ נדן וואָס אַ פעטער פון אַמעריקע וועט אַריינשיקן. זייער פריע יוגנט איז שוין צעטרעוואָגעט מיט דער געפאַר צו פאַרזיצן ביזן גרויען צאָפּ. דער העלסטער טרוים איז אויסצווואַנדערן. עמיגרירן אין איינער פון יענע ווייטע, אומבאַקאַנטע גאָלדענע מדינות, ווו מען אַרבעט זיך שנעל אַרויף, מען ווערט אַ „געמאַכטער מענטש" און מען איז „אָל־רייט. טאַטעס און מא־מעס שרייבן בריוו צו זייערע ווייטע קרובים און בעטן אַ שיפסקאַרטע, אַן „אַפידייוויד". מאַנאַטן לאַנג קוקן זיי אויס דעם בריוועטרעגער מיטן לאַנגן אַמעריקאַנישן קאָנוווערט... — — — די זיסע כוואַליעס פון בוג כאַפּן־אויף געזאָלצענע טרערן און טראָגן זיי אַוועק ווייט־ווייט, אַזש ביז צו די פיס פון דער פרייהייטס־סטאַטוע, ביים ברעג פון קאָלומבוסעס מדינה — — — ".

פון אָט דער בריק ציט זיך אַוועק דער געדרייטער, ברוקירטער שאָסיי

ביז טערעספאָלע. לענגאויס דעם שאָסיי, אין דער רעכטער זייט, שלענגלט זיך אַ גרין־פאַרשימלטער וואַסער פון אַ קינסטלעך־געגראָבענעם שטייענדיקן טייך, וואָס רינגלט אַרום די רויטע מויער־וואַנט פון דער פעסטונג. אין די טויערן און נישעס פון דער מויער־וואַנט זיצן באַוואָפנטע זעלנער און קוקן צום שאָסיי. עס איז שווער צו וויסן, וואָס זיי קוקן אויס, די זעלנער: דעם שונא, וועלכער געפינט זיך הונדערטער קילאָמעטער ווייט פון דאַנען? אַ פרייען שפאַציר צו זיך אַהיים? אַ פלעשל „וודקאַ“, אָדער אַ באָרוועסע שיקסע? — זייערע פאַרבענקטע בליקן זענען ווי די בליקן פון אַרעסטאַנטן, דורך תפיסה־קראַטן.

לינקס פון שאָסיי איז אַ טיפער, האָסטיקער באַרג־אַראָפ צו די זומפיקע לאָנקעס. פון דאָרטן טראָגט זיך אַ כאָראַלער קוואַקען פון פרעש און דאָס פיילן פון פעלד־גרילן.

אָט אויף דעם שאָסיי איז געשען מיט מיר דער מיאוסער פאַל, צוליב וועלכן איך האָב אָנגעווירן מיין ערשטע ליבע.

* * *

איך בין שוין געווען אַ זיבעצניעריקער בחורעץ, אָבער מיט קיין מיידלעך האָב איך נאָך נישט שפאַצירט. פאַר מיידלעך האָב איך זיך נאָך געשעמט, נישט געוווסט וואָס און ווי צו רעדן מיט זיי און זיך גערויטלט, ווען זיי האָבן גערעדט צו מיר. באַזונדערס האָט מיר געקלאַפט דאָס האַרץ, ווען אסתרקע האָט גערעדט צו מיר. אסתרקע איז געווען די שענסטע פון מיינע שוועסטערס אַלע חברטעס. אַ נידעריק־וווקסיקע, אַ פולינקע, אַ פולכנע, מיט שוואַרצע, גלאַנציקע האָר און נאָך שוואַרצערע, גלאַנציקערע אויגן. אַ נעזל האָט זי געהאַט אַ פאַריסנס און אַ פאָר דיקלעכע, זאַפטיקע ליפלעך. איר געלעכטערל איז געווען אַ קלינגענדיקס און דערביי פלעגן די חן־גריבעלעך אין די פולע פאַררויטלטע בעקלעך נאָך טיפער און חנעוודיקער ווערן. אַמאָל האָט אסתרקע אַ בליק געטאָן צו מיר, אַן אומדרייסטן שמייכל. און נישט איין שלאָפלאָזע נאַכט האָב איך שפעטער געהאַט צוליב אסתרקעס ווייכן, סאַמעטענעם בליק, צוליב אסתרקעס כישופדיקן שמייכל. אין חלום בין איך געווען דרייסטער, געוואַגטער: אין חלום האָב איך געהאַט דעם מוט אָנצונעמען אסתרקען ביי דער האַנט און, ווען זי לאָזט אַראָפ שעמעוודיק אירע אייגלעך, זאָגן איר איין איינציק וואָרט:

— אסתרקע...

און דאָך האָב איך מיט אסתרקען פאַרפירט אַ ליבע. געשען איז דאָס אַזוי:

אין אַ שבת־צו־נאַכטס איז זיך אסתרקע פאַרזעסן ביי אונדז אין שטוב זייער שפעט. מיר האָבן דאַן געוווינט אין איין עק שטאָט, נעבן די באַן־ליניעס און אסתרקע — אין צווייטן עק שטאָט, האַרט ביים מוכאַוויעץ. אסתרקע האָט געזאָגט, אַז זי האָט מורא אַליין אַהיימצוגיין. דערביי האָט זי געקוקט צו מיר מיט בעטנדיקע אויגן. מיין שוועסטער האָט עפעס איינ־

גערוימט מיין מאַמען אין אויער אַריין און מיין מאַמע האָט זיך צו מיר אָנגערופן מיט אַ שמייכל:

— איצעלע, אפשר וועסטו באַגלייטן אסתרקען אַהיים?

— אויב אסתרקע וויל... — האָב איך געענטפערט פּילנדיק, ווי מיין געזיכט פייערט מיר ווי אַ רויט־צעגליטער, געכשרטער טשוהון...

מיר זענען געגאַנגען איבער די נאַכטיקע, פּוסטע טראָטואַרן שווייגנדיקע. כמעט אַ העלפט וועג האָבן מיר אָפּגעשוויגן. אסתרקע האָט זיך די ערשטע אָפּגערופן:

— פאַרוואָס גייט איר אַזוי ווייט אָפּגערוקט פון מיר?...

— איך? איך האָב זיך פאַרטראַכט... — האָב איך זיך שעמעוודיק צוגערוקט נענטער, כמעט זייט ביי זייט.

— און פאַרוואָס שווייגט איר די גאַנצע צייט?... פאַרוואָס זאָגט איר מיר גאָרנישט?...

איך האָב נישט געוווסט וואָס צו זאָגן. האַלטנדיק די הענט אין די הויזן־קעשענעס, האָב איך זיך דאָרט געקנייפּט דאָס לייב פון פאַרדרוס, וואָס איך ווייס נישט ווי צו רעדן מיט אַ מיידל. איך האָב שוין געטראַכט נאָכצופלאַפּלען דעם דיאַלאָג פון אַ געלייענטן ראָמאַן. יענער דיאַלאָג, אָבער, איז געווען פון אַ רייפער, פלאַמיקער ליבע צווישן אַן אַלטן גענעראַל מיט אַ יונגער אלמנה און האָט זיך אַהער גאָרנישט געפּאַסט...

— שטענדיק ווען איך קום צו אייך, לייענט איר ביכלעך און אויף מיך קוקט איר אַפילו נישט... — האָט אסתרקע געזאָגט, ווי זי וואָלט געלייענט מיינע געדאַנקען.

— קוקן קוק איך שוין דווקא יאָ... אָבער איר קומט דאָך נישט צו מיר, נאָר צו מיין שוועסטער...

— איר ווילט אַז אַלץ זאָל איך אייך זאָגן אָפן?... מען דאַרף אַליין פאַרשטיין...

מיין האַרץ האָט עס פאַרשטאַנען. מיין בלוט האָט עס פאַרשטאַנען און אין הייסע כוואַליעס זיך געיאָגט איבער מיין לייב.

— מסתמא געפעל איך אייך נישט...

— וואָס רעדט איר, אסתרקע?! איר זענט דאָס שענסטע מיידל אויף דער וועלט!...

— אָהאָ!... — האָט זיך אסתרקע פונאַנדערגעלאַכט — קענט איר דאָך יאָ מאַכן קאָמפּלימענטן!... כאַכאַכאַ... אָבער גיין לאָזט איר מיך אַליין, ווייל איר זענט אַ שעמעוודיקער!...

— ווער? איך?! — האָב איך הויך אויסגערופן, ווי אָפּצוּוואַרפן די באַשולדיקונג.

און מיט אַן איבערגעטריבענער דרייסטקייט, מעשה געניטער קאַוואַלער, האָב איך זי אַ נעם געטאָן אונטערן אָרעם... איך האָב עס געטאָן מיט יענעם מוט, מיט וועלכן מען שפּרינגט דאָס ערשטע מאָל פון אַ הויכקייט,

אין אַ טיפֿן וואַסער... אָבער מיין פירן אסתרקען געאָרעמט האָט געמוזט זיין היפש אומגעלומפּערט, וואָרעם אסתרקע האָט געלאַכט פֿון מיר:

— איר שלעפּט דאָך מיך פּונקט אַזוי, ווי מען שלעפּט אַ זאַק קאַר־טאָפֿל!...

פּונקט אַזוי אומגעלומפּערט איז שפּעטער געווען מיין ערשטער קוש: געצילעוועט האָב איך אין די ליפּלעך און געטראָפֿן האָב איך פּונקט אין שפּיץ פֿון איר פּאַרריסן נעזל. און אַז זי האָט זיך פֿונאַנדערגעלאַכט און אַ דריי געטאָן דאָס קעפּל, איז דער צווייטער קוש געפֿאַלן אין לעפּל פֿון איר לינקן אויער...

טראָץ דיביידע דורכפֿאַלן, בין איך יענע נאַכט אַהיימגעגאַנגען ווי אַ זיגער. אסתרקע האָט מיך איינגעלאַדן אויף מאָרגן אין אָוונט צו שפּאַצירן מיט איר אין „קייסער־סאַד" און איך האָב דערפֿילט, ווי איך וואָלט אַריינ־שפּאַצירט מיט אסתרקען, דורך אויפגעפּראַלטע טויערן, אין אַ גן־עדן־דיקן לעבן אַריין.

**
*

יענעם זומער האָב איך זיך דערוווּסט, וואָס עס הייסט „יוגנט" און איך האָב געגנאָסן פֿון אַלע אירע שיינקייטן און חנען. מיר האָבן שפּאַצירט אין די טונקעלע אַלעען פֿון „קייסער־סאַד", זיך געלאָדקעוועט אויפֿן מוכאוויעץ און שוין אויך איבערלאָזן אונדזער לאָדקע אַ צוגעבונדענע צום ברעג, זיך וויגן אַ ליידיקע אויפֿן וואַסער...

מיינע וואָכעדיקע טעג זענען יום־טובדיק געוואָרן און די שבתים, — עך, די שבתים!...

יענעם שבת, אונדזער לעצטן שבת, האָבן מיר זיך געטראָפֿן אויף דער הויפּטגאַס, ביים ניי־געעפֿנטן שאָקאָלאַד־געשעפֿט, — די סענסאַציע פֿון שטאָט: אין יעדן ברעטל שאָקאָלאַד, אין יעדער באָמבאָניערע ליגט אַ נומער און יעדער צווייטער נומער געווינט... די שויפֿענצטער פֿון געשעפֿט, אָנ־שטאָט מיט שאָקאָלאַד, זענען באַלייגט און באַהאָנגען מיט ניי־מאַשינען, פּאַטעפֿאָנען, פּאָטאָ־אַפּאַראַטן און הונדערטער אַנדערע ווערטפֿולע חפצים. יעדן איינעם, ווער עס איז נאָר אַרויס פֿון געשעפֿט מיט אַ געווינס, האָט דער שבתדיקער עולם, אינדרויסן, אויפגענומען מיט אַ „הוררראַ!"...

אסתרקע האָט אַ שמייכל געטאָן:

— פּרוביר דיין מזל...

— אויף דיין מזל, אסתרקע...

מיר האָבן פּרובירט אונדזער ביידנס מזל און... די גאַס האָט אונדז אויפגענומען מיט אַ „הוררראַ!": אסתרקע האָט געטראָגן די באָמבאָניערע און איך האָב אַרויסגעפירט פֿון געשעפֿט אַ נייעם ראָווער...

היות פֿאָרן אויף ראָווער האָבן מיר ביידע נישט געקענט, האָבן מיר באַשלאָסן זיך אַרויסצולאָזן אויפֿן טערעספּאָליער שאָסיי און זיך דאָרט לער־

נען פאָרן. צום ערשטן האָב איך געלערנט אסתרקען. זי האָט זיך, אָבער, צופיל געשראָקן און שנעל רעזיגנירט:

— פריער לערן דו אַליין זיך אויס פאָרן, נאָכדעם וועסטו מיך לער־נען...

איך האָב אסתרקען געוואָלט אימפּאָנירן און, פאַר יעדן פּרייז, ווייזן זיך איר ווי אַ העלד. איך האָב נישט געטראַכט וועגן געניזוקט ווערן. אַרויפ־געזעצט זיך, אַ פּאָר געטאָן, אַראָפּגעפאַלן, צעקלאַפּט די קני, געשריגן אַז עס איז גאָרנישט, בלאָטע!... און ווייטער געריטן... אָבער נאָך אַ שעה עקשנותדיקער אָנשטרענגונג, בין איך שוין געפאָרן. אמת, דער ברייטער טערעספּאָלער שאָסיי איז נאָך אַלץ געווען צו־שמאָל פאַר מיר און איך האָב געפלאָטערט פון איין ברעג צום אַנדערן, ווי אַן אָדלער מיט געבונדענע פליגל, אָבער געפאָרן בין איך שוין!... אַ צעפאַרעטער האָב איך זיך געזעצט אָפּרוען און, אין אַ געהויבענער שטימונג, האָבן מיר לײדיק געמאַכט די באָמבאָניערע... איך בין תמיד געווען אַ נאַשער און שאָקאָלאַד איז געווען מיין ליבסטער מאכל. אָבער זינט איך האָב דערקענט אסתרקען, האָב איך מער הנאה געהאַט פון איר עסן דעם שאָקאָלאַד, ווי פון מיין אייגענעם נאַשן. די באָמבאָניערע, אָבער, איז געווען אַזאַ אָנגעפּילטע, אַז מיר האָבן זיך ביידע אָנגענאַשט און איך האָב דאָפּלט הנאה געהאַט...

נאָכן אויסרוען זיך, האָב איך זיך ווידער געזעצט אויפן ראָווער און דאָסמאָל — שוין געפאָרן ווי אַ ספּאָרטסמען. אסתרקע האָט שוין אַזוי גע־גלויבט אין מיר, אַז זי אַליין האָט פאָרגעלייגט:

— נעם מיך אויפן ראַם און לאָמיר פאָרן צוזאַמען...

נייך, איך האָב נישט געוווסט פון קיין גרעסערער פרייד, ווי האַלטן אסתרקען אויפן ראַם און טראָגן זיך מיט איר הינטער דער שטאָט, קילאָ־מעטערן ווייט!... ביז עק וועלט וואָלט איך זיך מיט איר אַזוי געטראָגן און אפילו נאָך ווייטער...

אָבער פּלוצלינג האָב איך דערהערט אַ סיגנאַל:

— פּיפּיפּיפּיפּי!!!

דאָס האָט סיגנאַליזירט הינטער מיר אַן אויטאָ. פּונקט האָט זיך דאָ דער שאָסיי פאַרקירעוועט אין אַ האַסטיקן רונד. און ווי אויף צו להכעיס, האָט זיך אַנטקעגן אונדז אָנגעטראָגן אַ פּריצישע בריטשקע מיט צוויי דאָר־פישע פערד. צוליבן אויטאָ־סיגנאַל האָבן זיך די פערד צעווילדעוועט, זיך געהויבן אויף די הינטערשטע פיס, געהירזשעט און געריסן זיך אין דער ברייט פון שאָסיי. מיין ראָווער איז געווען צעטריבן אין דער שנעלסטער האַסטיקייט. איך האָב נישט געקענט טאָרמאָזירן און נישט געוווסט וווהין צו קירעווען. די געפאַר האָט געיאָגט פון אַלע זייטן און דער געדאַנק האָט געיאָגט נאָך שנעלער: רעכטס איז דער שרעקלעך־טיפער שמוציקער טייך, וואָס רינגלט אַרום די פעסטונג־מויער. פאַלן מיר אַהין אַריין, זענען מיר דערטרונקענע! הינטער אונדז יאָגט דער אויטאָ און אַנטקעגן אונדז — די צעווילדעוועטע פערד. סיי אונטערן אויטאָ, סיי אונטער די פּאָדקאָוועס פון

די פערד איז אַ זיכערער טויט! לינקס פון שאָסיי איז דער האַסטיקער באַרג־אַראָפּ צום טיפן, זומפּיקן טאָל. אָבער ביים סאַמע ראַנד שטייט אַן אומגעהויער דיקער דעמב — זאַלבעצענט אים אַרומצונעמען! איך האָב זיך אָריענטירט אז דער דעמב איז אונדזער איינציקע רעטונג און האָב זיך תיכף אַ לאָז געטאָן גלייך אויף אים! — — —

ווען איך האָב געעפנט די אויגן, האָב איך זיך דערזען אויפן אויטאָ, צוזאַמען מיט אסתרקען און מיטן צעשמעטערטן ראָוער. מיר זענעןביידע געלעגן אָפּגעצוואָגענע מיט שטינקענדיקן זומפּ־וואַסער, באַשמירטע מיט בלאָטע און בלוט.

אסתרקע האָט געוויינט:

— איך בין שולדיק!

איך האָב געקרעכצט:

— ניין, איך בין שולדיק!

נאָר דער בייזער גוי, וועלכער האָט אונדז געפירט, האָט געשריגן:

— טשיכאָ זשידקי! איר זענט ביידע שולדיק.

און ער האָט אונדז צוגעפירט צום שטאָטישן שפּיטאָל.

דער ראָווער איז נישט געוואָרן... איך האָב עס אויך נישט באַדויערט. אונדזערע וווּנדן זענען, זעט אויס, אויך נישט געווען קיין ערנסטע, וואָרעם מען האָט אונדז פאַרבאַנדאַזשירט און אָפּגעשיקט צו פוס אַהיים... די חרפּה, אָבער, האָט מיך געברענט מער ווי דער ווייטיק. איך האָב זיך געשעמט צו קוקן אסתרקען אין די אויגן אַריין און מיר האָבן זיך צעשיידט מיט אַ קוים־קוימיקן „גוטן טאָג"...

מיין מאַמע האָט זיך דערשראָקן פאַר מיין אויסזען און פאַר די באַנ־דאַזשן. איך האָב געמוזט אויסטראַכטן עפּעס אַ נאַרישן תירוץ, ווי דאָס איז געשען. זי האָט מיר דערלאַנגט אַ שטיקל שאָקאָלאַד, זיך צום דער־קוויקן. דאָס שטיקל שאָקאָלאַד האָט מיך דערמאָנט אָן דער באָמבאָניערע און אָן מיין אומגליק, האָב איך אַ שליידער־געטאָן דאָס שטיקל שאָקאָלאַד און זיך ווילד צעשריגן:

— איך וויל נישט קיין שאָקאָלאַד! זאָל פאַרברענט ווערן שאָקאָלאַד!!!

מיין מאַמע האָט מיך געקענט פאַר אַ נאַשער, האָט זי געשטוינט...

***

צו אסתרקען בין איך נישט געגאַנגען אַ וואָך און צוויי און דריי. זיך געשעמט צו ווייזן זיך איר פאַר די אויגן. און ווען איך האָב זיך ענדלעך אָנגענומען מיט מוט, איז שוין געווען צו־שפּעט: מיין שוועסטער האָט גע־בראַכט די ידיעה:

— אסתרקע גייט חתונה האָבן. אַ רייכער פעטער פון בוענאָס־איירעס איז געקומען, זיך פאַרליבט אין איר און נעמט זי מיט מיט זיך...

גאָט! — האָט דער צאָרן אין מיר געברויזט — פאַרברענט זאָל ווערן

דער שאָקאָלאַד צוזאַמען מיט אַלע שאָקאָלאַד־געשעפטן פון דער גאַנצער וועלט! — — —

ווי יעדן אָוונט, איז מיין מאַמע אויך דאָסמאָל געזעסן ביים אָפענעם פענצטער, געקוקט צום אויסגעשטערנטן הימל און געזונגען אירע אומעטיקע לידער. אין אָט די לידער האָט מיין מאַמע אויסגעקלאָגט איר יונג־אַלמנה־שקייט, אירע פאַרשפּילטע יאָרן, דאָס צעבראָכענע לעבן אירס.

אָבער דאָסמאָל, ווען מיין מאַמע האָט געזונגען:

ליולינקע מיין פויגעלע,<br>
ליולינקע מיין קינד,<br>
כ׳האָב אָנגעווירן אַזאַ ליבע,<br>
ווײ איז מיר און ווינד! — — —

האָט זיך מיר געדאַכט, אַז זי קלאָגט עס אויף מיין מזל.

# אַ מאַמע מיט טעכטער

בעתן אָונטברויט, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ ראַזעוואַנער לחמה, אַ פּענעץ הערינג און אַ גלאָז טיי מיט איין שטיקל צוקער צוגעביסן, איז שוין די שטימונג געווען אַ נערוועזע.

עס איז נאָך קיין איין וואָרט נישט געפאַלן. די מאַמע מיט די טעכטער האָבן געקייט שווייגנדיק און געקוקט צו זיך אין דער גלאָז טיי אַריין, ווי אין אַ טיפן ברונעם, אָדער — צום פאַרקאָפּטשעטן נאַפט־לעמפּל מיטן צע־פּלאַצטן גלעזל, וואָס איז פאַרקלעפּט מיט אַ שטיקל צייטונגס־פּאַפּיר.

אָבער ווען איינע האָט יאָ געוואָרפן אַ בליק אויף דער אַנדערער, האָט זי באַמערקט, אַז אויף יענערס אויסגעקניפּטן פּנים בייטן זיך כסדר די קאָ־לירן. דאָס פּנים ווערט פינצטערער און פאַרכמורעטער פון מינוט צו מי־נוט, ווי דער הימל ערבֿ אַ שטורעם.

— אַלזאָ?! — האָט שושנה, די עלטערע טאָכטער, די ערשטע זיך גע־לאָזן הערן קורץ און אולטימאַטיוו.

דער „אַלזאָ" איז געקומען תיכף נאָכדעם, ווי זי האָט אַראָפּגעשלונגען דעם לעצטן ביסן ברויט און געטאָן דעם לעצטן שלונג טיי.

— אַלזאָ־שמאַלזאָ! — ענטפערט די ייִנגערע שוועסטער רחל און שטעלט זיך אַוועק אַנטקעגן שושנהן, ווי איין קריגערישער האָן אַנטקעגן אַנדערן. — ס'עט דיר גאָרנישט העלפן. נעכטן ביזטו געגאַנגען און היינט גיי איך.

— עט מען זען!

— עט מען טאַקע זען!

— המ... מאַמע, רוף זיך אָן אַ וואָרט! — באַפעלט שושנה.

מלכה האָט זיך געשטיקט מיט איר לעצטן ביסן. איר פּנים איז איצט נאָך פינצטערער געווען, ווי ביי ביידע טעכטער.

— נו, זאָג אַ וואָרט, מאַמע! — קוויטשעט אויך רחל.

מלכה האָט, ביז איצט, געקעמפט מיט זיך אַליין. ענדלעך האָט זי אויפגעהויבן אירע פייכטע אויגן און אומדרייסט אַ זאָג געטאָן:

— איך בין אויך אַ מענטש!

שושנה און רחל האָבן זיך איבערגעקוקט. די שנאה צווישן ביידע שוועסטער איז תיכף פאַרשוווּנדן. נישט פאַרשוווּנדן, נאָר זיך איבערגע־טראָגן צו דער מאַמען.

— ווי געפעלט זי דיר? ...— גיט שושנה אַ פרעג מיט גאַליקער שפּאָ־טישקייט.

— טאַקע, ווי געפעלט זי דיר?... האַלט אונטער רחל.

— זע נאָר דאָס כלה־מיידעלע...

— ערשט נעכטן אַכצן יאָר געוואָרן!...

— איין מאָל אין דער וואָך, האָב איך אויך אַ רעכט. — ציילט מלכה די ווערטער — איר לויפט אַלע נאָכט.

— דו ביזט שוין דיינס אָפּגעלאָפן!... — שטעכט שושנה.

— קוק איר נאָר אָן!...

— קוקט מיך אָן... איך געפעל אייך נישט? טאָ זוכט אייך אַ בעסערע מאַמע...

— די ערגסטע איז בעסער פאַר דיר!

— די ירושה וואָס אייער טאַטע האָט אייך איבערגעלאָזן, קען איך אייך אָפּגעבן!

— איבערגעלאָזן? אַ מאַטשעכע האָט ער אונדז איבערגעלאָזן!

— דרך־ארץ! איר אויסוואורפן! דערוויל פרעסט איר נאָך מיין ברויט!

— קלאַפּט מלכה אין טיש און פילט דערביי, ווי די קני ציטערן איר, ברעכן זיך איר אונטער.

ברויט איז עס? — לאַכט גאַליק שושנה — סם איז עס, נישט קיין ברויט!

— יאָ, סם! — קוויטשעט רחל נאָך.

— פרעסט מען נישט! — ציטערט מלכה מיטן גאַנצן לייב — אַז פאַרסמט זאָל אייער לעבן זיין, ווי מיין לעבן איז פאַרסמט!

— ביזט קיין בעסערן לעבן נישט ווערט!

— יעדערער האָט אַזאַ מזל, ווי ער פאַרדינט זיך!...

— אייערע קינדער זאָלן אייך אַזאַ כבוד אָפּגעבן, ווי איר — מיר! נשקשה, עס וועט אייך באַצאָלט ווערן פון גאָט!

— כאַכאַכאַכאַ... כבוד וויל זי... גיב איר נאָך אָפּ כבוד...

מלכה רוימט אַראָפּ פון טיש, די גלעזער קלינגען אין אירע ציטערנדי־קע, געגרונצלטע הענט. זי פילט, ווי עס קאָכט אין איר דאָס בלוט. עס קאָכט, ווי אין אַ זודיקן טאָפּ. אָט באַלד, און עס וועט איבערלויפן... שושנה בייסט זיך די נעגל און זוכט ווערטער, ווי גיפטיקע פיילן, צו שליידערן אין דער מאַמען אַריין. דערקעגן רחלס גלאַנציקע אויגן לויפן איבער אַלע ווינ־קעלעך פון שטוב. עס איז קענטיק, אַז דער קאָפּ אירער אַרבעט, די געדאַנ־קען פליען שנעל... יעדע ווײַלע וואַרפט אָן אַנדערע אַ פאַרבאָרגענעם בליק דורכן פענצטער און די נערוועזיטעט וואַקסט.

אין אָוונטיקן דרויסן, אויפן קעגנאיבערדיקן טראָטואַר, אונטער דריי באַזונדערע קאַשטאַן־ביימער, טונקלען די סילועטן פון דריי מענער. און אין שטוב, פאַר אַלע דריי פרויען, איז דאָ בלויז איין פּאָר גאַנצע זאָקן...

רחל האָט אַ בליק־געטאָן מיט די אויגן, ווי עס וואָלט איר עפּעס איינ־

געפאַלן. זי האָט זיך צוגעשאַרט צו אַ ווינקל, גענישטערט, גענישטערט און... זיך פלינק אַ לאָז געטאָן צו דער טיר.

שושנה האָט זיך געכאַפּט, וואָס דאָ איז געשען און איז רחלען דעם וועג פאַרלאָפן:

— גיב אַהער די זאָקן!

— כ׳על נישט געבן!

שושנה איז פאַרפאַרן מיט אַלע צען פינגער אין רחלס קודלעס. רחל האָט אָנגעכאַפּט שושנהן ביי דער בלוזקע.

— גיב אַהער די זאָקן, זאָג איך דיר!

— כ׳על נישט געבן! לאָז אָפּ די האָר!

— לאָז אָפּ די בלוזקע, וועסט צערייסן!

— לאָז אָפּ די האָר!

— גיב די זאָקן, גיב!

— לאָז אָפּ! דו צערייסט די זאָקן!!!

— גע־וואַ־אַ־אַ־לד!!!

— גע־וואַ־אַ־אַ־לד!!!

די געשרייען זענען געוואָרן העכער, קוויטשיקער, גרילציקער. די דריי סילועטן, אונטער די דריי באַזונדערע קאַשטאַן־ביימער, האָבן אויפגעצאַפּלט און געגומען נערוועז זיך באַוועגן, הין־און־צוריק, אויפן קעגנאיבערדיקן טראָטואַר.

אַ שכנה האָט אויפגעפּראַלט די טיר:

— מאַמעלעך מיינע! מען מיינטאָך, אַז מען שעכט־זיך! וואָס טוט זיך דאָ?

— די זאָקן זאָל זי אָפּגעבן!

— די זאָקן!

— גייט אַריין צו מיין באַשקען און זאָגט, אַז איך האָב געהייסן לייען אַ פּאָר זאָקן. — זאָגט די שכנה — עס איז דאָך אַ חרפּה פאַר לייט!

וועןביידע שוועסטער זענען אַ רגע שטיל געבליבן, האָט מען ערשט דערהערט די פאַרשטיקטע קרעכצן פון מלכהן, וועלכער עס האָבן שוין „אָנ־געכאַפּט“ די גאַלשטיינער, און זי קראַמפּט זיך אין יסורים אויפן בעט.

רחל איז אַנטלאָפן מיט די זאָקן און איבערגעלאָזט צוויי הויפנס האָר אין שושנהס הענט. אָבער דערפאַר אויך — אַ צעריסענע בלוזקע. שושנה האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דער שוועל און זיך צעקלאָגט.

די שכנטע בלאָזט אין קיכל, ווו דאָס פייער האָט שוין געהאַלטן אין אָפּגיין און גליט אָן אַ הייס שטערצל, צוצולייגן מלכהן צום בויך. דאָס איז די איינציקע הילף קעגן אירע גאַלשטיינער. זי בלאָזט אין קיכל־אַריין און שטראָפט גלייכצייטיק:

— שוועסטער זאָלן זיך עס אַזוי אַרומרייסן! שעמען מעגט איר זיך אין אייער ווייטן האַלדז אַריין! און אַזוי באַהאַנדלט מען עס אַ מאַמען? און

צוליב וואָס? צוליב אַ פּאָר זאָקן? גיי אַריין צו מיין באַשקען און נעם אַ פּאָר זאָקן. גיי.

— וואָס פּאַר אַ מאַמע, אַזאַ באַהאַנדלונג! — גיט שושנה אַ העשע אַרויס.

זי לויפט אַרויס אין קאָרידאָר און פאַרטראַסקעט הינטער זיך די טיר.

אין פינצטערן קאָרידאָר שטייט זי אַ ווײַלע און קוקט אַרויס צום קעגנאיבערדיקן טראָטואַר, ווו איצטער שאַרן זיך שוין הין־און־צוריק בלויז צוויי טונקעלע מענער־סילועטן... זי ווישט זיך אויס די אויגן, מאַכט זיך צורעכט אירע האָר און קלאַפּט אָן צו באַשקען, כדי צום וויפלטן מאָל, מיטן וויפלטן תירוץ, אַנטלייען אויף אָן אָוונט אירע זאָקן.

אויפן קעגנאיבערדיקן טראָטואַר האָט זיך, נאָך לאַנג־לאַנג, געשלייכט הין־און־צוריק דער לעצטער איינזאַמער סילועט. ערשט שפּעט אין אָוונט, האָט ער אַריבערגעפלאָטערט דעם שמאָלן ברוק פון געסל און זיך פאַרטייעט הינטערן פענצטער.

מלכה האָט דערהערט דאָס קאַראַפּקען הינטערן פענצטער און באַנומען אַ געדעמפטע, אַ ציטערדיקע שטימע, פון וואָס די קראַמפּן ביי דער לעבער און דאָס שטעכן פון די גאָלדשטיינער האָבן איר תיכף נאָכגעלאָזן...

— מלכהלע?... ביזט אַליין?... קען מען אַריינגיין?...

***

פּאַראַיאָרן, ווען אין שטוב זענען נאָך געווען דריי פּאָר זאָקן, און די מאַמע מיט די טעכטער זענען צוזאַמען אין גאַס אַרויסגעגאַנגען, האָט מען געקענט מיינען, אַז דריי שוועסטער גייען. אַלע דריי — איין הויך: עטוואָס נידעריקער פון מיטעלן וווקס. אַלע דריי — די זעלבע דיק. פון דעם ראזע־וואנעם ברויט מיט הערינג און פון די טעפּ פאָסנע קאַרטאָפל, האָבן זיי דווקא אויף זיך פלייש און פעטס גענומען. זייער דיקקייט איז געווען ווי שטייף־אויפגעגאַנגען חלה־טייג, וואָס ס׳בעט זיך קנעטן. דריי קעפּ העל־בלאָנדע קרויזן, בלענדיק־העל און רייצנד געקרויזט. מיט יצר־הרע־לעקעלעך פון פּאָרנט. דריי פּאָר קאַרשן־אויגן מיט טונקעלע ברעמען איבער זיי. אַפילו די דריי „פּעפערלעך" אויף די לינקע באַקן, האָבן זיי זיך אַלע געמאַכט די זעלבע גרויס און פונקט אויפן זעלבן פּלאַץ... איין ליפּן־שמינק האָבן זיי אַלע גענוצט צו זייערע דיקע תוואה־ליפּלעך דעם סאַמע רויטסטן, וואָס מען האָט נאָר געקריגן אין שטאָט. דריי קליידער זענען זיי געגאַנגען אָנגעטאָן, לויט איין פאַסאָן און פון איין שטיק סחורה געשניטן. אונטערשיידט איינע פון דער אַנדערער, האָבן זיי זיך מיט זייערע באַוועגונגען: מלכה — אַ לאַנג־זאַמע, אַ געלאַסענע, ווי זי וואָלט זיך געהיט, נישט אויפצוּוועקן די גאַל־שטיינער. שושנה — דווקא אַן אימפּעטדיקע, און רחל — קוועקזילבער.

ביז פּאַראַיאָרן איז געווען שלום צווישן אַלע דריי. מלכה האָט מער גע־אַרבעט און מער פאַרדינט. אין אָוונט האָט זי פאַר די טעכטער די בלוזקעס געפּרעסט, זי האָט זיי די האָר קאַרבירט, געלערנט האַלטונג און געגעבן

ווייבלעך־ערפאַרענע עצות. אויך די טעכטער האָבן דער מאַמען געפּוצט. געהאָלפן איר איינציען דעם קאָרסעט, אַריינגעשטעקט איר אַ רויז אין די קרויזן און שטאָלצירט מיט דער יונגער, שיינער מאַמען. דערפאָלג האָבן אַלע דריי געהאַט. אַלע מאַנצבילן האָבן זיי נאָכגעקוקט און געגאַרט זייער געזעלשאַפט. אָבער צו די טעכטער האָט זיך נישט „צוגעקלעפּט" קיין איין בחור, וועלכן מען זאָל קאָנען באַטראַכטן אַלס חתן. אַזוי אויך צו מלכהן, וועלכע האָט געטרוימט פון אַ רייכן אלמן, אָדער אַ גרוש, — האָבן זיך דווקא „געקלעבט" באַווייבטע מענער.

עס האָט זיך אַפילו געטראָפן, אַז אן אייפערזיכטיק ווייב איז געקומען, געקלאַפּט אין פענצטער אַריין און געשריען, „מיין מאַן גיט מיר אָפּ!" שושנה און רחל זענען דאַן אַרויס און איר אָפּגעגאָסן מיט אַ פּאָמעשאַף.

דער מאמעס פריינד האָבן די טעכטער גערופן „פעטער". דער „פעטער" פלעגט ברענגען אין שטוב אַריין שאָקאָלאַד־באָמבאָניערעס, טאָרטן און אַנדערע נאַשווארגן, וואָס שושנה און רחל האָבן באַזונדערס ליב געהאט. אויך פלעגן זיי באַקומען, פון צייט צו צייט, בילעטן אין קינאָ אַריין, אז זיי זאָלן אַוועקגיין אויף אַ גאַנצן אָוונט. דער „פעטער" פלעגט אַמאָל אַרויסהעלפן מיט עטלעכע זלאָטעס אויף דירה־געלט, שיך־פאַרריכטן, אַריינפירן אַ פורל האָלץ אויף ווינטער און אַ פור קאַרטאָפל.

אָבער זינט מלכהן האָבן אָפּטער גענומען דאָקוטשען די גאָל־שטיינער מיט דער לעבער און די פיס זענען געוואָרן געשוואָלן, האָט אין שטוב גענומען וואַקסן די נויט. די קליידלעך, שיך און זאָקן האָבן זיך אָפּגעטראָגן. אָבער שושנה און רחל האָבן אַלץ גאנצע טעג נישט אויפגעהערט צו לייענען ראָמאַנען, און ביינאַכט — ארומצולויפן מיט יונגען. נישט געוואָלט הערן און געדענקען וועגן לערנען זיך אַ פאַך ווי מאניקיר, קאָסמעטיק, מאַסאַזש, אָדער עפּעס ענליכס. זיי האָבן געגריזשעט דעם טרוקענעם ראָזעוואַנעם ברויט, וואָס איז געווען געטונקען אין מלכהס שוויס און יסורים, געשלונגען די טעפּ פאָסנע קאַרטאָפּל, וואָס אַ „פעטער" האָט אַריינגעפירט אַ גאַנץ פורל, געלייענט פיטיגריילין און געטרוימט פון אַ גבירישן זונדל, וועלכער וועט זיך פאַרליבן אין זיי און זיי נעמען אין איין העמד...

די גבירישע זינדלעך זענען נישט געקומען. אָבער אַפילו אַרויסצוגיין צו די בחורים, וועלכע וואַרטן יעדן אָוונט הינטערן פענצטער, מוז מען דאָך אויך האָבן אַ פּאָר גאַנצע זאָקן... —

האָבן מאמע און טעכטער זיך אָנגעהויבן אַרוימצורייסן.

---

יענעם שפּעט אין דער נאַכט, ווען שושנה און רחל זענען צעפּלאַמטע, מיט צעקנאָדערטע בלוזקעס און צעשמירטן ליפּן־שמינק איבערן גאַנצן פּנים, אַהיימגעקומען, — האָט עס אויסגעזען, ווי צוריקוועגס האָבן זיי זיך געטראָפן, זיך איבערגעבעטן און געשלאָסן יד־אחת וועגן זייער אַ וויכטיקן ענין.

באַלד ביי זייער אַריינקומען, האָט מלכה דערקענט, אַזביידע טעכטער זענען אָנגעפילט מיט דינאַמיט. דער אָנגענומענער באַשלוס האָט זיי אַראָפּ־געשריגן פון די פאַרשמירטע פּנימער אַראָפּ. און כאָטש מלכה האָט זיך באַ־מיט צו זיין רוהיק, האָט עס אין איר שוין געקאָכט. זי האָט שוין צוריק אָנ־געהויבן פילו די קראַמפּן ביי דער לעבער.

דער „פּעטער" איז נאָך אַלץ געזעסן ביי מלכהס בעט. אַז די טעכטער האָבן אים דערזען, האָבן זיי באַלד געוואָלט אויסגיסן אויף אים זייער גאַנצן צאָרן. עס האָט, אָבער, אַ רייץ געטאָן דער צעשניטענער טאָרט אויפן טיש און די צעעפנטע שאָקאָלאַד באָמבאָניערע... אַ רגע האָבן זיי זיך ביידע באַ־לעקט, געשלונגגען די סלינע און זיך צעטומלטע איבערגעקוקט. עס איז גע־ווען אַ קאַמף מיט זיך אַליין, מיטן הונגעריקן מאָגן און מיטן „געשמדטן האַלדז... אַ רגע פון שוואַכקייט, אָבער זיי האָבן זיך באַקעמפט און זיך אַנטשלאָסן אָנצוהויבן דאָס געפּלאַנטע...

— זעסט, דאָס „כלה־מיידל" ליובקעט זיך נאָך... — איז שושנה די ערשטע אַרויסגעפּאָרן.

— די טעכטער דאַרפן קיין פּאָר זאָקן נישט. אָבער זי! — האָט זיך רחל נאָכגעשלעפּט און נישט געוווסט, מיט וואָס צו ענדיקן...

— זי איז דאָך בילכער פון אונדז... אַז מיר טוען איר נישט אָן קיין פּאָמעשאַף אויפן קאָפּ, איז זי גערעכט!...

— חצופות! ביי מיר אין שטוב זאָלט איר די פּיסקעס האַלטן! — גיט זיך מלכה אַ שליידער אין בעט און דערפילט, אַז דער אמתער „אָנפאַל" פון די גאַלשטיינער הויבט זיך ערשט אָן.

— אוי, קינדער... קינדער... די מאַמע איז דאָך... — פּרוווט דער „פּעטער" זיך אריינמישן.

שושנה האַקט אים, אָבער, איבער!

— איר „פּעטער", זאָגט „אַ גוטע נאַכט" און טראָגט זיך אַרויס פון דאַנען, וועט איר בעסער מאַכן!... — גיט זי אים אַ טו אָן זיין קאַפּעליוש אויפן קאָפּ, אַראָפּציענדיק אים איבער די אויגן...

— גייט באַצייטנס, ווייל באַלד וועט אהער אייער ווייב קומען און זי וועט אייך מיט חרפה אַרויסשלעפּן!... — שליידערט אים רחל צו זיין מאַנטל.

— שושנהלע... רחלע... — שטאַמלט דער „פּעטער" אַ צעטומלטער, האַלטנדיק זיין קאַפּעליוש מיטן מאַנטל אין די הענט.

— איר שטייט נאָך?

— לויפט, זאָגט מען אייך, איידער די גאַנצע גאַס וועט זיין מיט אייך פול!

דער „פּעטער", אַן איינגעקורטשעטער, האָט זיך אַרויסגעטראָגן. דורכן פענצטער זענען אים נאָכגעפלויגן שטיקער טאָרט און שאָקאָלאַד אין קאָפּ אריין, אין קארק, אין דער פּלייצע.

מלכה האָט נישט רעאַגירט, זי האָט שוין געהאַט מיט זיך צו טאָן. זי

האָט געביסן די ליפּן, געריסן דעם קישן אונטערן קאָפּ, פאַרשטיקט גע־קרעכצט און זיך געקראַמפּט פון יסורים.

די טעכטער, צופרידענע מיט דער אָפּגעשפּילטער קאָמעדיע, האָבן זיך אויסגעטאָן, אין בעט זיך געלייגט, זיך געקניפּט און געכיכיקעט אונטער דער קאָלדרע.

צומאָרגנס איז מלכה אויפגעשטאַנען פאַרטאָג און זיך אייליק גע־שמינקט איר נישט אויסגעשלאָפן און פון יסורים אויסגעמאַטערטן פּנים. זי האָט נישט געגעסן און נישט געטרונקען און נישט אויסגערעדט קיין וואָרט. שווייגנדיק האָט זי געמאַכט אַ פּעקעלע פון אירע קליידער און וועש.

און ארויסגייענדיק דאָס לעצטע מאָל פון איר אייגענער שטוב, האָט זי, צום ערשטן מאָל פאַר אַלע יאָרן וווינען דאָ, אַ קוש־געטאָן די מזוזה...

זי איז אַרויס, לאָזנדיק אויפגעפּראַלט די טיר.

דאַן ערשט, האָבן זיך ביידע טעכטער אַ זעץ־אויף־געטאָן, ווי עס וואָלט זיי אונטערגעהויבן. זיי האָבן זיך אָנגעקוקט מיט איבעראַשטע, פרעגנדיקע בליקן און, פון פאַרלוירנקייט, קיין וואָרט נישט געקענט אַרויסברענגען.

---

איצט האָבן שוין די טעכטער יאָ געאַרבעט: שושנה ביי קאָרסעטן און רחל — ביי מאַניקיר. עס האָבן זיך אויך צוויי בחורים צו זיי „צוגעקלעפּט", וועלכע האָבן זיי געוואָלט אָן נדן. בלויז אַן אויסשטייער האָט געפעלט... — דאָס אַלץ האָט מלכה געוווּסט פונדערווייטנס. גוטע שכנות האָבן איר די גרוסן געבראַכט.

מלכה האָט איצט געוווינט אין אַ געדונגענעם אַלקערל, אין אַ הייזל ביי אַ אַ סטעלמאַך, האַרט ביים טייך. אַהערצו זענען אויך די „פּעטערס" געקומען און געבראַכט די גוטע זאַכן, וואָס מלכה האָט ליב.

מלכה האָט זיך גענומען אין די הענט אַריין. די אַפּטייק־גראָזן, וואָס זי פלעגט פאַרבריען ווי ביטערן טיי מיט אַ רומיאַנעק געשמאַק און טרינקען, פאַרקרימטערהייט, דריי מאָל אין טאָג, האָבן אירע גאַל־שטיינער נישט פאַרטריבן און די לעבער — נישט אויסגעהיילט. די דאָקטוירים האָבן איר נישט געהאָלפן. דערקעגן האָט איר יאָ געהאָלפן אַ הונדערטיעריקע פויער־טע פון אַ נאָענטן דאָרף. וועגן די וווּנדער, וואָס די פויערטע ווייזט, זענען לעגענדעס אַרומגעגאַנגען. מען האָט דערציילט, אַז זי מאַכט זעעוודיק בלינדע, היילט־אויס טויב־שטומע, און אַנדערע שווערע קרענק. מלכה, וועל־כע האָט שוין געהאַט אויסגעפּרווּט אַלע באָבסקע מיטלען, איז אויך צו איר געפאָרן.

— באַקום אַ יונגע סאָווע — האָט די זקנה מלכהן געראַטן — קאָך עס אָפּ, ווי אַ הינדעלע און עס אויף. טרינק אויס די יויך און נאָג־אויס די ביינ־דעלעך, וועסטו פאַרגעסן אָן דיין קרענק...

מלכה האָט געפאָלגט. אַ פויער האָט איר, פאַר אַ פּאָר זלאָטעס, גע־בראַכט אַ יונגע סאָווע און זי האָט עס אָפּגעקאָכט. זי האָט עס געגעסן מיט

גרויס אַפּעטיט, ווי אַ געשמאַק הינדל מיט יויך. און פון דעם מאָלצייט אָן, האָבן די קראַמפּן און יסורים אויפגעהערט, ווי מיט דער האַנט אַוועקגענו־מען. מלכה האָט פאַרגעסן, אַז זי האָט אַמאָל געהאַט גאָל שטיינער מיט אַ געשוואָלענער לעבער. זי האָט ווידער אויפגעבליט מיט איר אַמאָליקן יוגנטלעכן חן, אום דערצו — מיט אַ רייפערן רייץ...

און אַז מלכה איז ווידער געקומען צום פּרעזעס פון דער אינסטיטוציע, בעטן אַרבעט — האָט ער זי אָנגעקוקט מיט אַן אומנאַטירלעך פריינטלעכן שמייכל און לאַנג געשוויגן, ווי ער וואָלט פּאַסיקע ווערטער געזוכט.

— הערט, מלכה... — האָט ער זיך ענדלעך אָנגערופן — איך האָב פאַר אייך אַ בעסערע אַרבעט...

— צום ביישפּיל?

— זיין אַ גוט ווייב און אַ גוטע באַלעבאָסטע... כעכעכעכע...

— איר לאַכט פון מיר?

— חלילה...

— איר ווייסט דאָך, אַז איך בין אַן אַלמנה!

— און איר, מלכהלע, ווייסט דאָך, אַז איך בין אויך אַן אלמן...

מלכה האָט ערשט איצט פאַרשטאַנען די אָנצוהערעניש און איז רויט געוואָרן. רויט, ווי אַ כלה־מיידל ביי דער ערשטער זעאונג...

זי האָט געקענט דעם פּרעזעס'ס איינגעפונדעוועט הויז און געוווסט פון זיין עשירות. אוודאי איז עס אַ גליק־זאַך, אויב ער מיינט עס נאָר ערנסט...

— איך האָב דאָך נאָך צוויי טעכטער חתונה צו מאַכן... — האָט מלכה פּרובירט, אויף וויפל די זאַך איז ערנסט.

זי האָט, אָבער באַלד חרטה־געהאַט אויף די רייד, וואָס קענען איר שאַדן און געפּרווווט מילדערן די זאַך:

— ס'הייסט, חתנים האָבן זיי און קיין נדן פאַרלאַנגען זיי נישט... נאָר... נאָר אויסשטייער...

— אויב נאָר אין דעם זאָל עס גיין!... — האָט זיך דער פּרעזעס אַ צעשטראַלטער אויפגעהויבן פון זיין אָרט און זיך צענומען מיט ביידע הענט די באָרד און די וואָנצעס...

ער איז צוגעגאַנגען צום בופעט, אַרויסגענומען אַ קאַראַפקע ליקיער מיט אַ קליאַש צובייסן און עס אַרויפגעשטעלט אויפן טיש:

— אָט אַזוי איז עס אין אונדזערע יאָרן... אָן שדכנים, אָן בדחנים, אָן לאַפּיטוטן... איז לאָמיר אויסטרינקען ,מלכהלע... לחיים!...

---

— די מאַמע האָט נעכטן חתונה געהאַט...

ווי אַ דונער האָט עס די טעכטער געטראָפן. זיי זענען שטיין געבליבן באַטויבטע, מיט אַ באַד־געריש אין די אויערן, ווי עס וואָלט דאָרטן וואַסער אַנגעקומען. זיי האָבן אַזש די אייגענע ווערטער נישט געהערט.

— וואָס? ווו?

— ווען? ווי אזוי?

— פשוט. געשטעלט אַ חופּה...

— מיט וועמען?

— מיט אַ פאַרמעגליכן מאַן...

— נו!... — האָט זיך שושנה אַ שליידער געטאָן — דער ערגסטער הונט קריגט תמיד דעם בעסטן ביין!

— גאָט! — האָט זיך רחל ביים קאָפּ געכאַפּט — אָבער ווי האָט זי דאָס געוואגט צו טאָן פריער פאַר מיר? פריער פאַר אונדז?!

— שושנה, — האָט רחל געכליפּעט — נישטאָ קיין מאמע. געשטאָרבן! לאָמיר זיך זעצן שבעה.

— נישטאָ נאָך וועמען! — האָט שושנה געענטפערט — קיין מאמען האָבן מיר קיינמאָל נישט געהאַט!

און ביידע שוועסטער האָבן זיך יום־כפּורדיק צעקלאָגט.

אָבער ווען דער שליח האָט צוגעגעבן:

— נאַרישע מוידן! פאַר אייך האָט זי דאָך דאָס געטאָן!... ווייל איר האָט חתנים און איר דאַרפט אַן אויסשטייער... אייערע אויסשטייערס זענען שוין ביי איר צוגעגרייט... גייט, קוקט עס נאָר אָן... די מאמע האָט אייך געשיקט רופן... —

האָבן זיך ביידע טעכטער תיכף אויסגעווישט די אויגן און, פאַר־שעמטע, גענומען ארומזוכן די זאָקן־בענדלעך, די ביוסט־האַלטערס, דעם פּודער און דעם שמינק...

אויפן וועג צו דער מאמען, האָבן זיי געקויפט בלומען... ביידע האָבן זיך שוין געאמפּערט, ווער עס זאָל איר דעם בוקעט דערלאנגען...

פאררויטלטע, צעטומלטע, אויסערזיכטיקע, זענען זיי געשטאַנען אין פרעמדן, רייכן עס־צימער, וווּ דער פעטער האָט זיי גאָר פריינטלעך אויפ־גענומען.

— זיצט, קינדער... זיצט... די מאמע קומט שוין אַריין... מלכהלע!...

— האָט ער צערטלעך אַ רוף געטאָן, כמעט אויסגעזונגען — זיי אַזוי גוט... די קינדער זענען דאָ...

מלכה האָט זיך באַוויזן אויפן שוועל פון שלאָף־צימער, אין אַ נייעם דורכזיכטיקן פּיעניואָר, מיט דער קעצלדיקער פולקייט פון אַ ווייך און וואַרעם בעט אַרויס...

— מממממע־מזל־טוב, מממאמע!... — האָבן ביידע טעכטער אַרויס־געשטאַמלט אויף אַמאָל און איר דערלאנגט דעם פרישן בוקעט בלומען.

— מערצעשעם ביי אייך, קינדער... — האָט זיך מלכה צעוויינט.

די מאמע מיט די טעכטער האָבן זיך אַרומגענומען און, מיט די באַשמינקטע, דיקע ליפּן, זיך לאַנג־לאַנג געקושט.

# אין די בערג

די קעלנערקע פון „פּאַטריאַ" איז לייזערן, אַ גאַנצן נאָכמיטיק, פון קאָפּ נישט אַרויס. דאָס ווייסע פּאַרטוכל און דער ווייסער טשעפּיק אויפן העל־בלאָנדן, געקרויזטן קאָפּ, מאַכן נאָך שעלמישער אירע ממזריש־לאַכנדיקע אויגלעך. אירע הויכע, שלאַנקע פיסלעך באַוועגן זיך אַזוי פלינק, אַז דאָס געפּאַלדעוועטע קליידל צעפּאַראַסאָליעוועט זיך און לאָזט אַרויס מיט ווייסע יצר־הרע שפּיצן. ביי יעדן טריטל, ציטערט איר גאַנצע מיידלשע איבער־רייפקייט, וואָס עס מאַכט אויך ציטערן עפּעס ביי לייזערן אונטער דער לעבער...

„אָט אַ מויד!... שוין איינמאָל אַ מויד!..."

ביים דערלאַנגען אים די פאָרשפּייז, האָט ער איר געמאַכט אַ קאָמ־פּלימענט. זי האָט געלאַכט מיט אַ מויל געזונטע, בלענדיקע ציינער. ביי דער זופּ — האָט ער איר אַריינגעוואָרפן אַ צווייַדייטיקן וויץ. זי האָט זיך פאַררויטלט און געלאַכט. ביים פליש מיט גאַרניר — האָט ער איר שוין אַ פּעטשל געטאָן נידעריקער פון דער טאַליע. זי האָט זיך נישט געבייזערט. בלויז שעלמיש אַ דראָ־געטאָן מיט אַ פינגער, ווי צו אַ קליין ייִנגל און ווי־ד'ער געלאַכט. האָט ער זי שוין, ביים קאָמפּאָט ,איינגערוימט אַז ער וויל זיך מיט איר באַגעגענען. זי האָט געלאַכט און געענטפערט, אַז ביז צוועלף ביינאַכט, איז זי פאַרנומען.

— און נאָך צוועלף?

נאָך צוועלף, שלאָפט זי. זי שלאָפט אונטן, אין רעכטן פליגל, דאָס צווייטע פענצטער. ער קען אָנקלאַפּן און אַ רוף טאָן: „קאַטיאַ"...

„פּאַטריאַ" איז אַ פּענסיאָנאַט אין די בערג. „פּאַטריאַ" הענגט אין סאַמע מיט פון אַ באַרג־שפּוע, נאָר זיך אַראָפּצוקייקלען אונטן, אין האַסטיק שטראָמיקן טייך אַריין. אָבער שוין יאָרן ווי דאָס קאַלך־בלייכע הויז מיט די ברייטע פענצטער, ווי מיט צעשראָקן אויסגעריסענע אויגן וואָס קוקן צום אָפּגרונט, הענגט אין סאַמע מיטן פון דעם באַרג־שפּוע און קייקלט זיך נישט אַראָפּ.

צום צווייטן פענצטער פון רעכטן פליגל, איז עס כמעט נישט צוצו־קומען. עס איז אַ קאַרקברעכעריש שטיקל אַרבעט פאַר אַ דראָט־גייער אין אַ צירק. אָבער לייזער איז אַ ספּאָרטסמען — אין באַרג־קלעטערן געניט. ער באַטראַכט גוט דעם צוגאַנג, רייבט זיך אין פאַרלעגנהייט, דאָס ברייט,

ענערגיש און מיט געדיכטע זון־שפּרינקלעך באַזעצט פּנים און באַשליסט, אַז ער וועט זיך שוין אַן עצה־געבן:

— צוליב אַזאַ מויד, לוינט אַלץ!... — גיט ער אַ שאָקל מיט זיין געדיכטער קאַשטאַן־טשופּרינע, און לאָזט זיך אַראָפּ פון בארג.

לייזער וווינט נישט אין „פּאַטריא". ער וווינט אונטן, אין דאָרף. אין „פּאַטריא" האָט ער פאַרבלאָנדזשעט, ווען נאָך עטלעכע שעה קלעטערן אין די בערג, האָט ער אַ ווילדן אַפּעטיט באַקומען. אין משך פון די צוויי וואָכן, וואָס ער געפינט זיך דאָ אויף אורלויב, האָט אים גאָרנישט אינטערעסירט, אויסער די בערג. יעדן טאָג האָט ער זיך געמאַכט אַ נייעם פּלאַן: אויף וועלכן באַרג־שפּיץ אַרויפצוקלעטערן. אַז ער האָט דערגרייכט זיין ציל, האָט עס אים אָנגעפילט מיט גליק, ווי ער וואָלט פאַר דער וועלט מי־יודע וואָס אויפגעטאָן. ער האָט זיך דאַן גענומען צום מאָלצייט, ווי ער וואָלט עס אַליין פאַרדינט...

— און היינט האָב איך אַזאַ מחייהדיק בערגעלע...

ער האָט זיך דערמאָנט אָן אַ סטראָף פון אַ ספּאָרטלער־לידל, וואָס ער האָט אַ גאַנצן נאָכמיטיק, אין פיבערדיקער דערוואַרטונג, נישט אויפגעהערט צו זינגען:

אַ באַרג אויף אַ באַרג
און אויפן באַרג —
אַ בערגעלע,
אַ בערגעלע...
עך, קלעטער, קלעטערער,
קלעטער, קלעטערער,
צו דיין ציל,
צו דיין ציל...

אין אָוונט האָט לייזער געזען, אַז כמאַרעס קומען־אָן, נידערן אַראָפּ אויף די באַרג־שפּיצן און הילן זיי אַרום. די כמאַרעס נידערן, פאַרטרייבקען און פאַרגיסן די בערג. ביזן סאַמע טאָל. אָט באַלד — און מען וועט זיי שוין בכלל נישט אַרויסזען.

— זאָל נאָר נישט רעגענען. זאָל, חלילה, נישט רעגענען! — האָט ער געקוקט צום צאָרניק־פאַרכמורעטן הימל.

ניין. עס האָט טאַקע נישט גערעגנט. אָבער אַ געדיכטער, מאָכיקער נעפּל האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דער גאַנצער געגנט. געדיכט — נישט אַרויסצוזען זיך אַליין.

— גיי זיי אַ מבין אויף די משונהדיקע וועטער־קאַפּריזן אין די בערג! אַ נביא האָב איך געזאָלט זיין? אין אַזאַ נאַכט, ליגט מען בעסער אין וואַרימען צימער און מען לייענט אַ בוך. און אויב שיקסעס, פעלן זיי נישט אין דאָרף אויך. נאָר אָפּגערעדט, איז פאַרפאַלן. קיין פּחדן וויל איך נישט זיין!

צוועלף ביינאַכט. לייזער טאַפּטשעט אין קלעפּעדיקן ליים, גליטשט־זיך איבערן נאסן באַרג־שפּוע.

„מען זאָל עס זען כאָטש אַ פּייערל פון אַ פענצטער! אַ פלעמל, אַ פונק!"

אַ פייכטע, מאַכיקע פינצטערניש. לייזער קלעטערט אויף אַלע פיר. ער טאַפּט דעם וועג מיט די פיס און מיט די הענט.

„דאכט זיך, אַז איך האָב אינגאַנצן דעם וועג פאַרלוירן. איך בלאָנ־דזשע, נישט אַנדערש! אָבער איך הער דאָך פאָרט, ערגעץ נאָענט, רוישן דעם וואַסער־פאַל. דאָ, אונטן ערגעץ, איז דאָך דער האַסטיק־שטראָמיקער טייך. מוז דאָך דאָ ערגעץ „פּאַטריאַ" זיין. ווו האָט זיך עס „פּאַטריאַ" באַהאַלטן? עד, אַ גליטש! איך וועל זיך נאָך היינט אין וואַסער אַראָפּקייקלען און וועל נאָך האָבן אַ קאַלטע באָד!..."

אַ ליכט האָט אויפגעבליצט און אַ מענער־שטים האָט באַפוילן:

— שטיי! הענט אין דער הויך!

לייזער איז שטיין געבליבן. עמיץ איז האַסטיק אָנגעקומען מיט אַן עלעקטריש לעמפּל און אַריינגעלויכטן אים אין פּנים אַריין.

— אַנטשולדיקט. נישט איין געמיינט. איר קענט גיין אייער וועג. — האָט יענער זיין לעמפּל אויסגעלאָשן און זיך צוריק דערווייטערט.

נאָכן אַריינלייכטן לייזערן אין די אויגן אַריין, איז אים איצט דאָס פענצטערניש נאָך געדיכטער געוואָרן. נישט קיין בעפּל הענגט עס צווישן הימל און ערד, נאָר שוואַרצע, צעגאָסענע סמאָלע. אָבער אין דער געדיכטער, סמאָלעדיקער שוואַרצקייט בלענדיקן פאַר אים קאַטיאָס ממזרישע אויגן, אירע געזונטע ציינער, דאָס פאַרטוכל, דער טשעפּיק און די יצר־הרע שפּיצן פון אונטער איר צעפּאַראַסאָליעוועט קליידל... — גליטשט ער זיך, לייזער, און טאַפּט דעם באַרג.

„ווי אַזוי איז דאָס יענער אַזוי דרייסט, אַזוי געניט און זיכער גע־לאָפן? נישט אַנדערש, נאָר ער איז אַ היגער. אַ באַרג־איינוווינער. ער קען דעם פלאַץ. און פאַרוואָס האָט עס מיין אידיאָטישער קאָפּ נישט פאַרשטאַ־נען, מיטצונעמען אַן עלעקטריש לעמפּל?"

— שטיי!!! — האָט זיך ווידער דערהערט די פריערדיקע שטימע, פון אַן אַנדער ריכטונג.

לייזער האָט באַנומען אַ געלאָף. עטלעכע רעוואָלווער שאָסן האָבן אָפּגעהילכט. עמיץ איז פאַרבייגעלאָפן נאָענט פון אים. באַלד איז אַ צווייטער אָנגעקומען. ווידער אים אַ לייכט־געטאָן אין פּנים אַריין:

— אַך, ווידער איר? אייגנטלעך ווער זעט איר? וואָס טוט איר דאָ?

— איך בלאָנדזשע צוליבן נעפּל. איך זוך דעם פענסיאָנאַט „פּאַטריאַ"

— האָט לייזער געענטפערט דעם אומגעזעענעם, זייענדיק אַליין פאַרבלענ־דעט פון ליכט.

— איר שטייט דאָך פאַר דער „פּאַטריאַ"!

— ווו?

— אַט, פאַר אייער נאַז... — האָט יענער אויסגעדרייט דאָס לעמפּל און באַלויכטן די ווייסע געביידע, אַ צוואַנציק מעטער פון זיי.
— אַ, אַ דאַנק...
— האָט איר נישט באַמערקט עמיצן דאָ פאַרביילויפן?
— יאָ, נאָרוואָס איז עמעץ פאַרבייגעלאָפן אין אַט דער ריכטונג. וואָס טוט זיך דאָ, מיין הער? מען שיסט, מען לויפט, מען שרייט...
— אַ גנב באַהאַלט זיך דאָ. מיר ווילן אים כאַפּן. יאָ, שטייט טאַקע דאָ, אַ פּאָר מינוט. איך וועל זיך אַראָפּלאָזן נידעריקער. טאָמער קומט ווער אָן, גיט מיר אַ רוף...
„נישט פאַר מיר קיין געשעפטן!“ — האָט זיך לייזער אַ זאָג־געטאָן, ווען יענער האָט זיך דערווייטערט, און ער האָט זיך געלאָזן אין דער ריכ־טונג פון „פּאַטריאַ“.
אָבער ווי נאָר ער איז אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט, איז עמיץ האַסטיק אָנגעלאָפן אויף אים, האָט אים אַ טעמפּן זעץ געטאָן אין קאָפּ, אומגעשליי־דערט אין אַ גליטשיקער שיטערקייט, אַריבערגעשפּרונגען איבער אים און ווייטער געלאָפן.
— געוואַלד!!! — האָט זיך לייזער צעשריען מיט אַלע כוחות, מער פון שרעק, ווי פון ווייטיק. און אַוודאי נישט צוליב דעם, ווייל דער פריערדיקער האָט עס אים געבעטן, ער זאָל שרייען...
איצט זענען האַסטיק אָנגעקומען צוויי מיט לעמפּלעך:
— ווו איז ער?
— דאָרטן.
און די צוויי האָבן זיך אַ לאָז־געטאָן אין דער ריכטונג, ווו דער ער־שטער איז אַנטלאָפן.
„אַ בייזער חלום אויף מיינע שונאימס קעפּ! וואָס טוט זיך דאָ? אַ נאַכט... שוין איינמאָל אַ נעכטעלע!...“
ענדלעך האָט לייזער אָנגעטאַפּט די וואַנט פון דער געביידע.
„דער רעכטער פליגל... דאָס צווייטע פענצטער... ניין, צוריק גיי איך שוין היינט נישט... ביי איר בלייב איך שוין אַ גאַנצע נאַכט!“...
ער האָט זיך געשאַרט ביי דער וואַנט, זיך געדראָפּעט אויף איר, גע־האַנגען אויף משקולת. מיט איין האַנט האָט ער קוים דערגרייכט דאָס צווייטע פענצטער.
— קאַטיא... קאַטיענקא...
שטיל. שלאָפט מסתמא, נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט.
— קאַטיאַ!
שטיל. און אפשר שלאָפט זי גאָר נישט, די שעלמאַ? אפשר איז זי גאָר מיט אַן אַנדערן?
— קאַטיאַ!!! — קלאַפּט ער אין פענצטער.
שטיל. וואָס קען דאָס זיין?
לייזער קלאַפּט שטאַרקער. מען ענטפערט נישט. ער גיט מיט כוח אַ

זעץ אין פענצטער. — עפּעס פאלט אינעווייניק אום. עס צעקלינגט זיך צעשאָטן געשיר. עס צעבראָזגעט זיך צעבראָכן געפּעס. אַ הייזעריקע מענער־שטימע רייסט זיך פון אינעווייניק אַרויס, אין דער נאַכט־אַריין:

— ר א ט ע ו ע ט ! ! ! ג־נ־ב־י־ם ! ! !

דאָס שטיקל טינק, אָדער ציגל, אונטער לייזערס פוס, האָט זיך אָפּ־געקרישלט. ער האָט זיך געגומען האסטיק גליטשען פון באַרג־אַראָפּ. גלי־טשענדיק זיך — געזוכט אַן אָנהאַלט, אַן אָנטשעפּ אָן וואָס עס זאָל נאָר נישט זיין. ער האָט זיך געקייקלט און פון דער געביידע אויבן, האָבן אים נאָכגעיאָגט הייזעריקע קולות:

— ר א ט ע ו ע ט ! ! ! ג נ ב י ם ! ! ! — — — — —

ווען לייזער האָט געעפנט די אויגן, האָט שוין אָנגעהויבן צו טאָגן. ער איז געלעגן האַרט ביים וואַסער־פאַל. צוויי פּאָליציאַנטן זענען געשטאַ־נען איבער אים און אַן אַלטע גויע האָט אים געלייגט אַ נאסע שמאטע צום קאָפּ.

— נו, וואָס? קענסט זיך שטעלן אויף די פיס, צי מען דאַרף דיר טראָגן? — האָט איין פּאָליציאַנט געפרעגט.

— כ׳וועל פּרובירן.

די פּאָליציאַנטן האָבן אים געהאָלפן אויפשטיין.

לייזער האָט געפילט אַ ווייטיק אין קאָפּ, אין דער לינקער קני און אין רעכטן עלנבויגן.

— יאָ, שטיין קען איך.

— און שטעלן פיס?

— כ׳וועל פּרובירן.

לייזער הינקט, אָבער ער גייט. אַן אויסגעשמירטער אין ליים, אין קאַלך, אין בלוט און אין בלאָטע, גייט ער. ער הינקט אין מיטן, צווישןביידע פּאָליציאַנטן.

— וווהין, פּאַנאָוויע?

— אין פּאָליציי קאָמיסאַריאַט.

— נאָכוואָס?

— דאָרטן וועט מען געוויר־ווערן, ווער דו ביזט, און וואָס דו טוסט דאָ אין מיטן דער נאַכט, ביי פרעמדע פענצטער...

ביי זון־אויפגאנג, אויפן וועג צום פּאָליציי קאָמיסאַריאַט, איז פון דאָרף אַנטקעגנגעקומען קאָטיאַ. זי האָט זיך געאיילט. אַן אויסגעשלאָפענע, אַן אויסגערוטע, צו דער אַרבעט.

זיי האָבן זיך ביידע באַגעגנט מיט די בליקן: זיינע — צעווייטיקטע, באַליידיקטע, פאַרשעמטע. אירע — דערשטוינטע, לאַכנדיקע און נצחון־דיקע...

# די אויסגעשפּינענע

צוויי אַזייגער ביינאַכט, ווען די קעלנער פון דער באַהעמישער קנייפּע „מעטראָפּאָל" האָבן אַרויסגעבעטן די לעצטע שטאַם־געסט, כּדי דעם לאָקאַל צו שליסן, — האָט זיך זינגערן און קעלמאַנען נאָך אַלץ נישט געגלוסט אַ היים צו גיין.

דער שלאַנקער זינגער מיט די העל־בלויע אויגן, טונקל־בלאָנדע וואָנצעלעך און רויטן קראַוואַט, איז אַ זשורנאַליסט. דער נידריק־וווּקסיקער, ברייט־פּלייציקער און פול־געפּאַקטער קעלמאַן, פון אונטער וועלכנס קינסטלער־הוט מיט די ברייטע ראַנדן עס פּלאַטערט אַרויס אַ ווייבעריש־לאַנגע שוואַרצע פּאַלקע, — איז אַ מאַלער. צוליב צופיל דערפאַלג ביי פרויען, זענען זיי געבליבן אַלטע בחורים, וועלכע מען רופט דאָ „ציניקער" און „לצים". ציניקער — צוליב זייערע מיינונגען און צוליב זייער אופן ריידן וועגן פרויען. לצים — צוליב די שפּיצלעך וואָס זיי האָבן ליב אָפּצוטאָן און פון וואָס גאַנץ „מעטראָפּאָל" קייכט שפּעטער פון געלעכטער. צוליב דעם טאַקע, זענען זיי דאָ תּמיד די סענסאַציע פון אָוונט.

פון לאָקאַל זענען זיי איצט אַרויס די סאַמע לעצטע, ווען די קעלנער האָבן שוין, אויף די צונויפגערוקטע טישלעך, אַרויפגעשטעלט די איבערגעקערטע שטולן און גענומען באַשפּריצן די פּאָדלאָגע, צום אויסקערן. אינדרויסן, פאַר דער טיר, זענען זיי געבליבן שטיין מיט דער דעה, זיך אַוועקצושלעפּן אין אַ צווייטער קנייפּע, וועלכע איז אָפן אַ גאַנצע נאַכט, ביז פינף פאַרטאָג.

אָבער די נאַכט איז געווען אַ ליכטיקע, אַ פרילינגדיק־מילדע, מיט צאַרטע ווינטעלעך וואָס קומען אָנצופלאַטערן פון די פּאַרקן און ברענגען מיט זיך מיט דעם אַראָמאַט פון ברוינע קנאָספּן, פון בליענדיקן בעז און די פייכטע פרישקייט פון דער ווייסל. — זענען זיי שטיין געבליבן מיט ברייט צעשפּרייטע נאָזלעכער, איינאָטעמענדיק האַסטיק און טיף די פרילינג־נאַכט אין די לונגען־אַריין. זיי האָבן באַלד רעזיגנירט פון ווידער באַזעצן זיך אין אַן אָנגערויכערטער קנייפּע, ביז באַגינען און באַשלאָסן צו מאַכן אַ שפּאַציר, דורך די נאַכטיק־שטילע הויפּט־גאַסן, צו די אויאַזדאָווער אַלעען.

די רעקלאַמען פון דער מאַרשאַלקאָווסקאַ־גאַס, די פאַרשיידנקאָלירקע נעאָן־ליכט פון געשלאָסענע געשעפטן, באַר־דאַנסינגען און קינאָ־טעאַטערן, וואָס איז אָנהויב אָוונט צויבערן זיי און רופן די דורכגייער אין גן־עדנס פון

לוסט און פאַרווײַלונג, — ווארפן אָן איצט, נאָך האַלבער נאַכט, אַ מיסטישן אומעט אויף די אײנזאַמע שפּאַצירער.

אָבער זינגער און קעלמאַן ווילן אָט־דעם אומעט זיך נישט אונטער־געבן. און כאָטש וואו־נישט־ווו ווינקט אַ טונקל־קאָלירטער לאָמפּ, ווי אַ מוטנע־פאַרגאָסן אויג פון אַ בגילופינדיקן, וואָס גיט צו וויסן, אַז דאָ קען מען נאָך אַרײַנגיין, אַז אַן אײנזאַמער מאַן איז דאָ נישט אײנזאַם, — דאָך, שפּאַנען זיי ווייטער. זיי באַטראַכטן מיט שפּאָט די אײנציקע, געטוליעטע פּאָרלעך, וואָס אײַלן פאַרביי און די גאַסן־פרויען — אין יעדן ראָג.

די גאַסן־פרויען שטייען אין גרופּקעלעך, ביי יעדן ראָג, לאַכן הויך, רויכערן סיגאַרעטלעך, אָדער פאַרהאַלטן אַן אײנזאַמען דורכגייער, מכלומרשט ביי אים צו פאַרויכערן.

— עקלדיק! — זאָגט קעלמאַן — נישטאָ קיין מיאוסערע זאַך!

— און דאָס פאַמיליען־לעבן איז בעסער? — לאַכט זינגער.

— דאָס זעלבע. נאָר ביי די גאַסן פרויען איז עס אַ פאַך און ביי די דאַמען פון געזעלשאַפט — אַ ספּאָרט. די־אַ פאַרקויפן זיך אויס נויט און די פרויען פון אונדזערע קאָלעגן, פאַרראַטן פון לוקסוס. און דאָס איז נאָך געמיינער!

— איך וואָלט אונדזערע אַלע הערנער ־טראַגנדיקע חברים צעשיקט אַנאָנימע בריוו, אַז זיי זאָלן עפענען די אויגן, די אידיאָטן!...

— אַנאָנימע בריוו, זאָגסטו?... דאָס הייסט אַ קאַוואַל (שפּיצל)!... וואַרט נאָר, איך האָב אַ פּלאַן... זינגער, „מעטראָפּאָל" וועט גיין אויף רעדלעך!...

אָבער נאָך איידער קעלמאַן האָט באַוויזן צו דערקלערן זינגערן זיין פּלאַן, האָט אַ פּלוצימדיקע אומרוהיקע באַוועגונג צוגעצויגן זייער אויפ־מערקזאַמקייט:

די גאַסן פרויען אין די ראָגן, ווי זיי וואָלטן אַ צייכן באַקומען, האָבן זיך אַלע גענומען אײַלן. לויפן אין די טונקעלע געסלעך און פון די טונקעלע געסלעך אַרויס. זיי האָבן זיך געטראָגן ווי צעשראָקענע, געיאָגטע הערשן. ווו זיי זענען געלאָפן, — האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף אַ קייט פון פּאָ־ליציי. עס איז פאָרגעקומען איינע פון די אָפטע נאַכט־אָבלאַוועס אויף דעם סאָרט פרויען.

— אַ רחמנות! עס איז גאָר קיין גרענעץ נישטאָ צו געפאַלנקייט, עלנט און נויט! — באַדויערט קעלמאַן.

— אָבער אויף די „אָנשטענדיקע דאַמען פון דער געזעלשאַפט", וועט מען קיין אָבלאַוועס נישט מאַכן... — לאַכט זינגער.

זיי האָבן פאַרשנעלערט זייערע טריט, צו דערווייטערן זיך פון דער פרויען־בהלה, וואָס איז נאָך שטאַרקער געוואָרן, ווייל די פּאָליציי־קייט איז נאָך ענגער פאַרצויגן געוואָרן. די פרויען האָבן געפּלאַטערט איבער די גאַסן און, אַרומגערינגלטע אין גאַנצן קוואַרטאַל, האָבן זיי קיין אויסגאַנג נישט געפונען. זיי האָבן איצט אויסגעזען ווי צונויפגעטריבענע חיות אין אַ

וואַלד, אויף וועלכע מען הויבט אָן אַ יאגד. איינע פון זיי, מיט פאַרצווייפלט צעפּראַלטע אויגן, האָט אַרויסגעפּלאַטערט פון אַ טונקל געסל און זיך האַסטיק אַריינגעריסן צווישן זינגערן און קעלמאַנען, אָנכאַפּנדיק ביידן קראַמפּהאַפט אונטער די אָרעמס און פליסטערנדיק אַנגסטיק געדעמפּט:

— הערן, ראַטעוועט מיך. פאַרשטייסט מיך נישט. זיי וועלן מיך כאַפּן, בין איך אַ פאַרפאַלענע, אַ פאַרפאַלענע! אַ פאַרפאַלענע!

זינגער און קעלמאַן האָבן איר פאַרשטאַנען און מיטגעפילט. זיי זענען באַלד אָנגעצונדן געוואָרן מיטן באַגער צו טאָן אַ מצווה: ראַטעווען אַ פאַר־פאָלגטער, געפאַלענער פרוי פון טיפסטן אָפּגרונט. זיי האָבן איר, מיט אַ שטומען דריק מיט די אָרעמס צו וויסן געגעבן, אַז זיי זענען מסכּים. דאָס מיידל האָט תיכּף געמאַכט אַ פריילעך פּנים און געשמייכלט צו אירע „אַדאָראַטאָרן" מיט אַ צעפּיעשטשעטן שמייכל פון דערפּאָלג.

אַזוי זענען זיי אַרויס פון דער מאַרשאַלקאָווסקאַ־גאַס און בשלום אַדורך דורכן פּאָליציי־קאָרדאָן. ערשט אויף די יערוזאַלימער אַלעען האָבן זיי פרייער אָפּגעאָטעמט.

דער ערשטער איז רעדעוודיק געוואָרן זינגער:

— זאָג נאָר, דו נאַכט־פייגעלע, וואָס האָסטו אַזוי מורא פאַר דער פּאָליציי? וואָס טוט זי אייך דען? און פאַרוואָס, זאָגסטו, וועסטו ע ר ש ט ד א ן זיין אַ פאַרפאַלענע?, האַ?...

— ווייל איך בין נאָך נישט קיין פּראָפעסיאָנעלע גאַסן־פרוי. איך בין דאָ נישט לאַנג. איך טראַכט, זיך אַרויסצוראַטעווען פון דעם באַרוף. אָבער ווען די פּאָליציי כאַפּט מיך, דאַן שיקט מען מיך אויף מעדיצינישער קאָנ־טראָל, מען גיט מיר אַרויס אַ געל ביכל און איך בין שוין אַ געשטעמפּלטע, אַ פאַרפאַלענע. דאַן, מיטן געלן ביכל, וועל איך זיך שוין נישט קענען מער ראַטעווען און אָנהויבן צו לעבן אַן אָנשטענדיק לעבן.

— ביזט שוין לאַנג אין דעם פאַך?

— דריי חדשים.

— און ווילסט ענדיקן דערמיט באַצייטנס?

— אָבער זיכער!

— נו, פאַרוואָס ־ זשע טוסטו דאָס נישט?

— ווייל די נויט לאָזט נישט. איך וועל כאָטש אָנקלייבן אויף אַ שטיקל דירה, כאָטש אויף איין חודש לעבן, ביז איך וועל קענען געפינען אַ וועלכע עס איז באַשעפטיקונג.

— און ווי ביזטו געקומען דערצו? — צוימט נישט זינגער זיין זשור־נאַליסטישן בייגער.

— פרעגט נישט, טייערע הערען. עס איז אַ גרויסע טראַגעדיע און נישט אויף איין פוס צו דערציילן.

— איך גלויב איר! — האָט קעלמאַן אַ זאָג־געטאָן צו זינגערן מיט פעסטער איבערצייגנקייט — אָנשטענדיקע דאַמען רייסן זיך צו אויסגע־

לאַסנקייט און אויסגעלאַסענע — צו אַנשטענדיקייט. אָבער די לעצטע קומט עס אָן אַ סך שווערער...

זיי זענען שטיין געבליבן ביי אַ ראָג פון די אַלעען און אונטער דער ליכט פון אַ גרויסן עלעקטרישן לאָמפּ, האָבן זיי זיך באַטראַכט.

זי איז געווען אַ מיטלוועקסיקע, פולינקע שאַטינקע פון אַ יאָר זיבן, אַכט־און־צוואַנציק. סאָליד און מיט געשמאַק אָנגעטאָן. איר מאַנטל, הוט, שיך און זאָקן, האַנטבייטל און הענטשקעס האָבן גאַרנישט דערציילט וועגן אָרעמקייט און נאָך ווינציקער — וועגן איר אויסגעלאַסנקייט. זי האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ יונג, חנעוודיק, פריילעך אַלמנהלע. אירע פולע, פולכנע, פּאַררויטלטע בעקלעך, מיט די טיפע חן־גריבעלעך בעתן שמייכלען, האָבן נאָך פאַרמאָגט די נישט־אויסגענאָגטע מיידלשע פרישקייט. די העל־גרויע, לויטערע אויגן האָבן געקוקט אומשולדיק, כמעט נאיוו. אַזוי איז אויך געווען איר אַרט ריידן. און ווען נישט די פּאָר רייץ־לעקעלעך קאָקעטיש פאַרדרייטע אויפן שטערן, ווי אַ רעקלאַמע פאַר איר איצטיקער באַשעפטיקונג, וואָלט מען זי דרייסט געקענט אָננעמען פאַר אַ פיין קינד פון אַ באַלעבאַטישער היים. אַפילו אירע דיקע, אַפּעטיטלעכע ליפּעלעך האָבן נאָך פאַרמאָגט אין זיך אַלע מיידלשע זאַפטן.

— איר האָט געטאָן פאַר מיר אַ גרויסע זאַך, מיינע הערן. איך בין אייך גרייט אָפּצודאַנקען — האָט זי אַ שמייכל געטאָן מיט שעמעוודיקן רייץ.

— מען דאַרף נישט דאַנקען — זאָגט זינגער — ראַטעוועט זיך בעסער אַרויס פון דעם שמוץ באַצייטנס.

איך וועל עס זיכער טאָן, מיין הער.

— און ווו גייסטו איצט?

זי האָט אומעטיק אַ קוק געטאָן איבער דער נאַכטיקער אַלעע און אַ רעזיגנירטן מאַך־געטאָן מיט דער האַנט:

— וווהין האָב איך דען צו גיין? — אין גאַס...

— האָסט נישט קיין צימער? ווו שלאָפסטו?

— ווו מען נעמט מיך מיט.

זי האָט אַ ווײַלע געשוויגן און דאַן צוגעגעבן:

— אַז איר ווילט, וועל איך גיין מיט אייך.

די מענער האָבן נישט געענטפערט און זי האָט פאַרגעזעצט:

— די נאַכט וועט הייַנט זיין אַן אומרוהיקע. נישטאָ זיך ווו אַהינצוטאָן. און ביי אייך וועל איך גאַרנישט פאַרלאַנגען. איך וועל גיין מיט אייך „אויס ליבע", אויס דאַנקבאַרקייט. איר האָט דאָך מיך געראַטעוועט.

די חברים האָבן זיך איבערגעקוקט, ווי זיי וואָלטן זיך מיישב־געווען. דאַן האָט זינגער כיטרע אַ פרעג געטאָן:

— טאָ ווייז מיר פריער דיין ביכל און לאָמיר זען, צי דו ביסט געזונט...

— איך האָב דאָך אייך געזאָגט, מיינע הערן, איך האָב נישט קיין

ביכל. איך היט זיך דאָך אויס דערפון, ווי פאַרן לעצטן אומגליק! אָבער איך פאַרזיכער אייך, אַז איך בין געזונט. ווען איך וואָלט געצווייפלט אין דעם, וואָלט איך מיט אייך נישט געגאַנגען. פאַר דער טובה וואָלט איך אייך ניט אָפּגעטאָן מיט קיין רעה... זייט רוהיק...

— יאָ, אָבער האָסטו נישט קיין שום דאָקומענט?

— אַ פּאַספּאָרט האָסטו דאָך מסתמא? — איז אויך **קעלמאַן** **צו־געשטאַנען.**

דאָס מיידל האָט באַקומען פלאַמען אין די באַקן און מיניענדע פונקען אין די אויגן. עס איז קענטיק געווען, אַז זי קעמפט עפּעס מיט זיך אַליין, ווי מיט דער לעצטער ביסל בושה. דאַן האָט זי נערוועז אָן עפן־געטאָן דעם האַנטבייטל, אַרויסגענומען און דערלאַנגט זינגערן איר פּאַס.

זינגער האָט איבערגעליינט אויפן קול:

„צעלינא גאַרפינקעל, געבוירן אין ביאַליסטאָק, דעם...“

— גוט, זינגער, מיר וועלן זי מיטנעמען! — האָט זיך קעלמאַן דע־צידירט.

איצט האָבן זיי אייליק געשפּאַנט אַ היים, צו קעלמאַנען אין דער אַטעליע אַריין. אויפן וועג האָבן זיי נאָך איינגעקויפט וואַרשעווער אוונט־בייגל און ווינער ווורשטלעך מיט באַקימלטן זויערקרויט ביי די דרימלענ־דיקע, נאַכטיקע גאַסן־הענדלער. זיי האָבן פעסט אַ נעם געטאָן דאָס מיידל אונטער די אָרעמס און אַריינגערעדט אין איר געדיכטע פראַזן פון מאָראַל־פּרעדיקעריי: זי זאָל אַוועקוואַרפן דאָס שמוציקע גאַסן־לעבן באַצייטנס, כל־זמן זי איז נאָך יונג און געזונט און קען נאָך אָנהייבן צו לעבן אָנ־שטענדיק.

דאָס מיידל האָט געענטפערט, אַז זי איז גרייט אַפילו צו זיין ביי זיי אַ דינסט, קאָכן, וואַשן און ראָמען. אַלץ איז זי גרייט צו טאָן און גרענעצלאָז דאַנקבאַר זיין, אויב מען וועט איר נאָר אויסשטרעקן אַ האַנט און העלפן.

אין דער אַטעליע האָט זי טאַקע, תיכף ווי זי האָט אויסגעטאָן דעם מאַנטל, הענטשקעס און הוט, געמאַכט פייער אויפן אייזערנעם אייוועלע און צוגעשטעלט אַ טשייניק טיי צום קאָכן און די ווינער ווורשטלעך אויפצוזידן. ביז עס האָט אויפגעקאָכט, האָט זי דערווייל צוגעקערט און געגרייט צום טיש.

ביידע מענער האָבן איר אָבסערווירט און דערביי איז ביי זיי פאַרטיק געוואָרן אַ נייער, אַ צווייפאַכער פּלאַן: סיי דעם מיידל צו העלפן און, גלייכ־צייטיק, אָפּטאָן דעם בעסטן „קאַוואַל“ (שפּיצל) זייער אָנשטענדיקער „מע־טראָפּאָל“־געזעלשאַפט.

— וווּנדערבאַר!...

— אָט דאָס הייסט אַ קאַוואַל!...

— און דער סוד מוז בלייבן צווישן אונדז.

— פאַרשטייט זיך...

פון גרויס צופרידנקייט, האָבן זיי זיך די הענט געריבן, אַ שנאַפּס גע־

מאַכט און, מיט גרויס אַפּעטיט, זיך גענוצט זאַלבעדריט נאַכטמאָל עסן.

— ווילסטו, הייסט עס, ווערן אַן אָרנטלעכע פרוי?

— זיכער וויל איך.

— הער־זשע, צעלינאַ: פון היינט אָן זענען מיר ביידע דיינע אפּוטרופּ־סים... מיר וועלן זיך שוין מיט דיר פאַרנעמען.. — האָט קעלמאַן געזאָגט, פידלענדיק מיט אַ טעמפּן מעסער איבער די הייסע, זאַפטיקע וורשטלעך.

און זינגער האָט צוגעגעבן:

— יאָ, מיר זענען דיינע אפּוטרופּסים. מיר וועלן דיך צוריק אַריינ־פירן אין אַן אָנשטענדיקער געזעלשאַפט. דאַרפסט נאָר וויסן, ווי זיך צו האַלטן. נישט אויסשיטן זיך און נישט קאָמפּראָמעטירן אונדז. האַלטן זיך סאָליד, אָנשטענדיק. האָסט פאַרשטאַנען?

— ווייסט, וואָס דאָס הייסט? — האָט קעלמאַן געפרעגט — מיר וועלן דיך מאַכן פאַר אַ דאַמע פון אַ הויכער געזעלשאַפט!...

דאָס מיידל האָט נישט אַלץ פאַרשטאַנען. אַ הונגעריקע האָט זי גע־שלונגען די וואַרשעווער אָוונט־בייגל און די הייסע, זאַפטיקע וורשטלעך, וואָס האָבן זי דערוואָרעמט. אַ צעטומלטע, אַ פאַררויטלטע, האָט זי געהאַלטן אין איין שמייכלען און דאַנקען.

שפּעטער האָט צעלינאַ אויפגעבעט דאָס בעט. און ווען איינער נאָכן אַנדערן האָבן די „אַפּוטרופּסים" זי גענומען, — האָבן זיי דערביי אַריינגע־רעדט אין איר, אַז זי זאָל ווערן אָרנטלעך און אָנשטענדיק. מען וועט קריגן פאַר איר אַ לייטישן מאַן, אַ פּערזענלעכקייט, מיט אַ נאָמען. אָבער אָרנט־לעך און געטריי זאָל זי אים זיין! אויסער מיט זיי ביידן, זאָל זי איר מאַן מיט קיינעם נישט פאַראַטן. וואָרעם דאָס איז פּאַסקודנע, פע, שמוציק און נישט שיין!

צעלינאַ איז געגאַנגען פון איינעמס אָרעמס, אין דעם אַנדערנס און גע־האַלטן אין איין פאַרזיכערן: אַז זי וועט זיין אָרנטלעך און אָנשטענדיק.

***

ווען זינגער און קעלמאַן זענען, דאָס ערשטע מאָל, אַריינגעקומען אין „מעטראָפּאָל" מיט דער נייער, אומבאַקאַנטער דאַמע, האָט עס אַרויסגערופן אַ סענסאַציע ביי אַלע שטאַמגעסט. מען איז זיכער געווען, אַז זי איז אַ כלה פון איינעם פון זיי, וועלכער האָט ענדלעך געבראָכן זיין בחור־באַשלוס. און באַלד האָט מען גענומען טרעפן, וועמען פון זיי דעם מזל־טוב אָפּצוגעבן...

מיט איבערראַשטע און נייגעריקע בליקן האָט מען זיי באַגריסט פון אַלע טישלעך אַרום. מענער האָבן דעם נייגער נישט אויסגעהאַלטן און צו־געקומען צו זייער טישל, זיך צו באַגריסן און דער נייער דאַמע צו באַקענען.

אויסטערלישע מענער זענען דאָס געווען פאַר צעלינאַן: מיט צעדרייטע קאַפּעלושן, מיט גלאַנציקע פּליכן, מיט משונהדיקע קאָלטנס, ווילדע טשופּרי־נעס און ווייבערישע פּאָלקעס האָר, ווי ביי קעלמאַנען. מיט שוואַרצע און

דוּיטע, שלימזלדיק־אויסגעבונדענע קראַוואַטן. זיי האָבן זיך פּאַר איר קאָ־מיש געבויגן און פּאַצעטיש געקושט איר ווייך, פּולכנע הענטל.

צעלינאַ האָט זיך געהאַלטן באַשיידן. זי האָט פאַרהערט אַ צווידייטיקן וויץ, זיך גערויטלט פון צופיל אויפמערקזאַמקייט, געשמייכלט שעמעוודיק, כמעט צניעותדיק. ווייניק גערעדט. אָבער וואָס זי האָט געזאָגט, איז געווען טרעפלעך, אויפן אָרט, טאַקטפול און חנעוודיק. די געזעלשאַפט האָט דער־פון אָנגעקוואָלן, ווי פון דער גרעסטער חכמה. אָבער באַזונדערס זענען אירע „אַפּוטרופּסים" געווען דערשטוינט. און נאָכמער דערשטוינט זענען זיי גע־וואָרן, ווען צעלינאַ האָט אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש אין מאַלעריי, מו־זיק, טעאַטער און ליטעראַטור. פאַרשטענדעניש און גוטן געשמאַק. זי האָט גערעדט אַ ביאַליסטאָקער יידיש, אַ גוטן פּויליש, געזאָגט אַ פראַנצויזישן וויץ, אַ רוסיש פאָלקס־ווערטל און רעציטירט סטראָפן פון אַן ענגלישן פּאָעט.

זינגער און קעלמאַן האָבן זייערע אייגענע אויגן און אויערן נישט גע־גלויבט. זיי זענען אַנטשטומט געוואָרן פון איבעראַשונג. דערקעגן צעלינאַ האָט זיך געהאַלטן פריי, נישט געצוימט און נישט ווינציקער אייראָפּעאיש און געזעלשאַפטלעך, פון אַלע געשעצטע פרויען פון דער „מעטראָפּאָל"־גע־זעלשאַפט.

די דאַמען, ביי אַלע טישלעך אַרום, האָבן געשפּיזט צו איר מיט נייגע־ריקע און גיפטיקע בליקן: ווער איז זי דאָס די פרעמדע, וועלכע איז געקו־מען מיט זיי ריוואַליזירן?

זיי האָבן געמאָסטן איר יעדע באַוועגונג, איר אָרט זיצן, איר שמייכל, איר בליק און, מיט ווייבערישער מבינות, געוואָלט אָפּשאַצן איר כוח און ווערט... מיט וואָס האָט זי דאָס אָפּגעצויגן פון זיי אַלע די אויפמערקזאַמ־קייט פון די מענער פון דער גאַנצער קאַפע?

פון אָט די נישט־פריינטלעכע דאַמען־בליקן האָט זיך טאַקע צעלינאַ דערפילט היפּש אומהיימלעך. זי האָט עס, אָבער, נישט אַרויסגעוויזן. פאַר־קערט, זי האָט געשמייכלט אַרום זיך מיט אַ מילדן, גוטמוטיקן און פרייען שמייכל.

ביסלעכווייז איז אַרום זייער טישל פולער און פולער געוואָרן. זינגער און קעלמאַן האָבן, מיט אַן איבערגעטריבענער פייערלעכקייט און מיט אַ קוים מערקבאַרן ציניזם, געהאַלטן אין איין פאָרשטעלן פאַר צעלינאַן: מאָ־לער ש., קאָמפּאָזיטאָר ק., אַרטיסט ב., רעזשיסאָר ל., דיכטער ה., זשורנאַ־ליסטן, שריפטשטעלער, אינזשעניערן, אַדוואָקאַטן, טענצער, מעטאַלאָפלאַס־טיקער, סקולפּטאָרן...

ביי יעדן טיטול האָט זיך צעלינאַס האַרץ אַ צאַפּל געטאָן. איבערהויפּט — ביים טיטול דאָקטאָר... דער דאָקטאָר, האָט זיך איר גערעכט, קוקט איר אָן באַזונדערס דורכדרינגלעך, ווי ער וואָלט עפּעס אין איר דערזען... ניין, טאַקע נישט בלויז דאָס, — ווי קומט זי צו זיי צו אַזעלכע באַרימטהייטן, צו אַזעלכע גדולים פון גייסט און קונסט? זי? אַזאַ... — אַך, ווען זיי וואָלטן

געוווסט... ווען עמיץ וואָלט געוווסט... און אפשר וועט איר דאָ ווער צופע־ליק דערקענען?! — — —

עס האָט איר געשווינדלט אין קאָפּ, ווי זי וואָלט זיך, אויף אַ הוידע אַ צו־הויכן הייב געטאָן און זיך פאַרהאַלטן אין דער לופטן. ניין, עס איז צו־הויך פאַר איר, צו־הויך!

נאָר וואָס עס זאָל נישט האָבן פאָרגעקומען אין איר האַרצן, — אויפן פנים האָט געררוט אַ רואיק־מילדער שמייכל. בלויז די העל־גרויע אויגן האָבן זיך געהאַלטן אין איין מיניען, ווען קעפּ האָבן זיך געבויגן איבער איר און מענער האָבן געקושט איר האַנט... אירע אויגן האָבן זיך געמיניעט מיט אַזעלכע בליצעלעך, ווי תמיד ביי פרויען, ביי וועלכע מען קען נישט דער־גיין, וואָס זיי טראַכטן און עס איז מערסטנטייל דער היפוך פון דעם, וואָס איר שטויסט זיך אָן...

און דאָס ערשטע מאָל, פאַר דער עקזיסטענץ פון „מעטראָפּאָל", זע־נען זינגער און קעלנער נישט פאַרבליבן ביזן שליסן דעם לאָקאַל. נאָר האָבן מיט זייער דאַמע אַוועקגעאײַלט היפּש פאַר צוועלף אַ זייגער, איבערלאָזנ־דיק דעם עולם זיך צו ברעכן די קעפּ פון דער רעטעניש...

***

די זעלבע וואָך האָט זיך שוין צעלינאַ געפילט היימיש אין איר נייער סביבה, ווי זי וואָלט דאָ תמיד געלעבט. זי האָט שוין געקענט יעדן איינציקן און יעדערער — איר.

די דאַמען, וועלכע זענען אַלע גרייט געווען, דעם ערשטן אָוונט, צו מאַכן יד־אחת קעגן איר, — זענען געוואָרן אירע פריינדינס, לאַדן איר איין אין זייערע הייזער אויף טיי און קאָרטן און זענען גערן פון איר צו הערן אַ קאָמפּלימענט. פון צעלינאַס אַ גוט וואָרט פילן זיי זיך אַזוי געשמייכלט, אַז זיי פאַרגינען איר שוין אַלע קאָמפּלימענטן, וואָס זי באַקומט פון די מענער.

און נישט בלויז קאָמפּלימענטן באַקומט צעלינאַ, נאָר אַלס צייכנס פון באַזונדערער אויפמערקזאַמקייט — פאַרשידענע געשאַנקען: מאָלער טראָגן איר צו איר פאָרטרעט. צענדליקער קעפּלעך אין פּראָפיל און אָם־פאַס, מיט קויל, אָדער מיט טוש געצייכנטע. מעטאַלאָפּלאַסטיקער קלאַפּן אויס איר קעפּל אין בלעך און שענקען עס איר אַלס בראָשקע. פּאָעטן ווידמענען איר לידער. אַ קאָמפּאָזיטאָר האָט לכבוד איר אַ קאָמפּאָזיציע געשאַפן און דער „מעטראָפּאָל"־אָרקעסטער שפּילט עס. די קאָמפּאָזיציע הייסט „צעלינאַ" און דער דזשאַזבאַנדיסט זינגט־צו דערביי, דורך זיין הילכער:

צעלינאַ, צעלינאַ,
דו ביזט מיין גליק...
צעלינאַ, צעלינאַ,
שענק מיר אַ בליק...
האָסט ס'האַרץ מיינס געפאַנגען,

געפּענטעט מיט שטריק...
צעלינאַ, צעלינאַ,
מיין האַרץ גיב צוריק...

ביי דעם ליד ווערט אויסגעלאָשן די העלע און עס ווערט אָנגעצונדן די טונקעלע שטימונגס־ליכט. בלויע, רויטע, גרינע לעמפּעלעך טוקן און ווינקען איבערן פּאַרקעט, ווו צענדליקער פּאָרלעך דרייען זיך, שטויסן זיך אָן איינס אויפן אַנדערן מיטזינגענדיק מיטן דזשאַזבאַנדיסט:

צעלינאַ, צעלינאַ,
שענק מיר אַ בליק...

און צעלינאַ אַליין טאַנצט אויך און זינגט־מיט מיט אַלעמען, שמייכ־לענדיק אַרום זיך דאָס גליקלעכע שמייכעלע פון דערפּאָלגרייכע פּרויען...

אַלץ דרייט זיך אַרום צעלינאַן. צעלינאַ איז די נישט־געקרוינטע קע־ניגין פון „מעטראָפּאָל", אַרום וועלכער אַלע טאַנצן, צו וועלכער אַלע בוקן זיך, שמייכלען, ווינקען, זינגען, הייבן די כוסות לחיים און זיפצן...

טאַנצן מיט צעלינאַן איז אַ פאַרגעניגן און אַ כבוד. באַגלייטן צעלינאַן אַהיים, איז אַ יחוס, כמעט אַ זיג. טוצן מענער אַרום איר טישל זענען תמיד אויף דער וואַך: גרייט אַ שטול אונטערצורוקן, דעם קעלנער אַ רוף טאָן, העלפן איר דעם מאַנטל אָנצוטאָן און אויסצוטאָן, אירס אָן אַראָפּגעפאַלן טי־כעלע אויפצוהייבן און דערלאַנגען — מיט איין וואָרט: דינען... דינען דער נישט־געקרוינטער „מעטראָפּאָל"־קעניגין, מיט סענטימענטאַל־פאַרגלאָצטע אויגן, מיט אַ טיפן זיפץ און מיט אַ שטילן, לײדנשאַפטלעכן מורמלען:

צעלינאַ, צעלינאַ,
שענק כאָטש אַ בליק...

***

אויף דער דריטער וואָך האָט עס, ווי אַ דונער, געטראָפן אין „מעטראָ־פּאָל":

— צעלינאַ איז געוואָרן די כלה פון אַלטן קאָמפּאָזיטאָר שרייער...

קיינער האָט עס נישט געקענט פאַרשטיין:

— פאַרוואָס האָט זי דאָס געטאָן?

— ער קען דאָך זיין איר זיידע...

— אַזאַ קלוגע מויד זאָל זיך אַזוי באַנאַרישן...

אָבער ווען דער אַלטער קאָמפּאָזיטאָר שרייער, מיט זיין יונגער כלה צעלינאַ זענען געאָרעמטע אַריינגעקומען אין „מעטראָפּאָל", — האָט זיי דער אָרקעסטער געמאַכט אַ טוש און דער עולם האָט זיי אויפגענומען מיט אַ שטורמישן „וויוואַט!!!".

ביידע זענען זיי שטיין געבליבן פאַררויטלטע, יום־טובדיק צעשטראַל־טע. ער — מיט אַ רויז אין דער לאַץ, זי — מיט אַ בוקעט אין די הענט. אַלע האָבן זיך אַ שאָט געטאָן זיי אַנטקעגן מיט אַ פּייערלעכן:

— מזל־טוב!...

— פיל גליק דעם יונגן פּאָר!...

דער אָרקעסטער האָט אויפגעשפּילט „צעלינאַ". אָבער צענדליקער הענט האָבן כוסות אויפגעהויבן און אַ כאָר האָט אַ הילך־געטאָן:

לאָמיר אַלע, אַלע אינאיינעם
חתן־כלה מקבל־פּנים זיין...
דאָס יונגע פּאָר מקבל־פּנים זיין...
לאָמיר אַלע אינאיינעם,
לאָמיר אַלע אינאיינעם
טרינקען אַביסעלע וויין...

אַלע טישלעך זענען באַלד צוזאַמענגערוקט געוואָרן אין איין לאַנגן יום־טוב־טיש, ביי וועלכנס אויבנאָן חתן־כלה זענען אַוועקגעזעצט געוואָרן. און כאָטש דער אַלטער תמיד־אָפּגעלאָזענער קאָמפּאָזיטאָר איז היינט, אַן אויסגעפּוצטער, ייִנגער געוואָרן אויף אַ צוואַנציק יאָר, — דאָך, האָבן אַלע באַמערקט, אַז צעלינאַ האָט זיך געטוליעט צו אים, ווי אַ צערטלעכע טאָכטער צו אַ געטרייען פּאָטער...

שרייערס לאַנגע, גרויע קודלעס האָר זענען היינט זאָרפעליק פּאָרקעמט און גלאַנצן פעט מיט בריליאַנטין. זיינע וואַנצעס — צוגעשוירן און צוגעפאַרבט. די רויטע רויז אין זיין לאַץ ווארפט אויך אַ רויטקייט אויף זיינע שיטער־שליאָבערדיקע, אָבער גלאַטיק־אויסגעראַזירטע באַקן. ער איז צעיאַכמערט ווי נאָך אַ הייסער פּאַרע־באָד און נאָך אַ פעסטן שנאַפּס. ווען אַלע הייבן זייערע כוסות פאַרן גליק פון „יונגן פּאָר", דערפילט ער זיך טאַקע יונג, טאַקע גאָר מעשה חתן־בחורדיק... ער גיט דאַן אַ פעסטן נעם זיין כלה אין די מגושמדיקע אָרעמס אַריין און, זוכנדיק איר מויל צום קושן, — פאַרשיט ער זי אינגאַנצן און פאַרדעקט איר מיט זיין לאַנגער, געדיכטער פּאָלקע האָר...

און ווען שרייער קושט לאַנג זיין באַשערטער, בייגן זיך כמעט אַלע פרויען איין, נייגעריק אַרונטערצוקוקן, צי ער האָט גוט געטראָפן, דער אַלטער און וואָס פאַר אַ מינע זי, צעלינאַ, מאַכט דערביי...

און העט ווייט־ווייט, אַראָפּ, ביים סאַמע עק פון לאַנגן טיש, ווי זיי וואָלטן מיטן גאַנצן ענין קיין שייכות נישט געהאַט, זיצן זינגער מיט קעלמאַנען, קלאַפּן זיך אָן מיט זייערע גלעזלעך און שמייכלען אַ פאַרדעכטיקן שמייכל...

די איינציקע, וואָס האָט זייער שמייכל באַמערקט, איז געווען צעלינאַ. זי האָט אים פאַרשטאַנען, דעם שמייכל און געוווסט וואָס ער באַדייט. און זי האָט אויך געוווסט, אַז זי וועט האַלטן וואָרט, ווי זי האָט עס אירע „אפּוטרופּסים" צוגעזאָגט.

צעלינאַ גאָרפינקעל איז געוואָרן מאַדאַם שרייער. זי האָט דערשטיקט אין זיך דעם צער פון אַ יונגער פרוי, וועלכער עס איז באַשערט אָפּצולעבן

אַ לעבן מיט אַן אַלטן מאַן און ליגן וואַך, גאַנצע נעכט, ביי זיין זייט, ווען ער שנאָרכט.

דערפאַר האָט זי זיך געטרייסט מיט איר שיינער היים, מיט איר באַ־לעבאַטישקייט, מיטן כבוד פון איר מאַן, דעם פאַרזאָרגער אירן און דער עיקר — מיט דעם, וואָס זי האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט פון עקלדיקן אָפּ־גרונט און איז איצט אַ געשעצטע און געאַכטעטע דאַמע פון אַזאַ הויכער געזעלשאַפט.

און דערפאַר אויך האָט זי רעגלמעסיק באַזוכט קעלמאַנס אַטעליע, ווו ביידע „אפּוטרופּסים" אירע האָבן זיך באַמיט, צו רעהאַביליטירן איר די נישט־גלייכקייט פון דעם שידוך.

***

צעלינאַ, אַלס מאַדאַם שרייער, איז נאָך רייצנדער געוואָרן. מיט יעדן טאָג האָט זי זיך אַלץ שענער צעבליט. אָט ווי מען וואָלט אַרויסגענומען אַ דאָרנדיקן געוויקס פון אַן ענגן וואַזאָן, אין אַ טונקעלער שטוב און אין אַ זאַפטיקן באָדן, אונטער דער ליכטיקער זון, איבערגעפלאַנצט.

עס האָט אויסגעזען, ווי אירע דורכן מאַן נישט געשטילטע ליידנשאַפטן, וואָלט צעלינאַ אויסגעלאָדן נאָר אין קליידונג און צירונג. יעדן טאָג איז זי געקומען מיט אַ נייעם הוט, מיט אַ נייעם האַנט־בייטל און מיט נייע הענטש־קעס און לאַטשן צו יעדן נייעם קלייד. איר צירונג איז געווען איידל, גע־שמאַקפול, קאָסטבאר און נישט־פאַררייסנדיק. זי האָט זיך געשפּילט מיט אירע פּערל, אויערינגען, בראַסליעט און בראָשקעס און זיי געצערטלט, ווי אַ פאַרליבטע.

אָבער דווקא איצט, ווען זי איז געוואָרן די פרוי פון דעם אַלטן, אָפּגע־לעבטן קאָמפּאָזיטאָר, — האָבן אירע „מעטראָפּאָל"־אַדאָראַטאָרן באַקומען מער האָפענונג. איצט האָבן זיי נאָך מער אַרומגעפלאַטערט אַרום איר, ווי בינען אַרום אַ האָניק־בלום און אויסגעוואַרט דעם מאָמענט, וואָס מוז סוף־כּל־סוף קומען.

— נאָך אַ קליין ביסעלע געדולד...— האָבן זיי זיך געטרייסט.

— דער עיקר איז: זיין אויף דער וואַך. אויף דער מציאהלע וואַרטן דאָך צופיל בעלנים...

צעלינאַ האָט געוווסט פון זייערע אַלעמענס אילוזיעס און עס האָט איר דווקא הנאה געטאָן. און כּדי צו פאַרבלייבן אין צענטער פון אַלעמענס אויפ־מערקזאַמקייט, כּדי אָנצוהאַלטן די שטימונג און אינטערעס, — האָט זי נאָך פריינטלעכער געשמייכלט צו יעדן איינעם, געדאַנקט פאַר יעדער קלייני־קייט, מיט אַ באַזונדערס וואַרעמען בליק, וואָס מען האָט עס אָנגענומען פאַר אַ גוטער אָנצוהערעניש, פאַר אַ האַלבן צוזאָג...

בלויז די האַלטונג פון שטיגליצן, דעם עקספּרעסיאָניסטישן מאָלער, קרעפטיקן יונג מיט די ברייטע, מאַנגאָלישע קינבאַקן און ענערגישער, בריי־טער גאָמבע, האָט צעלינאַן באַאומרואיקט.

שטיגליץ האָט דווקא, ווינציקער פון אַלעמען אַרומגעטאַנצט אַרום איר. ער האָט ווינציקער גערעדט, געלאַכט און זיך געוויצלט. און דאָך האָט זי אַרויסגעפילט דעם פאַרשטיקטן פייער, וואָס טליעט אין אים.

וויפל מאָל צעלינאַ האָט זיך באַגעגנט מיט שטיגליצעס בליקן, האָט זי אויפגעהערט צו שמייכלען און נערוועז גענומען שפּילן זיך מיט אירע פּערל.

מאָדנע בליקן האָט ער, דער שטיגליץ. בליקן פון אַן אַזיאַטישן הער־שער, פון אַ זעלבסט־זיכערן מאַכטהאָבער, אַ באַפעלער. זי מיידט אויס זיינע בליקן און מיידט אויס צו בלייבן מיט אים ביים טישל אַליין. ווי זי וואָלט וויסן, אַז זי וועט שוואַך זיין אַנטקעגן אים, אַז זי קען זיך פאַרגעסן, אַז ער וועט זי איבערגעוועלטיקן.

און נישט נאָר דאָס, — עפּעס פילט זי אַן אומבאַוווסטע שרעק פאַר אים. ווי זי וואָלט פאַרגעפילט אַן אומגליק וואָס ער טראָגט פאַר איר. זי ווייסט, אַז זי מוז וויכן פון אים און זי טוט עס נישט. ווי זיינע היפּנאָטי־זירנדיקע, מאַגנעטישע אויגן וואָלטן זי געצויגן צו דער אומפאַרמיידלעכער באַשערטקייט.

און כאָטש שטיגליצעס האַלטונג האָט געקענט הייסן דיסקרעט, האָבן עס דאָך אַלע באַמערקט. מען האָט אים גענומען קיבעצן מיט ווערטלעך און לידלעך, מיט וויצן און ווינקעניש, ביז ער איז פּלוצלינג פאַרשוווּנדן גע־וואָרן פון „מעטראָפּאָל“. אויף היפּשע עטלעכע וואָכן איז ער פאַרשוווּנדן, ווי אַ שטיין אין וואַסער אַריין.

און פּלוצלינג ווי ער איז פאַרשוווּנדן, אַזוי פּלוצלינג האָט ער זיך צו־ריק באַוויזן, ווי פון אַ ווייטער לוסטרייזע געקומען. איצט איז ער שוין גע־ווען אויסגעהיילט פון אַלע סענטימענטן. דער זעלבער פריילעכער, גוטברו־דערישער שטיגליץ, וואָס תמיד...

— שטיגליץ! ווו ביזטו דאָס געווען אין די גרויסע פרעסט?...

— ביי זיך אין דער אַטעליע...

— געמיינט, אין פּאַריז, אין איטאַליע, אין דער שווייץ... וואָס האָסטו דאָרט געטאָן די גאַנצע צייט, אַן אָפּגעשלאָסענער אין דיין אַטעליע, ווי אַ נאָנע אין אַ קלויסטער?...

— וואָס איך האָב געטאָן? איך האָב געאַרבעט!... געשאַפן עטלעכע וווּנדערבאַרע בילדער, זעלטענע אַקטן... איך גרייט בקרוב אַן אויסשטעלונג.

און איצט האָט שוין שטיגליץ געשמייכלט צו צעלינאַן. געשמייכלט פריינטלעך, מיט פולסטער אַכטונג, ווי צו אַ הויך־געשעצטער דאַמע פון דער געזעלשאַפט, ווי צו דער פרוי פון דעם גרויסן און באַרימטן קאָמפּאָ־זיטאָר.

צעלינאַ איז געבליבן די איינציקע דאַמע אין „מעטראָפּאָל“, וועלכע האָט אַלעמען, אָן אויסנאַם, געוווּנען אַלס פאַרערנדיקע פריינט. אַפילו די פּראָפעסיאָנעלע רכילותניקעס ביי די טישלעך, וועלכע באַרעדן תמיד אַלע פרויען פון זייערע נאָענטסטע קאָלעגן, מאַכנדיק וועגן זיי די צינישסטע וויצן, — האָבן אויף צעלינאַן קיין פּגם נישט געפונען.

און נישט נאָר זיי; — מיט דער צייט האָבן זינגער און קעלמאַן, אַדאַנק צעלינאַן, ראַדיקאַל געענדערט זייער מיינונג וועגן פרויען בכלל...

דאָס איז געווען דאַן, ווען צעלינאַ איז דעם לעצטן אָוונט געקומען צו זיי און, מיט טרערן, געבעטן צו באַפרייען איר פון געגעבענעם צוזאָג. זי איז גרייט זיי אָפּצודאַנקען פאַר איר גליק, מיט וואָס זיי וועלן נאָר פאַרלאַנגען און מיט וויפל זיי וועלן פאַרלאַנגען, נאָר „נישט מיט דעם"... זיי האָבן איר אַרויסגעראַטעוועט פון שמוציקסטן אָפּגרונט. זי וועט עס אייביק אָפּשאַצן און געדענקען. אָבער איצט וויל זי זיך טובלען אין ריינקייט. אַפילו ווען זי האָט אַן אַלטן מאַן, וויל זי אים זיין געטריי און ערלעך. עס איז איר במאס און עקלדיק אַזאַ טאָפּל־לעבן, וואָס איז פּונקט אַזוי שענדלעך, ווי גיין אויף דער גאַס. ניין, נאָך ערגער: פריער האָט זי כאָטש קיינעם נישט פאַרראַטן, געהאַנדלט בלויז מיט זיך אַליין. אָבער איצט שענדעט זי אויך דעם כבוד פון איר מאַן. זי וויל עס נישט מער, זי טאָר עס נישט מער, זי קאָן נישט מער! — — —

דאָס אַלץ האָט זי זיי דערקלערט מיט ספּאַזמען, מיט היסטעריע און מיט אַ שעהן־לאַנגן שלוכצן נאָכדעם.

זינגער און קעלמאַן זענען, פון דער סצענע, געווען אַזוי גערירט, אַז זיי האָבן זיך דערפילט אַנטקעגן צעלינאַן, ווי אויסוואורפן אַנטקעגן אַ הייליקער.

זיי האָבן איר באַרואיקט, זיך אַנטשולדיקט. קיינער צווינגט איר נישט, חלילה! זיי זענען פולקאָם מסכים מיט איר, אַז זי דאַרף טאַקע מער נישט קומען און זיי שווערן איר צו, הייליק צו האַלטן דעם סוד.

ווי אַ צערטלעכער שוועסטער האָבן זיי זי געגלעט, געטוליעט און איינגענומען. און שפּעטער, ביי איר אַוועקגיין, האָבן זיי איר אַפילו, צום ערשטן און לעצטן מאָל, די האַנט געקושט.

***

שטיגליץ האָט פיבערדיק געמאַכט די צוגרייטונגען צו זיין בעפאָרשטייענדיקער אויסשטעלונג. וואָכן פריער האָט ער שוין צעשיקט וועגן דעם נאָטיצן אין דער פּרעסע, רעפּראָדוקציעס פון זיינע בילדער און אַ קלישע פון זיין אויטאָפּאָרטרעט — אין די אילוסטרירטע אויסגאַבן. אַפילו איינלאַדונגען צו פּערזענלעכקייטן האָט ער שוין באַצייטנס צעשיקט, נישט האָבנדיק נאָך אַפילו אַלע ראַמען פאַר די בילדער זיינע.

שטיגליץ איז תמיד געווען אַ מייסטער צו מאַכן אַרום זיך שטימונג. קאָלעגן האָבן עס אַ נאָמען געגעבן: „ער מאַכט אַ קאָרזש"...

אָבער איצט האָט ער אַזויפיל און אַזוי באַגייסטערט גערעדט וועגן זיינע נייע בילדער, אַז ער האָט די גרעסטע סקעפּטיקער באַאיינפלוסט. מען האָט אים שוין באמת אָנגעהויבן צו גלויבן.

עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז אַפילו קעלמאַן האָט שוין מער נישט גע־

קענטביישטיין דעם נסיון און זיך געמוזט אַרויפכאַפּן אין זיין קאָלעגעס אַטעליע, זיינע בילדער אָנצוקוקן.

ניין, פון שטיגליצעס „אַנטדעקן נייע אַמעריקעס", איז ער נישט אי־בעראַשט געוואָרן, קעלמאַן. נישט פון זיינע קאָמפּאָזיציעס, נישט פון זיין טעכניק, נישט פון זיין ריטם און נישט פון זיינע פאַרבן.

פון וואָס ער איז, אָבער, יאָ איבעראַשט געוואָרן און דאָס, אַזוי, אַז די האָר־וואָרצלען אין קאָפּ האָבן אים אַזש, ווי נאָדלען, געגומען שטעכן, — זענען געווען זיינע אַקטן.

אַ קאַלך־בלייכער, מיט ברייט־אויפגעריסענע אויגן און פאַרשטשירעטע ציין, איז ער שטיין געבליבן און געגלאָצט אויף דריי מוטערלעך־נאַקעטע צעלינאַס, אין דריי פאַרשידענע פּאָזן.

און ווען ער האָט אַ גאַליקן שפּיי געטאָן, אַ טראַסק־געטאָן מיט דער טיר און זיך געלאָזן, ווי אַ משוגענער, האַסטיק לויפן פון די טרעפּ אַראָפּ, — האָט זיך אים נאָכגעיאָגט און נאָכגעקייקלט שטיגליצעס הילכיקער, טייוולאָנישער געלעכטער.

***

צומאָרגנס האָט עס אין „מעטראָפּאָל" געררוישט, ווי אויף אַ מאָבילי־זאַציע־פּלאַץ, בעת אַ פּלוצלינגדיקן מלחמה־אויסברוך.

טייל האָבן געשריגן, זיך געזידלט, געווען אויפגעבראַכט. טייל האָבן געקייכט ביז טרערן, ביז היסטעריע. פרויען האָבן געשפּיגן, געשפּיגן און געשפּיגן. דער גאַנצער עולם האָט זיך געהיצט, אַרומלויפנדיק אויפגעבראַכט פון טישל צו טישל און טומלענדיק מיט דער אויסטערלישער סענסאַציע.

יעדן פריש־אַריינקומענדיקן איז מען באַלד אַנטקעגנגעלאָפן מיטן:

— איר האָט שוין געהערט?...

און נישט וואַרטנדיק אויפן ענטפער, צי ער האָט שוין געהערט, האָט מען אים געלאָזן נאָכאַמאָל הערן די גאַנצע געשיכטע פון אָנהויב ביזן סוף...

דער אַלטער קאָמפּאָזיטאָר שרייער איז געשטאַנען אינמיטן פון רוישיקן עולם, אַ בלייכער, אַ צעשויבערטער, מיט שגעונישע אויגן. ער האָט איצט אויסגעזען, ווי אַן אַלטער, דעגראַדירטער גענעראַל, וועמען מען האָט די שליפעס אַראָפּגעריסן און צום טויט פאַרמשפּט. ער האָט געבלאָנקעט מיט די אויגן אַרום זיך, ווי ער וואָלט געזוכט עמיצן, ווער עס זאָל אים רעהאַ־בילּיטירן און ראַטעווען. אַזאַ עמיצער איז אָבער נישט געווען.

און צעלינאַ איז דאָ שוין אויך מער נישט געווען.

***

וואָכן לאַנג האָט זיך „מעטראָפּאָל" געטומלט מיט דער סענסאַציע.

אָבער אַפילו שפּעטער, ווען עס איז שוין שטיל און, ווי עס האָט זיך געדאַכט, פאַרגעסן געוואָרן, — האָט מען נאָך אַלץ געקענט טרעפן אַ מאַן, ביי זיין גלעזל קאָניאַק, אונטערברומענדיק זיך אומעטיק דאָס לידל:

האָסט ס׳האַרץ מיר געפאַנגען,
געפענטעט מיט שטריק.
צעלינאַ, צעלינאַ,
מיין האַרץ גיב צוריק — — — .

אָבער ווען דער „מעטראָפּאָל״־אָרקעסטער האָט נאָכאַמאָל געפּרוווט אויפשפּילן „צעלינאַ״, האָט עס געקלונגען ווי חוזק. עס האָבן זיך באַלד דערהערט פּראָטעסטן און דער אָרקעסטער האָט געמוזט איבעררייסן אין מיטן...

דער אַלטער שרייער האָט זיך לאַנג, לאַנג נאָך אַרומגעדרייט ווי אַן אבל און אַלץ קיין טרייסט נישט געפונען.

פּאַר קאָלעגן האָט ער זיך מודה געווען, אַז איר פאַרגאַנגענהייט וואָלט ער איר שוין מוחל געווען. ווען... ווען זי וואָלט אים נישט אַזוי קאָמפּראָמיטירט מיט שטיגליצן.

שטיגליץ האָט זיך אַפּילו געהאלטן אין איין שווערן, אַז צעלינא האָט אים צו די בילדער נישט פּאָזירט. אַז אירע אַקטן האָט ער געמאָלן לויט דער פאַנטאַזיע. אָבער ווער האָט עס אים דען געגלויבט?

און קיינער, קיינער האָט נישט געקענט פאַרשטיין, ווזהין איז דאָס צעלינאַ פאַרשוווּנדן געוואָרן.

ערשט אין אַ צייט אַרום, אין אַ האַרבסטיקער רעגן־נאַכט, האָט איר אַ „מעטראָפּאָל״־שטאַמגאַסט געטראָפן אין אַ ראָג פון דער מאַרשאַלקאָווסקע־גאַס.

זי האָט אים גערופן. און, איידער ער איז געגאַנגען מיט איר, האָט זי אים געוויזן איר געל ביכל...

# מיין ליבער מערדער

פון וואַנען האָט זיך עס דערנומען, צו דעם אייביק־גוטמוטיקן פעליקס, אַזאַ מוראדיקע רציחה? —

פעליקס איז דאָך אַ צער־בעלי־חיימניק, טשעפּעט אַפילו נישט אַ פליג אויף דער וואַנט. ער האָט קיינמאָל אויף קיינעם קיין האַנט נישט געהויבן. עס האָט זיך געדוכט, אַז אַפילו צו־הויך אָנשרייען אויף עמיצן וואָלט ער נישט געקאָנט.

איז ער שיכור געווען? — אפשר יאָ. אָבער דאָסמאָל — נישט פון קיין אַלקאָהאָל. אַ שיכרות־צושטאַנד פון צופיל אָנגעזאַמלטער פאַרביטערונג, וואָס נעמט אָפּט אויף אַוועק דעם קלאָרן פאַרשטאַנד.

ער האָט זיך בשום אופן נישט געקאָנט קאָנטראָלירן און האַמעווען. און ער ווייסט עס אַליין נישט, ווי די שווערע, שאַרפע האַק האָט זיך דערנומען אין זיינע פיבערנדיקע הענט.

אָבער אַז ער האָט שוין די האַק געהאַלטן, האָט אים עפּעס אַ ווינט אַ נעם געטאָן אונטער די אָרעמס און זיי צעפליגלט. אַ פינצטערער כוח, ווי אַ פון אינעווייניק אויפגייענדיקער שטורעם, האָט אים אַ שטויס געטאָן זיך צו פאַרמעסטן קעגן סאָניען, צו הייבן די האַק און אַראָפּלאָזן מיט האַסט, ווו עס לאָזט זיך און ווו עס טרעפט.

ניין, דאָס האָט נישט געטון פעליקס מיט זיין אייגענעם ווילן. עפּעס אַ שד, אַ טייוול האָט זיך אין אים פאַרקליבן און ער האָט געפאָכעט מיט דער האַק אַרויף און אַראָפּ איבער סאָניעס קאָפּ, איבער די אַקסלען, אין דער ברוסט.

אין דער אַטעליע איז צו־טונקל געווען, ער זאָל זען אַלץ גענוי. און אפשר איז עס אים בלויז אַזוי פינצטער געווען אין די אויגן. ער האָט בלויז געהערט די טעמפּע קלעפּ פון דער האַק און ווי שטיקער וואָלטן פון סאָניען אָפּגעפאַלן. אַ טעמפּער קלאַפּן פון אָפּגעפאַלענע ליימיק־שווערע גלי־דער אויף דער הילצערנער פּאָל. ביז איר גאַנצע פיגור האָט זיך אַ וואַקל־געטאָן און, ווי אַ שווער שטיק ליים, אַ פאַל־געטאָן צו דער ערד. ער איז שטיין געבליבן אין אַ קאַלוזשע שיטערקייט און האָט זיך בלויז אַ רגע גע־וואונדערט, וואָס סאָניע האָט אינגאַנצן נישט געשריגן. זי האָט אַפילו קיין קרעכץ, קיין זיפץ נישט געטאָן. ווי זי וואָלט אַנטשטומט געוואָרן פון שרעק, פון אימת־מוות. ער איז נאָך אַלץ געשטאַנען מיט דער האַק אין דער האַנט,

אין דער טונקלקייט פון זיין אַטעליע, און געגלאָצט צו דער נאָך־טונקעלע־רער, אומבאַוועגלעכער מאַסע, וואָס אויף דער ערד, ביי זיינע פיס.

פעליקס האָט זיך דערפילט שוואַך, ווי ער וואָלט פון זיך אַרויסגעשלאָגן אַלע כוחות. די קני האָבן זיך אים געבראָכן און פון די צעציטערטע הענט איז אים די האַק אַרויסגעפאַלן. זיין גאַנץ לייב האָט באַדעקט אַן אַנגסט־שווייס, אָבער אַזאַ קאַלטער, אַזאַ פּראָסטיקער, אַז ער האָט אויפגעשוידערט.

אַ שווערע שטילקייט האָט געפּרעסט אין חלל. אַ שטילקייט וואָס רוישט און קלינגט אין די צעפּלאַמטע אויערן. אַ שטילקייט וואָס שרייט, רופט און אַלאַרמירט: מאָרד! מ אָ ר ד ! מ אָ ר ד ! — — — —

פעליקס האָט עפּעס אַ רעווע געטאָן, ווי אַ בריל פון אַ פאַרווונדעטן לייב. ער האָט אַ פּראַל־אויף־געטאָן די טיר און, ווי אַ מטורף, זיך געכומען טראָגן פון די שמאָלע, קרומע שטיגן אַראָפּ.

ער איז געלאָפן, ווי ער וואָלט געוואָלט אַנטלויפן פון זיך אַליין. ווי ער וואָלט אַנגסטיק מורא געהאַט פאַר זיך אַליין, ווי פאַר אַ מערדער, וועלכער יאָגט זיך נאָך אים מיט אַ האַק.

און באַלד האָט זיך אים געדאַכט, אַז אַלע יאָגן זיך נאָך אים. עס יאָגט אים פּאָליציי און אַן אויפגערעגטער המון, וואָס וויל אים לינטשן.

אין זיינע אויערן הילכט עס און פּלאַמט:

— אָט איז ער!

— דאָ! דאָ! דאָ!

— אָט לויפט ער!

— יאָגט אים! כאַפּט אים!

— דאָס איז דער מערדער!

— מ ע ר ד ע ר ! ! !

ער פלאַטערט־צו צו אַ וואַנט, שפּאַרט זיך־אָן אָן איר מיט דער פּלייצע און בלייבט שטיין מיט צעשפּרייטע הענט און ציטערנדיקע קניען, ווי אַ פאַר־משפּטער צום דערשיסן. נאָר קיינער שיסט נישט. ער גלאָצט אַרום זיך מיט שגעונישע בליקן און וויל דערזען די סכנה, די בהלה אַרום זיך:

ווער יאָגט?

ווער פאַרפאָלגט?

דאַכט זיך, אַז קיינער נישט.

ניין, קיינער נישט. דער עולם גייט זיך געמיטלעך פאַרביי און קיינער לייגט נישט קיין אַכט אויף אים. אַ פּאָליציאַנט קוקט אים אַפילו יאָ אָן פאַרדעכטיק. אָבער ער גייט אויך פאַרביי און קוקט זיך מער נישט אום.

ניין, קיינער ווייסט נישט. קיינער נישט, קיינער נישט.

ערשט איצט פילט ער, ווי ער פאַרעט אינגאַנצן. דאָס העמד איז נאַס פון שווייס און קלעפּט זיך צום לייב. דער שטערן איז נאַס און די האָר, ווי אויסגעצוואָגן. ער שוידערט. אַ מאָדנער פיבער. יאָ, ער מוז איצט האָבן הויכע טעמפּעראַטור. זיכער האָט ער הויכע טעמפּעראַטור: די שלייפן האַ־

מערן, דער קאָפּ ברענט. אַזעלכע קראַמפּן אין די געהירן, אַז פֿאַר די אויגן איז אים פֿינצטער.

ער קריגט רחמנות אויף זיך אַליין און פֿון גרויס רחמנות, גלוסט זיך אים וויינען. ווען זיין מאַמע וואָלט געלעבט, וואָלט ער איצט צו איר געלאָפֿן און פֿאַרניורעט דאָס פּנים אין איר פֿאַרטוך. נאָר די מאַמע איז נישטאָ. וווהין־זשע לויפֿט מען?

דאָס האַרץ איז אים מאָדנע פֿאַרשמאַכט, נאָר צו דער ערד אַראָפּצוזינקען. ער מוז זיך שטאַרקן. ער מוז זיך נעמען אין די הענט אַריין. אפשר גאָר אַריינגיין אין אַ שענק און מאַכן אַ פֿעסטן שנאַפּס? — — —

אין שענק איז הייס, פֿאַרנע, אָנגערויכערט. אַ דיקע פֿרוי מיט אַן אויסגעפּאַשעט חזיר־פּנים, מיט דריי שמאַלציק־גלאַנציקע גוידערס און מיט אַ בוזעם, ווי זי וואָלט דאָרטן אַ קישן אַריינגעשפּאַרט, שטייט הינטערן בופֿעט. זי שניידט שינקע און גיסט בראָנפֿן פֿון פֿלעשער, אין גלעזער אַריין. פֿאַרן בופֿעט זיצט אַ געלער גוי און ציט אַ שוואַרצע הייזעריקע האַרמאָשקע מיט ווייסע קנעפּ. ביים טיש זיצט אַ פּליכעוואַטער פּריץ מיט לאַנגע נאַסע וואָנצעס, אויסגעטונקענע אין ביר־שוים און רייסט־זיך הייזעריק, ווי איבערצושרייען די הארמאשקע. אַ הינקענדיקע נקבה מיט אַ גלעזערן אויג זעצט זיך אים אויפֿן שויס. זי פּרעסט אים אָפּ אַ קוש אויפֿן סאַמע מיטן גלאַנציקן פּליך, ווו עס בלייבט דערנאָך אַ רויטער סטעמפּל פֿון אירע געשמירטע ליפּן. דער פּריץ צערעוועט זיך נאָך שטאַרקער פֿון תענוג:

סטאָ ליאַט, סטאָ ליאַט,
ניעך זשיע, זשיע נאַם!

די נקבה קען אים נישט באַרואיקן. זי וויל אָבער דערשטיקן זיין „געזאַנג“, פֿאַר יעדן פּרייז. דריקט זי פֿעסט זיין קאָפּ צו איר אויסדעקאָלטירטן בוזעם אַזוי, אַז זיין שפּיציק־פֿאַרריסענע נאָז פֿאַרקלינעוועט זיך צווישן אירע בריסטן.

פֿאַרדעכטיקע פֿאַרשווינען, מיט אויפֿגעשטעלטע קעלנער, טרינקען און ווינקען זיך עפּעס איבער. דאַכט זיך, אַז זיי רעדן עפּעס צו פֿעליקסן, פֿרעגן אים עפּעס. אין דער געדיכט־צעראַשטער הייזעריקייט פֿון דער האַרמאָשקע, הערט ער אָבער נישט און פֿאַרשטייט נישט, וואָס זיי ווילן. ער טרינקט איין גלאָז נאָך דער אַנדערער און שטויסט אָפּ פֿון זיך, מיט רוגזה, דער הינקענדיקער נקבה מיטן גלעזערנעם אויג, פֿון וועלכער עס טראָגט זיך עפּעס אַ טוכלע פֿאַרדומפּענער גערוך און וועלכע וויל אים אויך „באַגליקן“ מיטן זעצן זיך צו אים אויפֿן שויס.

פֿעליקס רייבט זיך זיין האָלצערן פֿאַרשטייפֿט פּנים און באַמיט זיך מיט אַלע כוחות, אין זיין טונקל־פֿאַרנעפּלטן מוח עפּעס קלאָר צו מאַכן:

— וואָס איז דאָ פֿאָרגעקומען? וואָס האָט זיך דאָ מיט מיר געטאָן? — — —

***

די קאַפּריזנע, שטיפערישע סאָניע האָט זיך אַריינגעריסן אין פעליקס לעבן אַריין, אויף אַ, פאַר אים, אויסטערלישן אופן.

ווי אַ ווינט אין אַ געצעלט איז זי געקומען און האָט עס אָנגעפילט מיט אומרו.

סאָניע איז מיט גאָרנישט ענלעך געווען צו די צענדליקער און צענד־ליקער פרויען, וועלכע זענען אַדורך פעליקס אַטעליע און ביי וועלכע ער האָט אַזאַ אומגעהויערן דערפאָלג געהאַט.

די אַלע פרויען־שיינהייטן: פון פּראָפעסיאָנעלע מאָדעלקעס, נישט־אָפּי־ציעלע גאַסנפרויען, דאַנסינג־פּאַרטנערינס, אַקטריסעס און שטענדיקע קאַ־באַרעט־באַזוכערינס, ביז צו די צעבאַלעוועטע דאַמען פון דער „העכערער געזעלשאַפט״, וועלכע קומען אויף זיינע אויסשטעלונגען און קויפן דווקא די סקולפּטורן, אויף וועלכע עס זענען אָנגעגעבן די העכסטע פּרייזן... — זיי אַלע האָט פעליקס גענומען וויפל און ווען ער האָט נאָר געוואָלט. און זיי אַלע האָט פעליקס געטוישט, ווי ער אַליין פלעגט זיך עס אויסדריקן: „ווי מען טוישט הענטשקעס״...

צי עס האָט זיי אימפּאָנירט דאָס, וואָס פעליקס איז אַ באַרימטער קינסטלער, דער אָנגעזעענסטער פון דער גאַנצער באָהעמיע? צי זיין עקס־טראַוואַגאַנטע האַלטונג און קליידונג, צוליב וואָס קינד־און־קייט האָט אים נאָכגעקוקט? אָדער טאָקע זיין מענלעכע שיינקייט און אַטלעטישע געזונט־קייט, וואָס האָט דעם שוואַכן מין באַאומרואיקט? — פעליקס האָט גע־בראָכן הערצער און פאַמיליענלעבנס. יעדע פאַמיליען־טראַגעדיע האָט אים אויפסניי געמאַכט פאַרן „העלד פון טאָג״... עס האָט אים פאַרשאַפט שפּאַס און פאַרגעניגן, כבוד און פּאָפּולאַריטעט. עס האָט אים אַפילו געטויגט צו דער קאַריערע און עס האָט זיך געלוינט צום געשעפט: נאָך יעדער אַוואַנ־טורעלע, האָט ער מער קונים באַקומען אויף זיינע אויסגעשטעלטע עקס־פּאָנאַטן...

ווי די שמעטערלינגען וואָס פלאַטערן ארום אַ לאָמפּ און ברענען זיך אָפּ די פליגעלעך, אַזוי האָבן די פרויען געפלאַטערט צו זיין אטעליע. זיך אָפּגעבריט אָן זיין ליבעס־פלאַם און אָפּגעזעגנט, אָפּגעשרפעטע — אַוועק.

— אַוועק? — ניין. זיי האָבן קיינמאָל נישט אויפגעהערט זיך צו שלייכן נאָך אים, ווי שאָטנס און, אומבאַמערקטערהייט, פונדערווייטנס, פון טונקעלע ווינקעלעך אַרויס, גלעטן און קושן אים מיט די דורשטיקע און אומעטיקע בליקן.

„ווי עלעגאַנט ער איז אין זיין שוואַרצן קינסטלער־הוט מיט די ברייטע ראַנדן, מיט זיין רויטן אויסבינדער און קרעמע, זאַמשענע הענטשקעס און געטרעס אויף די לאַקירענע טופל... ווי שיין עס קליידט אים אַלץ... ווי גראַציעז ער נויגט זיך פאַר אַ דאַמע און קושט איר האַנט... אָט גלייכט ער זיך אויס און בלייבט שטיין מאַיעסטעטיש, ווי אַ בראָנזענער דענקמאָל פון אַ שטאָלצן, העלדישן ריטער... ווער נאָך האָט אַזעלכע פעך־שוואַרצע קרויזן און אַזעלכע פאַרטויעטע פלוימען־אויגן אונטער געדיכט־צוזאַמענגע־

וואַקסענע ברעמען, וואָס זענען פּאַראייניקט אין איין שוואַרצער ברעם?...
ווי קען מען גאָר ביישטיין דעם נסיון און ווער קען זיך דאָס אַנטקעגנשטעלן
זיין טונקל־אָליוו געזיכט מיט די ענערגישע קינבאַקן און נאָך־ענערגישער
פאַרהויבענער גאָמבע, וואָס באַפעלט, באַהערשט און באַצווינגט?
און זיי קענען נישט פאַרגעסן, אַז:
„אויפן נידעריקן, ברייטן טאַפּטשאַן, אין זיין אַטעליא, וואַלגערן זיך
איצט אַנדערע. און די אַנדערע קוקן אוודאי אויך, מיט אייפערזוכט, אויף
די ליימענע אַקטן פון זייערע פאַרגענגערינס, וועלכע האָבן „אים" געדינט
סיי אַלס מאָדעלקעס און סיי אַלס געליבטע. אָבער אויך די איצטיקע וועלן
פאַרלאָזן זיין אַטעליע אויף תמיד און אויף זייער אין ליים קאָפּירטער נאַ־
קעטקייט, וועלן אייפערזיכטיק קוקן אַנדערע — — —".
יאָ, נישט ווייניק זענען געווען זיינע קרבנות, וועלכע פעליקס האָט
שוין נישט געדענקט, וואָרעם ווי לייכט ער האָט זיי גענומען, אַזוי לייכט
האָט ער זיי פאַרגעסן.
גאַנץ אַנדערש איז געווען דער פאַל מיט סאָניען: נישט פעליקס האָט
סאָניען גענומען, נאָר סאָניע — פעליקסן. ווי אַ צירק־דרעסירערין — אַ
לייב, אַזוי האָט זי אים באַצוווּנגען און באַהערשט.
שוין מיט דער ערשטער באַגעגעניש, האָט זי אים צעטומלט און
געפּלעפּט.
קודם־כל האָט ער איינגעזען, אַז אין דער איינער סאָניען זיצן עטלעכע
סאָניעס. יאָ, עטלעכע: מיט באַזונדערע כאַראַקטערן, קאַפּריזן, שטימונגען,
האַלטונג און האַנדלונגען. און ווער ווייסט, וועלכע פון זיי איז די אמתע
און ווי אַזוי איר אונטערצוקומען?...
אויסערלעך — אַ בחורטע. דאָס קופּערן קעפּל האָר — פאַרשוירן און
פאַרקעמט אַלאַ־גאַרסאָן. איר בלוזע — מענעריש פאַרקנעפּלט ביזן האַלדז,
ווו אַ מענערשער שניפּס איז אויסגעבונדן. אַ יינגלש לענגלעך־שמאָל פּנים,
מיט אַ טונקעלן מאָך פון קוים־קוימיקע וואָנצעלעך. מיטן שקאָצישן בליק
פון אירע בורשטינענע אויגן און מיט די שמאָלע, רירעוודיקע אַקסעלעך,
האָט זי אויסגעזען ווי אַ „פּיקאָלאָ" אין אַ נאַכט־לאָקאַל. עס האָט איר דערצו
בלויז געפעלט אַ רויט מונדירל מיט גלאַנציקע קנעפּ און אַ היטל מיט אַן
אויפשריפט... אַז זי האָט זיך אויפגעשטעלט, מיט אַ סיגאַרעט צווישן די
ליפּלעך און מיטביידע הענט — אין די קרומע זייטן קעשענעס פון דער
שמאָלער ספּודניצע פאַרשטעקט, — האָט זי אויסגעזען ווי אַ מיטלוווקסי־
קעו', שטשופּלעך בחורל אין הויזן...
יינגלש־קאַפּריזנע, יינגלש־שטיפעריש און יינגלש־צעלאָזן.
און דאָך, איז זי געווען אַ פרוי.
אַ פרוי — איז ווינציק צו זאָגן. ווייבלעכקייט און רייץ פון אַ טוץ
קאָקעטקעס, צוזאמען מיט זייער שעלמישקייט און ראַפינירטער שעמעוודי־
קייט — האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין אָט דעם עלאַסטיש־בויגעוודיקן, גראַ־
ציעזן פיגורל, אין איר שמייכל, אין איר בליק...

אָט ערשט, האָט זיך דיר געדאַכט, אַז זי איז אַ נאַאיווע גימנאַזיסט־קעלע פון פינפטן קלאַס. עך, דו שוטה... עס זיצט פאַר דיר אַ רייפע און פיל דערפאַרענע פרוי.

נאַרוואַס איז זי געווען אַ צעבאַלעוועטע, ראַפינירטע סעזאָן־געליבטע, וועלכע טרינקט איר שאַמפּאַניער ביי דיר אויפן שויס. און פּלוצלינג דער־זעסטו פאַר זיך אַ שטאָלצע, יחוסדיקע דאַמע, וועמענס בליק עס קילט דיך אָפּ און צווינגט דיך צו קאָרעקטקייט און דיסטאַנס... אָבער די ראָל איז איר אַליין נישט צום האַרצן. ליבער איז איר צו שפּילן „דאָס לאָבוזל“, וואָס ציט דיך פאַרן אויער און שנעלט דיך אין דער נאָז...

האָט טאַקע פעליקס נישט געוווסט, צו וועלכער פון די אַלע סאָניעס ער זאָל אַפּעלירן, פון וועלכער זייט איר אונטערצוקומען און ווי אַזוי זי אַ נעם־טאָן...

וואָכן־לאַנג האָט ער זיך געבעטן, זי זאָל באַזוכן זיין אַטעליע. ער טראַקטירט איר נישט, חלילה, ווי קיין מאָדעלקע. אָבער זי האָט דאָך ליב קונסט... אָט בלויז פאַר דער ריינער קונסט זאָל זי דאָס טאָן און אים פּאָ־זירן... ער וועט שאַפן אַ סקולפּטור — אַ קונסטווערק, פון וואָס זי וועט שטאָלץ זיין!... ער האָט אויסגענוצט זיין גאַנצן ארסענאַל אַרגומענטן, אפילו געשווירן צו האַלטן זיך אָנשטענדיק. אָבער אַלע זיינע רייד זענען געפאַלן, ווי שנייעלעך — אין ים...

און דווקא דאַן, ווען פעליקס האָט שוין אינגאַנצן רעזיגנירט, האָט אים סאָניע זעלבסט זיך אָנגעבאָטן. און דאָס — אויף אַ שטוינענדן אופן.

זי איז צוגעקומען צו זיין טישל, אין קאַפע, און זיך געווענדט צו אים אַזוי, ווי זי וואָלט פאָרגעזעצט אַ נאָרוואַס איבערגעריסענעם געשפּרעך:

— איז ווי, ווילסטו, זאָל איך דיר פּאָזירן?

— אַזוי ווי דו שטייסט!... — האָט זיך פעליקס אָנגעכאַפּט.

— אין די קליידער?

— יאָ, אין די קליידער... — איז פעליקס מסכים געווען, ווי פאַר אַן אָנהייב...

אָבער סאָניע האָט שקאָציש אַ זשמורע געטאָן די אויגלעך:

— ניין... אין די קליידער איז נישט אינטערעסאַנט... נאַקעט וועל איך דיר פּאָזירן, צו אַן אקט.

פעליקס איז זיצן־געבליבן, ווי אַן אויסגעלאַכטער יינגל. ער איז זיכער געווען, אַז סאָניע רייצט זיך מיט אים, חוזקט פון אים, מאַכט אים צו נאַר.

אָבער סאָניע האָט אים אַ נעם־געטאָן אונטערן אָרעם:

— דו ווילסט, צי דו ווילסט נישט?... אויב יאָ, טאָ באַלעמוטשע נישט... נו, קום. איך האָב איצט צייט.

ער איז געגאַנגען, כאָטש דעם גאַנצן וועג, ביז צו זיין אַטעליע, איז ער נאָך אַלץ נישט געווען זיכער מיט איר. ווער ווייסט, וואָס פאַר אַ שפּיצל זי האָט דאָ צוגעטראַכט?...

אָבער סאָניע, תיכף ווי זי איז אריבער די שוועל פון זיין אַטעליע,

האָט אָן צערעמאָניעס, געגומען אַראָפּוואַרפן פון זיך די קליידער. און איי־דער פעליקס האָט נאָך צייט געהאַט צו צוגרייטן דעם מאַטעריאַל און מכשירים, איז זי שוין געשטאַנען אויפן פּאָדיום, אַ מוטערלעך־נאַקעטע און באַפעלעריש גערופן:

— שנעלער, פעליקס, מיר איז קאַלט! און ווי, ווילסטו, זאָל איך דיר פּאָזירן: אַזוי, אַם־פּאַס? צי אַזוי, אין פּראָפיל?... איך מיין, אַז אַם־פּאַס איז אינטערעסאַנטער.

יאָ, פעליקסן איז איר אַם־פּאַס געווען פיל אינטערעסאַנטער... ערשט איצט האָט ער דערזען, אַז איר רייף־אַנטוויקלטער קערפּער איז שוין גאָר נישט קיין יינגלשער... אַנשטאָט דער יינגלשער שמאָלקייט, האָבן זיך פאַר אים אַצינד אַנטפּלעקט אַזעלכע רונדע פּרויען־ליניעס, וואָס האָבן זיין האַרץ צעצאַפּלט, ווי אַ פישל אויף אַ האַטשיק...

נאַקעטע מאָדעלקעס זענען פאַר פעליקסן קיין נאָווינע נישט. יונגע און מיטליעריקע, שלאַנקע און דיקע, — ער האָט זיי שוין אָנגעזען גענוג. און דאָך, איז זיין בלוט אַצינד צעבלעזלט און עס פאַלט אים אַלץ פון די הענט.

וואָס לענגער ער האָט געקוקט אויף איר, אַלץ מער האָט זיך דער קינסטלער אין אים צעשמאָלצן, ווי וואַקס און דער מאַן האָט זיך צעגליט. ער האָט געפּרוווט זיך דערנענטערן צו איר, אָבער זי האָט שטרענג באַפוילן:

— פעליקס! נאָר פון דער ווייטנס! געדענק, אַז איך בין געקומען בלויז צו פּאָזירן... האָסט דאָך אַליין געבעטן, איך זאָל עס טאָן פאַר דער קונסט און נישט פאַר דיר...

סאָניע... — אָבער איך...

— אָן אָן „אָבער"... איצט בין איך נישט קיין פרוי, נאָר אַ מאָדעלקע. און דו זיי נישט קיין מאַן, נאָר אַ קינסטלער. איצט קענסטו נאָר קוקן אויף מיר און קנעטן דעם ליים...

עטלעכע טעג האָט זי אים אַזוי פּאָזירט. פעליקס האָט טאַקע געקנאָטן דעם קאַלטן ליים און סאָניע האָט דעם הייסן פעליקסן, ווי ליים געקנאָטן...

צום סוף האָט ער איינגעזען, אַז אַלע זיינע באַמיונגען זענען אומ־זיסט. זעט אויס, אַז נישט קיין הייס בלוט פליסט אין איר, נאָר קאַלטער פיש־יויך. מיט אַזאַ מין יינגלשער פרוי איז גאָרנישט צו מאַכן.

אָבער דווקא דאַן, ווען ער האָט עס שוין איינגעזען און רעזיגנירט, האָט סאָניע, ווידער אויף דעם זעלבן אומדערוואַרטעטן אופן, זיך אַליין אים אָנגעבאָטן:

— ווילסט מיך האָבן, פעליקס?...

אַ צעטומלטער, האָט ער גאָרנישט געענטפערט.

— קום, יינגל... איך בין איצט געשטימט... — האָט זי אים, ווי דעמאָלט, אַ נעם־געטאָן אונטערן אָרעם.

זי האָט שוין דווקא נישט געהאַט אין זיך קיין קאַלט פיש־יויך, אַנשטאָט הייס בלוט. ממש ווי אַ טיגער איז זי אים באַפאַלן.

צומאָרגנס איז איר האַלטונג געווען אַזוי, ווי ס׳וואָלט צווישן זיי גאָר־נישט פּאָרגעקומען. זי האָט אים אַפילו שפּאַסיק געפרעגט: וועלכע קאַץ עס האָט אים אַזוי צעדראַפּעט... זי האָט אים ווידער פּאָזירט אַ נאַקעטע און דערביי, נישט דערלויבט, אַז ער זאָל זיך דערנענטערן צו איר אויף אַ טראָט.

זי האָט אים געגומען דאַן, ווען זי האָט עס געוואָלט. אויפן זעלבן אופן, ווי ער האָט גענומען אַנדערע. און ווי ער, אין באַצוג צו אַנדערע, האָט זי אויך דערפון קיין וועזן נישט געמאַכט.

און פעליקס איז ביסלעכווייז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שאָטן, וואָס שלייכט זיך נאָך סאָניעס טריט. סאָניע האָט דערווייל פאַרבראַכט מיט אַנדערע, געטאַנצט מיט זיי, געטרונקען, געשטיפט און געלאַכט. זי האָט עס געטאָן דעמאָנסטראַטיוו, פעליקסן אויף צעפּיקעניש, מאַכנדיק דערביי דעם אָנשטעל, אַז זי באַמערקט אים אַפילו נישט און ווייס גאָרנישט דערפון. ווי ער קרענקט עס איבער, ער איז געוואָרן נערוועז, פעליקס, און היפּש אָפּגע־לאָזן. ער האָט אויפגעהערט צו אַרבעטן בייטאָג און צו שלאָפן ביינאַכט. זעלטן געשפּאַסט מיט חברים און זעלטן געשמייכלט. דערפאַר האָט ער אָנגעהויבן אַ סך צו טרינקען. געטרונקען האָט ער קיינמאָל נישט ווינציק, אָבער איצט האָט מען אים שוין זעלטן געפונען אַ ניכטערן. און געפונען האָט מען אים, ווען מען האָט אים געזוכט, אין אַ ביליקער קנייפּיע, אָדער אין רינשטאָק, פאַר אַ שענק.

דער באַרימטער, שטאָלצער, עלעגאַנטער קינסטלער איז געוואָרן אַ נעבעכדיקער בראַדיאַגע.

און ערשט דאַן האָט אים סאָניע אַ נעם־געטאָן אין די הענט אַריין. זי איז אים געוואָרן געטריי, ווי אַ מאַמע; צערטלעך, ווי אַ שוועסטער; און איבערגעגעבן — ווי אַ ווייבל אין די האָניק־חדשים.

במשך פון אָט די האָניק־חדשים, האָט זי טאַקע פעליקסן געשטעלט צוריק אויף די פיס. ער האָט צוריקבאַקומען זיין פריערדיקן אויסזען און הומאָר. ער האָט זיך ווידער אַ נעם־געטאָן ענערגיש צו דער אַרבעט, פאַר־ענדיקט סאָניעס סקולפּטור און אויך צוויי אַנדערע. דאָס זענען געווען נייע דערגרייכונגען. קונסט־ווערק, וואָס די שטרענגסטע קריטיקער האָבן גע־לייבט, און נישט נאָר געלויבט, — זיי האָבן אים דערמוטיקט צו אַ נייער אויסשטעלונג. עס האָבן זיך אַ שאָט־געטאָן אַרטיקלען און נאָטיצן וועגן אים אין דער פּרעסע און פרויען זענען אים ווידער נאָכגעלאָפן.

פעליקס איז ווידער געווען אין די פעדערן... און סאָניע האָט זיך ווידער אַרויסגעגליטשט פון זיינע הענט. אין אָנפאַנג האָט ער עס נישט באַמערקט. צופיל איז ער געווען אַנגאַזשירט אין דער אַרבעט פון צוגרייטן זיין נייע אויסשטעלונג.

ווען ער האָט עס, אָבער, שוין באַמערקט, האָט ער, אויפן סמך פון זייער צוזאַמענלעבן די לעצטע חדשים, גענומען מוסרן סאָניען, ווי מען מוסרט אַ געזעצלעך ווייב. אָבער סאָניע האָט אַ בייזן זשמורע־געטאָן מיט די אויגן און מיט באַליידיקטן שטאָלץ, געענטפערט:

— ווי אזוי רעדסטו צו מיר? ווי וואגסטו? איך האָב דיר דען עפּעס צו־געזאָגט? איך בין דיר עפּעס שולדיק? מיט וועלכע רעכט?

זי האָט עס געזאָגט מיט אַ טאָן, ווי עס וואָלט קיינמאָל גאָרנישט געווען צווישן זיי און ווי עס וואָלט זי שטארק באַליידיקט זיינער אַ נייער, פרעכער פאָרשלאָג.

אָבער אָט די ווערטער אירע האָט זי אויך אינגאנצן פאַרגעסן אין בלויז דריי טעג אַרום, ווען זי איז ווידער געקומען צו אים אַ צערטלעכע:

— וואָס מאַכסטו, יינגל מיינער?... איך האָב זיך שוין נאָך דיר פאַר־בענקט...

אירע שטימונגען און קאַפּריזן האָבן אים געשליידערט פון היץ און קעלט און ווידער אין היץ, ווי אַ קדחת. זי האָט אים ווילד און משוגע גע־מאַכט. ער איז ווידער געוואָרן בלייך און מאָגער. באַקומען אַ פּאָר שאַרף־אַרויסשטאַרצנדיקע קינבאקן און זיינע טאָפּל גרויס־געוואָרענע אויגן האָבן זיך צעגליט מיט שגעונישע פלעמעלעך.

ביז עס איז געקומען דער קריטישער אָוונט.

ער האָט זי געטראָפן אין אַ דאנסינג. זי האָט געטאנצט מיט עפּעס אַ פרישן פּאַצעט. מילא טאַנצן איז תמיד איר ליידנשאַפט, דאָס ווייסט פע־ליקס. זי לאָזט קיינמאָל קיין טאנץ נישט אַדורך. אָבער דער אופן פון הייב־טיקן טוליען־זיך צו דעם שוויצערישן פּאַצעט, דאָס לאָזן זיך פון אים אַזוי צודריקן און קושן, איז פאַר פעליקסן געווען ניי. דערצו נאָך, האָט פעליקס געזען, אַז סאָניע האָט אים באַמערקט און געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי באמערקט אים נישט. און טאַקע אים, פעליקסן אויף צעפּיקעניש, האָט זי צוריקגעקושט דעם פּאַצעט אין די צעפלאמטע אויערן און געלעט זיינע פאַרשוויצטע באַקן...

דאָס איז שוין פאַר פעליקסן געווען צופיל. ער האָט דערפילט, אַז ער טאָר דאָ מער נישט בלייבן. אז עס ברויזט שוין אים אים אַ ווולקאַן, וואָס קאָן אַ ליאדע מינוט אויסברעכן מיט אַ שרעקלעכער לאַווינע. ער האָט אַ פראַל־געטאָן די טיר אוף, ווי אַ מטורף, זיך גענומען טראָגן גאס־אויס, גאַס־איין.

ווען ער איז געקומען צו דער טיר פון זיין אַטעליע, האָט עס אין אים נאָך אַלץ געקאָכט. די טיר איז געווען אָפן. זעט אויס, אַז פון צעטראָגנקייט, האָט ער זי פריער פאַרגעסן צו פאַרשליסן. אָבער אַריינגייענדיק, איז ער שטיין געבליבן אַן איבערראַשטער:

סאָניע איז געשטאַנען אינמיטן צימער אַ נאַקעטע, אַ צעשמייכלטע, אָט אַזוי, ווי זי האָט אים דעם ערשטן אָוונט פּאָזירט...

און אָט אין דעם מאָמענט, האָט עס דער ווולקאַן פון אים אויסגע־בראָכן — — — .

נאָך האַלבער נאַכט האָט זיך פעליקס אַ היים געוואקלט פון שענק, אַ צעבראָכענער, אַ פאַרמשפּטער, אַ פאַרלוירענער.

אין זיין פינצטערן, שיכורן קאָפּ, ווו די געדאנקען זענען צעשליידערט געוואָרן אין אומאָרדענונג ווי די צעבראָכענע קעגנשטאַנדן — אין אַ דעמאָ־לירטער וווינונג, — האָבן צוויי געדאנקען געבליצט מיטן קאַלטן גלאַנץ פון שפּיגל ־ גלאָז: וועגן דעם, וואָס איז געשען און וועגן דעם, וואָס איצט דערוואַרט אים.

ער האָט זיך געריכט, אַז אויף זיין גאַס וועט איצטער זיין אַן אַנ־געלויף. אַ מחנה פּאָליציי וועט אים אַרומרינגלען מיט געווער און קייטן. קיין אַנטרינונג איז נישטאָ. אָבער ער זוכט עס נישט, ער וויל עס נישט. אַזוי איז דער גורל און — פאַרפאַלן. — — —

אָבער ניין: אויף זיין גאַס איז קיין פּאָליציי און קיין אַנגעלויף נישט געווען. צו זיין שטוינונג, איז די גאַס געשלאָפן, ווי תמיד, ווען ער קומט אַהיים, נאָך האַלבער נאַכט.

זאָל זיין, אַז עס נאָך גאָרנישט אַנטדעקט געוואָרן? אַז קיינער ווייסט נאָך נישט?

ער האָט זיך גענומען הויבן אויף די שטיגן, ווי מיט הילצערנע שטאָלצן, אָבער אַ האַלבן שטאָק נידעריקער פון זיין אַטעליע, איז ער שטיין געבליבן אָן אָטעם: זעט אויס, עס איז יאָ אַנטדעקט געוואָרן! די טיר איז אָפן און אינעווייניק איז ליכטיק! מענטשן זענען דאָרט! פּאָליציי אוודאי! דער מאָרד איז אַנטדעקט!

ער שטרענגט אָן זיינע אויערן און וווּנדערט זיך: פאַרוואָס־זשע איז דאָרט אַזוי שטיל? נישט צו הערן קיין גערייד, קיין שאָרך אַפילו! וואָס זאָל דאָס באַדייטן?

— זאָל געשען, וואָס עס דאַרף געשען! — האָט זיך פעליקס אַ זאָג־געטאָן, אַרויפגעשפּאַנט דעם האַלבן שטאָק שטיגן און נאָך מער אויפגעע־פראַלט די טיר.

ער האָט זיינע אייגענע אויגן נישט געגלייבט: וואָס טוט זיך דאָ? כאָניע?... יאָ, סאָניע... אַ לעבעדיקע, אַ גאַנצע... זי זיצט אויף זיין טאַפּ־טשאַן אין מאַנטל און הוט און קוקט אים אָן מיט שמייכלענדיקן פאַרוווּרף...

ער כאַפּט אַ קוק אויפן אָרט פון אומגליק און דערזעט דעם חורבן, וואָס ער האָט אָנגעמאַכט: סאָניעס סקולפּטור איז צעשמעטערט אויף שטיקער. אויך די אַנדערע צוויי סקולפּטורן וואַלגערן זיך צעבראָכענע און ווייקן זיך אין וואַסער פון דעם איבערגעקערט קיבל...

— שלעכט יינגל... אַ גאַנצן אָוונט וואַרט איך דאָך אויף דיר...

פעליקס ענטפערט נישט. זיין פייכטער, צעקנאָדערטער קאָפּ האָר פאַרעט, ווי אַ רויכערנדיקער קנויט. ער שטייט אָנגעשפּאַרט אָן דער טיר־ראַם מיט ליימיק־שווער אַראָפּהענגענדיקע הענט, מיט אַנגסט־שווייס אויפן שטערן און מיט שגעוניש־צעגלאָצטע אויגן.

סאָניע קומט־צו און נעמט אים אָן פאַר דער האַנט:

— קום, ייִנגל... דײַן מײדל װאַרט דאָך אויף דיר...

— ריר מיך נישט אָן! — כאַפּט פעליקס אַװעק די האַנט, כריפּענדיק מיט אַ הייזעריקער שטים — איך בין אַ מערדער!

— אַז מען צעברעכט אַ ליאַלקע, איז מען אַ מערדער?... — לאַכט סאָניע.

— ניין, דאָס האָב איך דיך! דיך האָב איך דערמאָרדעט!

— אַזוי?... און איך ווייס גאָרנישט דערפֿון... גיי שוין, גיי... דערווייל לעב איך נאָך... אָבער אַ אַ שלעכט ייִנגל ביזטו. צו דעם האָב איך דיר וואַכנלאַנג פֿאַזירט, אַז שפּעטער זאָלסטו אָט־אַזוי־אָ?... פֿע!

פעליקס האָט זיך אַלץ נישט גערירט פֿון אָרט. סאָניע האָט אים אַ וויש־געטאָן דעם שטערן, אַ טאַפּ געטאָן דעם קאָפּ און אויסגערופֿן:

דו ברענסט דאָך אינגאַנצן, פעליקס! דו ביסט קראַנק. קוק דיר אָן אין שפּיגל. זע, ווי דו ציטערסט. וואָס איז מיט דיר?

ווי אַן אומבאַהאָלפֿן ייִנגל, האָט זיך פעליקס געלאָזן אויסטאָן ביזן אונטערוועש. סאָניע האָט אים די שיך אַראָפּגעצויגן און געלייגט אין בעט.

אונטער דער קאָלדרע האָט ער זיך אַלץ נישט געקענט דערוואַרעמען. ער האָט געשוידערט מיטן גאַנצן לייב און, קלינגענדיק מיט די ציין, געפּלאַפּלט:

— איך בין דײַן מערדער, סאָניע, דאָס האָב איך דיך...

— גוט אַזוי... — האָט סאָניע געלאַכט — דאָס איז אַ סימן, אַז דו האָסט מיך ליב...

— פֿאַרקערט, איך...

— גוט אַזוי... — האָט זי אים געקושט אין די ליפּן, נישט־לאָזנדיק אויסריידן, — איך בין עס ווערט... איך בין געוועזן שלעכט צו דיר. אָבער איצטער וועל איך שוין זײַן גוט... גוט... זייער גוט... וועסט זען, ווי גוט איך וועל דיר זײַן...

— גוט צו דײַן מערדער? טויטן האָב איך דיך געוואָלט! איך בין זיכער געוועזן, אַז איך טויט דיך! איך בין אַ....

— אַ מערדער... איך ווייס... נו, גוט... קום, מײַן ליבער מערדער... איך האָב דיך ליב. אַך, ווי דו ציטערסט! דיר איז קאַלט, האַ? זייער קאַלט? אָט קום, וועל איך דיך דערוואַרעמען, נו, קום. דו נאַריש ייִנגל און נעם מיך אַרום... אָט אַזוי, מערדער מײַנער... מײַן ליבער, ליבער מערדער!...

# די דאַמע פון קופּע

— טייערער פריינט, איך מוז דיר דערציילן אַן אויסטערלישע איבער־לעבונג, וואָס איך האָב די פאַריקע וואָך געהאַט. דו ביזט דאָך אַ שרייבער, — אפשר וועט דיר דאָס צונוצקומען...

איך האָב זיך געלאַנגווייליקט אויף אַ פאַרוואָרפן פּראָווינצער וואָקזאַ־לעכל און געוואַרט אויף אַ צוג.

פון דערווייטנס האָט זיך אויך געלאַנגווייליקט אַ סימפּאַטישע דאַמע, וועלכע האָט שוין איבערגעבלעטערט אַלע פאַרעלטערטע אילוסטרירטע זשורנאַלן, וואָס אויפן טישל, ביים בופעט.

איך זאָג אַ „סימפּאַטישע", ווייל געענוי האָב איך איר פּנים נישט געזען. זי האָט געטראָגן אַ באָרדאָ הוט מיט אַ דינעם, אָבער זייער געדיכטן וואַל, וואָס האָט מיר בלויז דערלויבט פעסטצושטעלן, אַז דאָס פּנים אירס איז לענגלעך שמאָל. פון הינטערן וואַל האָבן אַרויסגעפּייערט אַ פּאָר שמאָלע, דיקע ליפּלעך. אָבער נאָך שאַרפער האָבן אַרויסגעגליט אַ פּאָר גרויסע, שוואַרצע, טרויעריקע אויגן. האָסטו אַמאָל געזען אַ שוואַרצן פייער? קענסטו זיך עס פאָרשטעלן, אַז עס זאָל גאָר געמאָלט זיין אַזוינס ווי שוואַרצער פייער? — ווען דו וואָלסט געזען די גרויסע, טרויעריקע אויגן פון מיין דאַמע, וואָלסטו געזאָגט, אַז אַזוינס איז מעגלעך...

אַ שטאָלצע, פּריצישע דאַמע איז דאָס געווען, מיט טרויעריקע יידישע אויגן...

זי האָט אַרויסגענומען אַ סיגאַרעט און געזוכט אין איר האַנט־בייטל שוועבעלעך, וואָס זי האָט נישט געפונען. אין מיין לאַנגווייליקייט, האָב איך שוין לאַנג געוואַרט אויף אַזאַ געלעגנהייט, מיט איר זיך צו באַקענען, זען פון דער נאָענט אָט די צוויי שוואַרצע פלאַמען, וואָס פלאַקערן אַדורך דורכן וואַל און באַאומרויקן מיך. און טאַקע, ווי עס פירט זיך אין אַזעלכע פאַלן, — אין אַ לייכטן שמועס, אָדער אַפילו פלירט, צו פאַרטרייבן די צייט...

אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז איך האָב אויך בלויז איין שוועבעלע געהאַט, ביי וועלכער מיר האָבן ביידע פאַררויכערט. די דאַמע איז, נישט ווינציקער פאַר מיר, גערן געווען אַ לייכטן שמועס, די צייט צו פאַרטרייבן. האָבן מיר גערעדט וועגן וועטער, וועגן אַ פילם און וועגן אַ בוך. דאָס בוך, וועגן וועלכן זי האָט גערעדט מיט באַגייסטערונג, איז פון עדגאַר אַלען פּאָ. זי

האָט מיר אַפילו אויסנווייניק דעקלאַמירט זיין באַרימט ליד „די קראָ" מיטן בלוט־גליווערנדיקן רעפרען: „קיינמאָל מער". יאָ, אירע אויגן האָבן עס באַשטעטיקט, אַז עדגאַר עלען פּאָ איז איר באַזונדערס צום געמיט. ווי אַ נאָנע האָט זי מיר דאַן אויסגעזען און מיר איז, מיט איר, עטוואָס אומ־היימלעך געוואָרן...

ווען מיר האָבן ווידער געוואָלט פאַררויכערן, האָבן מיר שוין קיין פייער נישט געהאַט. איך האָב, אָבער, באַמערקט, אַז אַ באַן־באַאַמטער, וועלכער שטייט און שמועסט מיט עפּעס אַ פּראַנטל, רויכערט. איך בין צוגעגאַנגען צו אים נאָך פייער, וואָס ער האָט מיר העפלעך געגעבן. דער־קעגן דער פּראַנטל האָט זיך דערלויבט אויף אַזאַ ווענדונג צו מיר:

— נישט קיין מיאוסע, די דאַמע אייערע... אפשר גייען מיר צוזאַמען מיט איר אַ פאַרברענג־טאָן?... איך האָב, דאָ נישט ווייט, אַ באַקוועמען צימער...

איך האָב קיין אַנדער ענטפער נישט געהאַט פאַר אים, נאָר צוויי פּלאַמיקע פּעטש איןביידע באַקן. דער באַן־באַאַמטער האָט מיר געגעבן גערעכט.

ווען איך בין צוריקגעקומען צו מיין דאַמע, איז זי געווען דערשטוינט און איבערראַשט. זי האָט דורכאויס פאַרלאַנגט איך זאָל איר דערציילן, פאַרוואָס איך האָב אים געפּאַטשט. באין־ברירה האָב איך איר איבער־געגעבן דעם פּראַנטלס פאָרשלאַג...

אָט דער אינצידענט האָט דערהויבן מיין ריטערלעכע חשיבות אין מיין דאַמעס אויגן, וועלכע זענען שוין מער אַזוי טרויעריק נישט געווען... זי האָט איצט געקוקט אויף מיר, ווי אויף אַ העלד... אונדזער שמועס איז שוין געוואָרן הייטערער, געמיטלעכער און אינטימער...

ענדלעך איז אָנגעקומען דער צוג. איך האָב געהאַט אַ בילעט דריטע קלאַס. דערקעגן מיין דאַמע — אַ קופּעע אין שלאָף־וואַגאָן. זי האָט זייער באַדויערט, וואָס מיר דאַרפן זיך צעשיידן:

— צוזאַמען וואָלט די רייזע געווען היימליכער און איך וואָלט נישט געווען אויסגעשטעלט אויף דער אומטאַקטישקייט פון אַזעלכע פּראַנטלעך...

— עס ווענדט זיך נאָר אָן אייך... — האָב איך געענטפערט — אויב איר האָט נישט דערקעגן, קען מען עס איינאָרדענען...

מיין דאַמע האָט זיך געררויטלט, פאַרלעגן געשמייכלט און געשוויגן...

דער קאָנדוקטאָר האָט באַקומען אין דער האַנט אַריין און ער האָט אונדז אָפּגעשלאָסן אין אַ באַזונדער קופּעע.

וואָס זאָל איך דיר זאָגן, טייערער פריינט?... ווען דאָס לעבן פון אַ מענטש וואָלט געווען איין נאַכט די גרויס, און וואָלט באַשטאַנען פון בלויז איין רייזע אַזאַ, וואָלט זיך עס שוין געלוינט...

דער לאָקאָמאָטיוו האָט געשמיסן אין דער טונקל־בלויער שויב מיט בעזימער גאָלדענע פונקען, וואָס זענען מיר געפאַלן, גליענדיקע, אין האַרצן

אריין. די רעדער האָבן ריטמיש געקלאַפּט און דער וואַגאָן האָט זיך, נאָכ־גיביק און ווייך, געוויגט אויף זיינע רעסאָרן.

אזוי נאָכגיביק און עלאַסטיש איז געווען מיין פּאַרטנערן אין דעם טונקעלן קופּעע. אַזוי ריטמיש און הייס האָט איר האַרץ געקלאַפּט. און צייטנווייז האָט זיך מיר געדאכט, אַז נישט קיין ליידנשאַפטלעך־פיבערנדיקן קערפּער האַלט איך אין מיינע אָרעמס, נאָר אַזאַ גליענדיק צעשפּריצטן פונקען־בעזים, וואָס שמייסט אין די סאַמעט בלויע שויבן...

איך ווייס נישט, ווער איז זי, פון וואַנען זי קומט און וווהין עס פירט ווייטער איר וועג. איז זי אַ פאַרליבטע אָן דערפּאָלג, אַ כלה פון אַ יחסנישן זונדל, אַ ווייב פון אַ זעלבסט־זיכערן, גבירישן פאַבריקאַנט, אַ יונגע אלמנה, אַ גרושה? — איך ווייס אַפילו איר נאָמען נישט, פּונקט ווי זי ווייסט גאָר־נישט וועגן מיר... מיר האָבן זיך גאָרנישט געפרעגט. צו־וואָס דאַרפן מיר עס וויסן? —

דווקא דאָס נישט־וויסן גאָרנישט וועגן אַנדערן, די פולשטענדיקע אומבאַקאַנטקייט, האָט צעעפנט אַלע שלעסער און פרענטן פון אונדזער ביידנס צוריקגעהאַלטנקייט. דאָס האָט פאַרהויבן און אַוועקגענומען די בושה פאַרהאַנגען, האָט הפקר־פריי צעפּראַלט די טירן פאַר די ברויזנדיקע ליידנשאַפטן.

ניין, דאָס איז נישט געווען קיין רייזע פון איין טומלדיקער שטאָט, אין דער אַנדערער, אויף דער האַרטער, אין רעלסן־געשמידטער ערד; — דער צוג האָט ווי אין דער לופטן געשוועבט, איבער וואָלקנס זיך געוויגט, איבער תהומען פון מענטשלעכן לעבן. עס איז געווען אַן אויסטאָן־זיך פון אַלע ניכטערקייטן און אַן אַריינשוועבן אין וואָלקנס פון פאַרשיכורנדיקער הנאה. אַ פיינליך־זיסער פאַרגעסן זיך, אַ צעשמעלצן דעם צלם־אלקים אין די פלאַמען פון תאווה.

נאָר איין נאַכט אַזאַ טרעפט זיך אין דעם גאַנצן, גרויען, מענטשלעכן לעבן. די דעראַינערונג פון אזא נאַכט, הערט שפּעטער נישט אויף צו פליעסקען, ווי אַ וואַרעמע, צאַרטע כוואַליע אונטערן האַרצן. אַזאַ דעראַי־נערונג וואַרעמט נאָכדעם, לאַנג־לאַנג, אין גרויע, פאַרכמאַרעטע טעג.

איך האָב זיך געשראָקן פאַרן פרימאָרגן, וואָס קומט־אָן. איך האָב זיך געשראָקן פאַר דער ניכטערקייט און פאַר דער גרויער פּוסטקייט, וואָס וועט צוזאַמען מיטן פרימאָרגן אָנקומען. אין פרימאָרגן וועט דער צוג שטיין בלייבן פאַר אַ פּראָווינצער וואָקזאַלכל, און דער גליאַיקער קוועקזילבער וועט אויסרינען פון מיינע אָרעמס...

אָבער די נאַכט איז אַריבער און דער פרימאָרגן איז געקומען. דער צוג איז שטיין געבליבן קעגנאיבער דעם דערמאָנטן פּראָווינצער וואָקזאַלעכל.

מיין דאַמע איז שוין געווען אָנגעטאָן. דאָס געזיכט — מיטן וואַל פאַרהאַנגען, אין איין האַנט האָט זי געהאַלטן איר רייזע־טאַש און נע־סעסער. די צווייטע — האָב איך נישט אַרויסגעלאָזט פון מיינע הענט און פון אונטער מיינע פיבערנדיקע ליפּן.

איך מוז דיך נאָך באַגעגענען, איך מוז!... זאָג מיר, ווו און ווען?...

— גוט... אין זאַלעשטשיקי איז מיין היים. דאָס גאַסטהויז פון דער וויינטרויבס איז דאָרט יעדן באַקאַנט...

— אויף וועמען זאָל איך זיך דאָרט פרעגן?

— פרעגט אויף דער טאָכטער... אויף ליובאַן... ליובאַ וויינטרויב...

— ליובאַ וויינטרויב... אויף ווידערזען, ליובאַ...

אויפן פעראָן האָב איך באַגעגנט אַ גרויען הער מיט טונקל־בלויע ברילן, וועלכן זי האָט דערלאַנגט די באקן צום קושן, און אַ ווייצן־בלאָנדע מיידעלע פון אַ יאָר זעקס, מיט סאַמעט שוואַרצע אויגן... דאָס מיידעלע האָט זי געכאַפּט אויף די הענט, זיך גענומען דרייען דערמיט, ביז זיי האָבן זיך פאַרדרייט און פאַרוויקלט אין גרוי־בלויען רויך פון סיגנאַליזירנדיקן לאָקאָמאָטיוו. דער צוג האָט גערירט פון אָרט און דאָס פּראָווינצער וואָקזאַלעכל האָט זיך פאַרהילט מיט שיטערע, טונקל־גרינע וועלדלעך — — —

— ליובאַ... ליובאַ וויינטרויב... זאַלעשטשיקי... — האָב איך געמורמלט צו זיך אליין.

מיין וויטערדיקע רייזע איז שוין געווען פּוסט און זינלאָז. וווהין פאָר איך? נאָכוואָס? — איך האָב זיך קיין אָרט נישט געפונען אין גאַנצן וואַגאָן, איבער וועלכן איך האָב אַרומגעשפּרייזט און מענטשן דענערווירט. ערשט ווען די זון האָט זיך צעשיינט, האָב איך מיין גלייכגעוויכט געפונען.

„ליובאַ... ליובאַ וויינטרויב... אין זאַלעשטשיקי...״ — האָט עס געפליעסקעט אין מיין האַרץ און צעשמייכלט מיין געזיכט. איך האָב באַמערקט, אַז מיין כסדרדיקע צעשמייכלטקייט רופט אַרויס אויפמערקזאַמקייט, אָבער איך האָב בשום אופן נישט געקענט אויפהערן צו שמייכלען. עס האָט זיך געשמייכלט פון זיך אליין, קעגן מיין ווילן...

אין לעמבערג האָב איך גאַנץ שלימזלדיק, אָבער שנעל דערליידיקט מיינע ענינים און געזאָלט מיטן נעכסטן צוג, אָפּפאָרן קיין וואַרשע. דערווייל האָב איך זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ יידישן רעסטאָראַן, עסן אַ היימישן מיטיק. ביי מיין טישל איז געזעסן אַן עלטערער ייד. אומגעבעטן האָט ער זיך מיר פאָרגעשטעלט. ער איז אַ וואַלד־סוחר, פון זאַלעשטשיקי...

— קענט איר דאָרט די פאַמיליע וויינטרויב? זיי האָבן אַ גאַסטהויז...

— אַ פראַגע אַ ביסל, צי איך קען זיי... די שענסטע פאַמיליע אין שטאָט! פאַרמעגלעכע לייט.

— און זייער טאָכטער, ליובאַ?...

— אַן אָרנטלעך מיידל. אויב מען רעדט אייך אַ שידוך, יונגערמאַן, מאַכט־צו די אויגן און טוט! עס איז אַ שמאַלץ־גרוב!...

„אַן אָרנטלעך מיידל...״ — האָב איך געטראַכט — „וואָס הייסט ביי מענטשן אָרנטליך? וואָס ווייסן זיי וועגן אַזאַ רייזע?? וועגן אַזאַ נאַכט, ווי אונדזער הייניטיקע?... איך זאָל צומאַכן די אויגן און טון? — ניין, איך וועל נישט צומאַכן. מיט אָפענע אויגן וועל איך קומען צו איר, מיט אָפענע אויגן... און איך וועל אויך איר זען ביים העלן טאָג־ליכט און אָן אַ וואַל!...״

פון רעסטאָראַן, בין איך אַוועק צום צוג. ביי דער קאַסע, אָנשטאָט צו בעטן אַ בילעט קיין וואַרשע, האָב איך אַ זאָג געטאָן:

— זאַלעשטשיקי...

איך בין אָנגעקומען שפּעט אין אָוונט. יעדערער האָט טאַקע געוווּסט, ווו דאָס גאַסט־הויז איז און מיר געוויזן דעם וועג. עס האָט געדריבניעט אַ רעגנדל און איך האָב זיך געאיילט מיט אַן אויפגעשטעלטן קאָלנער און אַראָפּגערוקטן קאַפּעליוש.

אין דער פּאָדערשטוב איז געזעסן אַן עלטערע פרוי מיט אַ ברוינעם שייטל אויף אַן אָפּגעקאָשיעטן, זילבערנעם קאָפּ, מיט אַ פּאָר מעשענע שפּאַקולן אויף אַ נאָז מיט באַוואַקסענע בראָדעווקעס און מיט אַ פּאָר־געלבטן, פאַרחלבטן טייטש־חומש, אויף וועלכן עס האָבן נאָך אַ פאַרזשאַ־ווערטער טייל פון אַן אָפּגעבראָכענעם שלאָס, אין אירע מאַנצבילשע הענט מיט קרומע פינגער.

— וואָס ווילט איר זאָגן גוטס, יונגערמאַן? — האָט זי מיר אַ פרעג־געטאָן מיט אַ מאַנצבילשער שטימע.

— צי קען איך זען ליובאַ ווייִנטרויב?

— מיין טאָכטער? וואָס דאַרפט איר מיין טאָכטער? — האָט זיך די אַלטע געוווּנדערט.

— איך דאַרף... איך האָב פאַר איר אַ גרוס.

— אַ גרוס פאַר איר אַליין? איז דאָך עס נישט פון קיין קרובים. מיט וועמען־זשע דען האָט זי געשעפטן? — האָט די אַלטע נישט געצוימט איר מאַמעשן נייגער — ליובאַ! ליובאַ! קום נאָר אַהער, ליובאַ! — האָט זי שטרענג־באַפעלעריש גערופן אין אַ צווייטן צימער אַריין.

— איך גיי, מאַמע! — האָט געענטפערט אַ קליינשטעטלדיק גראָבע, נישט־סימפּאַטישע שטימע.

און באַלד איז נאָכגעקומען אַ נידעריקע, איבערגעיוירענע מויד מיט אַ ברודיקן קיך־פאַרטוך, מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל פון אַ פאַרפּעטסטער בלוזע, מיט אַ געלן, צעפלאָשעטן און פאַרפּעדערטן קאָפּ האָר, מיט רויטע, אויסגעקניפּטע באַקן, מיט אַ באַלכסונדיק ־ אויסגעקרומטן מויל, מיט אַ פייכטער שפּיץ נאָז און שיקלדיקע אויגן. אַ צעגראַטשעטע איז זי שטיין געבליבן אויף דער שוועל און נאַרישעוואַטע געגלאָצט מיט די שיקלדיקע אויגענעס, וואָס זענען קיין פאַר נישט, אויף מיר און אויף דער מאַמען.

איך האָב זיך משער־געווען, אַז נישט ווינציקער נאַריש מוז אויך זיין איצט מיין אויסזען... נאַריש? — מיין לאַגע איז געווען אַ גאַנץ אידי־אָטישע...

— נו, וואָס שווייגט איר, יונגערמאַן? דאָס איז מיין טאָכטער, ליובאַ. איר קאָנט איר אָפּגעבן דעם גרוס.

מיט וועלכע רעכט, האָט זיך עס אַזאַ העסלעכע מויד, אַזאַ פאַרזעע־ניש, אַ נאָמען געגעבן ליובאַ?! — עס האָט אין מיר אויפגעבראַוזט אַזאַ צאָרן, כאָטש גיי־צו צו איר און זידל איר אָן... אַזאַ פּראָפּאַנאַציע פון אַ

ליבן נאָמען! איך האָב זיך ברוטאַל אויסגעדרייט צו איר מיט דער פּלייצע און זיך געווענדעט צו דער אַלטער:

— אַנטשולדיקט. דאָס איז עפּעס אַ טעות. דאָס איז נישט ליובא. עס הייסט, נישט ליובא ווײַנטרויב, וועלכער איך זוך.

— קיין אַנדערע איז דאָ נישטאָ.

— אויב נישט ווײַנטרויב, איז אפשר ווײַנשטאָק...

— נישטאָ דאָ קיין ווײַנשטאָקס.

— ניין? נו, מילא. אַ גוטע נאַכט.

איך בין געלאָפן צום וואָקזאַל אין אַ האַסטיקן, קאַלטן שלאַקס־רעגן. אָבער אַן אָפּגעצוואָגענער מיט אַ שעפּל אומרײַנס, האָב איך זיך געפּילט פון דער באַגעגעניש. דאָס אויסזען פון דעם פאַרזעעניש, וואָס דערלויבט זיך צו טראָגן דעם נאָמען ליובא...

איצט האָב איך פאַרשטאַנען דעם מיין פון דעם יידנס ווערטער: „מאַכט־צו די אויגן און טוט״... און איצט האָב איך פאַרשטאַנען, אַז די באַגעגעניש מיט דער העסלעכקייט דאַרף מיך אויסניכטערן, אַז איך זאָל שוין קיינמאָל מער נישט זוכן מיין דאַמע פון קופּעע...

און דאָך זוך איך זי. ווו איך זע אַ באָרדאָ הוט מיט אַ וואָאַל, זוך איך הינטער אים די שוואַרצע, טרויעריקע אויגן...

ניין, איך קען זי נישט פאַרגעסן, מיין געהיימניספולע דאַמע פון קופּעע...

# אַ טרונק וואַסער

## (פון דער ערשטער וועלט־מלחמה)

כּאָטש גיטל האָט געטראָגן אַ ביטערן האַס אויף די פּאָליאַקן און גאָט געבעטן אויף זייער מפּלה, דאָך — ווען עס האָבן אָנגעהויבן דונערן די האַר־מאַטן, ערגעץ־וויט, אין מזרח־זייט פון דער שטאָט, — האָט זי מורא גע־קריגן און שוין אַפילו גאָט געבעטן, אַז עס זאָל בלייבן ביים אַלטן:

—יעדע מהומה גייט דאָך אויס, קודם־כּל, צו יידישע קעפּ!

און די ביטערע שנאה צו די פּאָליאַקן, וואָס גיטל האָט געקראָגן אין איר האַרצן, איז געווען גאָרנישט פאַר קיין קלייניקייט, נאָר פאַר איר וויסט, צעבראָכן לעבן, פאַרן טויט פון לייזערן, איר מאַן, פאַר אירע קינ־דער, די הונגעריקע יתומים.

עס איז געווען אין די ערשטע טעג פון פּוילנס אומאָפּהענגיקייט. די פּוילישע זעלנער, אין זייערע נייע מונדירן, האָבן זיך געלאָזט ווילגיין אין שטאָט. געשניטן יידישע בערד, פּיאות און קאַפּאָטעס, געשמיסן אויף די בענק פון סקווער און בולוואַרן, מאַכנדיק מכלומרשט רעוויזיעס, האָבן זיי יידישע פרויען אויסגעטאָן מוטערליך־נאַקעט אין מיטן דער גאַס. איר מאַן, לייזער, האָט דאַן אַהיים געאיילט פון קצב, מיט אַ מציאה פאַר זיין הונגע־ריקער משפּחה: אַ בלויען מילץ האָט ער געקראָגן... דעם מילץ האָט ער באַ־האַלטן אונטער דער פּאָלע פון רעקל און געלאָפן אַ היים מיט שמחה.

— שטיי! וואָס באַהאַלסטו דאָרט, זשיד?! — האָבן זעלנער אים אָפּגעשטעלט.

לייזער האָט דאָס פּוילישע לשון אַביסל פאַרשטאַנען, אָבער ריידן האָט ער נישט געקענט.

— מילץ — האָט ער געענטפערט, נישט וויסנדיק, ווי מען זאָגט עס אויף פּויליש.

— וואָס האָט ער געזאָגט?

— ווי האָט ער געוואַגט?

— מילטש?! — האָבן זיך די זעלנער אויפגעקאָכט. ווייל „מילטש“ אויף פּויליש הייסט: „שווייג“.

עס האָט נישט געהאָלפן, וואָס לייזער האָט פון אונטער דער פּאָלע פון רעקל, דעם בלויען מילץ אַפּגענומען און זיי געוויזן. ער אַליין האָט שוין

גאָרנישט געזען. ער איז געשטאַנען אַ צעדמטער און געפּילט אַ שניידן פון רימענס איבערן פּנים, איבערן קאָפּ, איבערן נאַקן. נאָכדעם האָט מען אים אויף אַ באַנק אויסגעצויגן, איין זעלנער האָט זיך אים געזעצט אויפן קאָפּ, דער צווייטער — אויף די פיס, אַ דריטער האָט געציילט און צוויי האָבן געשמיסן. דער ציילער האָט אָפּגעציילט „דוואַדזשעשטשאַפּיענטש" — פינפאונצוואַנציק שמיץ. ווען די זעלנער וועלכע זענען געזעסן אויף אים, זענען אַראָפּגעקראָכן און אים באַפוילן, זיך אויפהויבן און די הויזן צוריק אַרויפציען, איז שוין נישט געווען צו וועמען צו ריידן. לייזער האָט שוין מער נישט געאָטעמט.

— נאָר אַ וויסטע מפּלה זאָל אויף זיי קומען, טאַטע זיסער! — איז געוועזן גיטלס טעגלעכע תּפילה.

אַ גרויע, איינגעשרומפּענע זקנה איז זי געוואָרן אין משך פון געציילטע טעג. ווען מען וואָלט געזאָגט אַ פרעמדן מענטשן, אַז די צעקנייטשטע יידענע איז קוים פינף און דרייסיק יאָר אַלט, וואָלט ער זיך פאַנאַנדערגע־לאַכט. די גרויע האָר, די רויט־אויסגעווייַנטע אויגן, די טרוקענע, בלויע ליפּן און די טיפע קאַרבן אין פאַרחושכטן פּנים, זענען געווען פון אַ מענטשן ווייט אַריבער די פופציק. זי איז געגאַנגען מיט געבויגענע, דאַרע פּלייצעס און כסדר געמורמלט די קללה, וואָס עס האָט זיך געקענט אויסוויייזן, אַז פון אַלטקייט, רעדט זי שוין צו זיך אַליין.

— אַז פאַרשמיסן צום טויט זאָלן זיי אַלע ווערן! מיט זייערע ווייבער, מיט זייערע זין און מיט זייערע טעכטער! אמן, טאַטע זיסער!

אָבער איצט, אַז די פּוליעמיאָטן האָבן זיך צעשטעפּט אַזוי געדיכט, ווי זינגערס ניי־מאַשינען, און די הארמאטן האָבן זיך צעדונערט אינמיטן דער נאַכט, האָט גיטל אנגסטיק געטוליעט די קעפּלעך פון אירע צוויי יתומים — אַ מיידעלע פון אַ יאָר זיבן און אַ יינגעלע פון אַ יאָר אַכט — געגלעט זיי און גאָט געבעטן, עס זאָל שוין אויפהערן, זי איז שוין מוחל די מפּלה אויף די פּאָליאַקן, אַבי עס זאָל שוין שטיל זיין. די קעפּלעך פון אירע צע־שראָקענע יתומים זאָלן, חלילה, נישט זיין איינגעשטעלט אין דעם אומגליק, וואָס רוקט זיך אָן.

אין גרויען פאַרטאָג האָט גיטל, אַרויסקוקנדיק דורך דער שפּאַרונע פון לאָדן, געזען אַז די גאַסן זענען פּוסט, אויסגעשטאָרבן. ערשט מיטן זון־אויפגאַנג, זענען געקומען האַסטיק אָנצורייטן עטלעכע אומרויקע רייטער אויף אומרויקע פערד. אַ פּאַנצער־אויטאָ האָט אַדורכגערוישט די גאַס. שפּעטער האָט שוין גיטל געהערט, ווי עס שיטן זיך טריט אויף די ברוקן פון שטאָט. אומצאָליקע טריט פון גאַנצע מחנות פוס־גייער.

אינדערפרי זענען שוין אַלע פון די שטיבער אַרויס. ביי די ווענט, אויף די טראָטוארן איז מען געשטאַנען און געקוקט אויף דער גרויער, אומענד־לעכער מאסע, וואָס פלייצט אַדורך די שטאָט.

— און דאָס זענען זיי?!

— נו, יאָ...

— די ברידערלעך?!

— די ברידערלעך...

גיטלען ווערט ביטער אין נאָז און די רויטע אויגן ווערן נאָך רויטער, מיט טרערן פאַרלאָפן. חדשים און חדשים פריער האָט זי זיך אָנגעהערט וועגן „די רויטע“, וועגן „אונדזערע“, וועגן „די ברידערלעך“, וועלכע וועלן קומען און איינפירן יושר אויף דער וועלט. די שטאָטישע אָרעמקייט האָט אויף זיי געוואַרט און געהאָפט. ווען אַן אַרבעטער האָט זיך צעקריגט מיט זיין באַלעבאָס, האָט ער אים צוגעוואָרפן:

— נישקשה, אַז „אונדזערע“ וועלן קומען, וועט אַנדערש זיין...

אָדער:

— וואַרט, וואַרט... אז „די ברידערלעך“ וועלן קומען, וועט מען אייך לערנען יושר און גערעכטיקייט!...

און די „ברידערלעך“, האָט זיך גיטל פאָרגעשטעלט, זענען יונגע, מוטיקע, פריילעכע יאַטן, אויף פלינקע, אימפעטדיקע פערדלעך... זיי קומען נעמען־צו די אוצרות ביי די רייכע און צעטיילן עס די אָרעמעלייט... איר אַליין גיט מען אַ רוק אריין עטלעכע טויזנטער אין די הענט אַריין: „נא דיר, מוטערל, לעב אַ גוטן טאָג!“... און זיי פליען ווייטער...

און אָט זענען „די ברידערלעך“ געקומען —

עס ציט זיך אַן ענדלאָזע, גרויע, פאַרשטויבטע, פאַרחושכטע מחנה. טרויעריקע פנימער מיט צעשראָקענע אויגן, ווי נישט זיי וואָלטן דעם שונא געיאָגט, נאָר ווי זיי וואָלטן פאַרן שונא אנטלאָפן. זיי לויפן אין אומאָרדע־נונג, אָן רייען, אָן ראָטעס, אָן אַ סאָלדאטיש־ריטמישן גאַנג. און וואָס פאַר אַ סאָלדאטן זענען דאָס? — דער גרעסטער טייל — זקנים מיט צעקודלטע בערד. דאָס זענען דאָך טאַטעס און זיידעס פון קינדער מיט אייניקלעך. וואָס טרייבט מען זיי צום פראָנט? אַפילו די יונגעלייט זעען אויך אויס אַלט, מיט די פאַרשוואַרצטע, לאַנג נישט ראָזירטע פנימער. זעלטן ווער עס טראָגט אַ שינעל, שטיוול און אַ מיליטעריש היטל. דער גרעסטער טייל — ציוויל געקליידעט. אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, באָרוועס, מיט אָניצעס און טראַנטעס פאַרבונדן. אַ סך גייען אָן רעקלעך אַפילו, מיט צעבראַסטעטע העמדער און מיט בלויזע, צעפלאַשעטע קעפּ. אזוי אויך — די ביקסן אויף די אַקסלען. זעלטן הענגט אַ ביקס אויף אַן אַקסל־רימען. מערסטנטייל — אויף שטריקלעך, בענדלעך און פאַרזשאַווערטע דראָטן. פון זייערע צעפּאַ־רעטע לייבער, פונעם צעפליקטן שוכוואַרג און אָניצעס, טראָגט זיך אַ שטינקענדיקער שוויס־גערוך, וואָס איז צוזאַמענגעמישט מיט די גערוכן פון שעפּסענע פעלצלעך, דורכגעפוילטן לעדער און רייסנדיקער מאַכאָרקע. אַלע קוקן זיי מיט רחמים־בליקן צו דער ציוויל־באַפעלקערונג אויף די טראָטוארן, שטרעקן אויס די הענט און בעטן זיך:

—קוסאָטשעק כליעבאַ!...

פון אַלע שטיבער טראָגט מען טאָקע פענעצן ברויט, טשייניקעס טיי, טעפּלעך געקעכטס. עס טראָגן די אָרעמעלייט, וועלכע האָבן פון די „ברי־

דערלעך" דערוואַרט צו באַקומען... און עס טראָגן די גבירים, ביי וועלכע די „ברידערלעך" זענען געקומען צונעמען... אַלע האָבן מיטלייד מיט די באָרוועסע, אויסגעהונגערטע סאָלדאַטן מיט די אויסגעשטרעקטע הענט. גייענדיק שלינגען זיי גיריק אַלץ וואָס מען דערלאַנגט זיי. און די יידענעס לויפן נאָך, וואַרטנדיק אויף דער אויסגעליידיקטער כלי.

די מחנות האָבן געצויגן דורך דער שטאָט אַ טאָג מיט אַ נאַכט. זיי זע־נען געגאַנגען און געגאַנגען און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז עס וועט שוין קיינמאָל קיין ענדע נישט נעמען. עס האָט אויסגעזען, ווי דער גאַנצער מזרח וואָלט אויסגעוואַנדערט אויף מערב. דער גאַנצער מזרח וועט דאָרט ווערן ליידיק פון מענטשן און בלויז ווייסע בערן וועלן דאָרט אַרומלויפן. אָבער ווען מען איז אויפגעשטאַנען צומאָרגנס אינדערפרי, זענען זיי שוין מער נישט געגאַנגען. זיי האָבן זיך צעלייגט איבער דער שטאָט, איבער די גאַסן, סקווערן, בולוואַרן, אין די הויפן, סעדער און גערטנער. ווער עס פאַרריכט זיך, מיט אַ זאַק־נאָדל און שפּאַגאַט, זיינע צעפּליקטע הויזן, דאָס העמד, דאָס רעקל, און ווער עס האָט זיך גאָר פאַרלייגט אַ שוסטער־וואַרשטאַט: אַראָפּגענומען דאָס אַקסל־רימען פון דער ביקס, צעשניטן אים אויף שטיק־לעך און ער פאַרריכט שיך... און צו דער ביקס איז שוין, אַנשטאָט דעם רי־מען, אַ שטריקל צוגעבונדן. טייל ראַזירן איינער דעם אַנדערן, שערן די קעפּ, איבערלאָזנדיק אויף זיי „טרעפּ" און פּיראַמידן... די טראָטואַרן, דער רינ־שטאָק, דער ברוק, איז פאַרוואַלגערט פון בלאָנדע, גרויע, שוואַרצע, שאַטי־נע קליעמבעס האָר. די „דיאַדקעס" מיט די צעפּלאָשעטע בערד זיצן האַלב־נאַקעט, מיט אַראָפּגעצויגענע העמדער און זוכן... זיי שלעפּן פון אַלע נעט אַרויס און שיטן אין רינשטאָק אַריין. מען רויכערט, מען שפּייט, מען דער־ציילט זיך מעשות און מען הערט נישט אויף צו קוקן אין דער ריכטונג, ווו די פעלד־קיכן שטייען...

אין סעדער, מיט איינגעלייגטע שטאַכעטן, שטייען פערד צו די פרוכט־ביימער צוגעבונדן. דאָרטן שטייען אויך די פעלד־קיכן, וואָס רויכערן, פּאַ־רען און צעטראָגן דעם וואַרימען גערוך פון סאָלדאַטסקער קאַשע.

קינדער לויפן אַרום צווישן די סאָלדאַטן און האַנדלען. זיבן, אַכט־יע־ריקע סוחרים קויפן און פאַרקויפן פּאַפּיראָסן, מאַכאָרקע, אַ פלעשל וואָדקאַ, געבעקסן, געפאַרבטע צוקערלעך, קנעפּלעך און נאָדל־פּאָדים.

אויך גיטל האָט זיך אַ נעם־געטאָן אין די הענט אַריין. זי האָט ערגעץ באַקומען אַ פּאָר פוד געפרוירענע און צוגעפוילטע קאַרטאָפל. שיילט זי, רייבט און, אויף אַ שוואַרצן, עיפּושדיקן אייל, פּרעגלט זי לאַטקעס. מיט די בלעכן הייסע לאַטקעס שיקט זי די קינדער אין גאַס אַרויס. עס דערקוויקן זיך מיט זיי סיי די סאָלדאַטן און סיי די ציווילע אָרעמקייט. נאָך איידער גיטל באַווייזט אַ פרישע בלעך לאַטקעס אָפּצופּרעגלען, קומען שוין די קינ־דער צוריק מיט ליידיקע כלים און מיט קעשענעס געלט. מען צעכאַפּט זיי פּשוט די לאַטקעס פון די בלעכן אַרויס.

עס ציען זיך טעג און נעכט. די סאָלדאַטן, אַזוי ווי זיי האָבן זיך צע־לייגט איבער דער שטאָט, אַזוי ליגן זיי.

אין שטאָט שמועסט מען, אַז די באָלשעוויקעס זענען דערגאַנגען ביז וואַרשע. פאַר דער ווייסל שטייען זיי. זיי וואַרטן אויף אַ באַפעל פון מאָס־קווע, דאַן וועלן זיי די ווייסל אַריבער און גאַנץ אייראָפּע פאַרפלייצן...

די ווייסל זענען זיי נישט אַריבער. קיין וואַרשע זענען זיי נישט אַריין. די פּאָליאַקן איז געשען אַ גרויסער נס, — דער נס ביי דער ווייסל...

די פּוילישע אַרמיי האָט זיך געשטאַרקט און אָנגעהויבן יאָגן די באָל־שעוויקעס צוריק אויף מזרח, צוריק אַהין, פון וואַנען זיי זענען געקומען.

***

עס איז געווען אַ צעשייערטער, רויט־קופּערדיקער בין־השמשות. די סאָלדאַטן האָבן גערוט אויף די טראָטואַרן, מיט די פיס אין די רינשטאָקן. זיי האָבן זיך דערציילט זייערע באַליבטע מלחמה־עפּיזאָדן, גערעדט וועגן די שטאָטישע פּרויען, וועלכע גייען נאָר מיט די קאָמיסאַרן און וועגן די דאָרפישע באָבעס, וועלכע זענען גוט צו יעדן פּשוטן סאָלדאַט. כמעט יעדע־רער האָט עפּעס וועגן אַ באָבע אין דאָרף געהאַט צו דערציילן, וועגן אַ נאַכט אין אַ כאַטע, אָדער אין אַ שייער: „עך, איז דאָס געווען אַ באָבע!... אַ שטיק פייער... נישט ווי די שטאָטישע קורטשיקעס“...

— נאַ פּליעוואַט מיר אַלע ווייבער! נישטאָ עפּעס בעסערס, ווי אַן אייגן ווייב מיט קינדער, אין דער אייגענער כאַטע! עך, רעביאַטאַ! נאַ פּליוואַט! איך האָב דאָס שוין אַלץ גענוג. עס בענקט זיך אַהיים! — — —

— גערעכט, סטאַריק, וואָס אמת, איז אמת!

— נאַ פּליעוואַט אויף אַלע ווייבער! עס בענקט זיך אַהיים. שוין צייט...

אַנדערע זענען געווען פאַרטאָן מיט רייניקן זיך די העמדער. גערוי־כערט און געשפּיגן. און אַנדערע, נישט דערוואַרטנדיק זיך, אַז די פעלד־קיכן זאָלן אויפקאָכן, האָבן זיך דערוויייל געקוויקט מיט גיטלס הייסע לאַט־קעס, געפּרעגלטע פון געפרוירענע און צוגעפוילטע קאַרטאָפל, אויף עיפּוש־דיקן, שוואַרצן אייל.

פּלוצלינג זענען האַסטיק אָנגעריטן פאַרשטויבטע רייטער. פאַרסאָפּעטע האָבן זיי אַן אומפאַרשטענדלעך וואָרט געוואָרפן און ווייטער אַוועקגעגאַ־לאָפּירט.

קיינער האָט שוין מער נישט געוואַרט אויף די פעלד־קיכן. בהלהדיק האָבן די סאָלדאַטן געכאַפּט די ביקסן מיט די שטריקלעך אויף די אַקסלען און אָנגעהויבן לויפן. פון די סעדער זענען די פערד איבער די פּלויטן גע־שפּרונגען. די פעלד־קיכן, ווי איבעריקע, נישט־נייטיקע, האָבן זיך דאָך גע־נומען אָניאָגן די אָפּטרעטנדיקע. ביי איין קיך, וואָס האָט שוין דווקא אויפ־געקאָכט, איז אַ ראָד צעבראָכן געוואָרן. אַ צערויכערטע, אַ צעפּאַרעטע, האָט מען זי איבערגעלאָזט אויף הפקר אין מיטן וועג. שטייט זי אַ פאַרשעמטע, פאַרעט די סאָלדאַטן אין די צערייצטע נאָזלעכער און בעט זיך: „געניסט!“...

די סאָלדאַטן געזעגענען איר מיט באַדויערנדיקע בליקן און מיט אַ בורטשען אין די פוסטע מאַגנס. זיי לויפן: איידער אָנשטאָפּן דעם מאָגן, בעסער ראַטעווען דעם קאָפּ!...

די ציווילע באַפעלקערונג האָט תיכף באַנומען די געפאַר, וואָס רוקט זיך אָן. זיך באַהאַלטן אין די שטיבער, פאַרהאַקט טיר און לאָדן און אויסגעלאָשן דאָס ליכט. מיט קלאַפּנדיקע הערצער האָט מען זיך צוגעהערט צום טעמפּן דונערן פון האַרמאַטן, צו דעם געדיכטן שטעפּן פון די פּוליעמיאָטן און צום בהלהדיקן געלאַף איבער די גאַסן. אַ געלאַף פון מחנות סאָלדאַטן, אַ גאַלאָפּ פון אימפּעטדיקע רייטפערד, אַ קלאַפּעריי פון אייזערנע רעדער אויפן שטיינערנעם ברוק.

„די באָלשעוויקעס טרעטן אָפּ“.

„די פּאָליאַקן קומען צוריק. די פּאַנעס מיט דער פּוילישער יוכע וועלן ווידער אויסלאָזן זייער צאָרן צו יידישע קעפּ, צו בערד און פּיאות!“.

די נאַכט איז צוגעפּאַלן. אין אַלע הייזער איז שטאָק־פינצטער. אָבער ביי גיטלען אין שטוב איז די פינצטערניש נאָך געדיכטער, פּעכיקער. אויסערן חושך פון דער נאַכט, ביי פאַרהאַקטע לאָדנס, שטייט נאָך אין חלל דער רויך און דער טשאַד פון די געפּרעגלטע לאַטקעס אויפן עיפּושדיקן אייל. און פון די מיטן פּאָמעשאַף באַגאָסענע, אויסגעלאָשענע גליאָוונעס אין דער פּליטע, וואָס טליען נאָך, זעצט אַ געדיכטער רויך.

די קינדער זיצן אויפן בעט און פּלאַטערן. ציטערן פון קעלט און פון שרעק. גיטל,ביים פענצטער, הערט אַזש ווי זייערע ציינדלעך קלינגען. זי האָט זיי נישט אויסגעטאָן: „טאָמער, די שעה זאָל נישט זיין, און מען וועט מוזן לויפן!“ — זיצן זיי אויפן בעט אין די מאַנטעלעך מיט די שיכלעך און טוליען זיך איינער צום אַנדערן...

מיט אויפגעריסענע אויגן, פאַרברענטע פון רויך און פון טשאַד, שטייט גיטל ביים פענצטער און שטרענגט־אָן איר בליק דורך אַ לאָדן־שפּאַרונע, דורך וועלכער זי זעט גאָרנישט, אויסער פאַרבייפלאַטערנדיקע שאָטנס. זי שטייט און הערט זיך־צו, מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, צום אימהדיקן געלאַף. וואָס אַמאָל, ווערט דער געלאַף אַלץ האַסטיקער, אָבער שיטערער און שיטערער. עס לויפט שוין נישט קיין מאַסע, נאָר איינצלנע מענטשן. עס לויפן שוין די לעצטע, אָפּגעשטאַנענע, פאַרשפּעטיקטע, מיט דער אַנגסט, פאַרן אַריינפאַלן דעם שונא אין די הענט אַריין.

אַרום האַלבע נאַכט, האָט שוין גיטל געהערט די לעצטע, איינזאַמע טריט פון אַן אָפּגעשטאַנענעם סאָלדאַט. אַן כוחות איז ער שוין געלאָפן. דורך די לאָדנס און שויבן האָט זיין סאָפּען צו איר אָנגעשפּיצטן אויער דערגרייכט. אָבער באַלד האָט זי אויך דערהערט דעם געראויש פון אַ מאָטאָציקל, וואָס האָט זיך האַסטיק אַריינגעשניטן אין דער גאַס.

— סטאָי! רענצע דאָ גורי! — האָט אַ שטימע באַפוילן.

דער אָפּטרעטנדיקער סאָלדאַט און דער אָניאָגנדיקער מאָטאָציקל זענען שטיין געבליבן. עס איז געוואָרן שטיל. גרויליק־שטיל. אַ שטילקייט וואָס

מאַכט גליווערן דאָס בלוט אין די אָדערן און מאַכט שטעכן, ווי נאָדלען, די האָר־וואָרצלען אין קאָפּ. גיטל האָט זיך נאָכמער צוגעפּרעסט צום לאָדן און אָנגעשפּיצט דעם אויער צו דער שפּאַרונע. זי האָט דערהערט, ווי דער סאָל־דאַט בעט זיך אויף רוסיש:

— נעמט מיך אין געפאַנגענשאַפט.

און אַ האָפערדיקע שטים ענטפערט אויף פויליש:

— ניין!... דערשיסן!...

— מענטשן, טוט עס נישט. — בעט זיך דער סאָלדאַט — אַ ווייב מיט קינדער האָב איך געלאָזן!

— פּשיאַ־קרעוו! נאָר דערשיסן!

— נעמט מיך אין אייער קאָמענדאַטור. מענטשן, איך בין דאָך אַ סאָל־דאַט! נעמט מיך אין געפאַנגענשאַפט.

— דערשיסן! ווי אַ הונט!

גיטל האָט באַנומען אַן אַמפּערניש, אַ ראַנגלעניש, אַ שאַרן זיך אָן וואַנט, אַ פלאַטערן. און — — — „אוי, מאַמע!”. דאָס גרויליקע איז גע־שען! צוויי רעוואָלווער־שאָסן האָבן אָפּגעהילכט אין דער נאַכט. עפּעס איז אַוועקגעפאַלן, ווי אַ שווערער זאַק האַרט ביי דער וואַנט, וואָס אונטערן פענצטער. דער מאָטאָציקל האָט זיך צערוישט און אַוועקגערוישט אין דער נאַכט אַריין.

גיטלען האָבן זיך די קני אונטערגעבראָכן און זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דער טאַבורעטקע, וואָס נעבן פענצטער. אונטערן האַרץ איז איר גע־וואָרן הויל. עס האָט איר אויסגעפּעלט לופט, האָט זי ברייט צעפּראַלט דאָס מויל און באַוויגן מיט די ליפּן, ווי אַ פיש, וואָס מען ציט אַרויס פון וואַסער.

— ניין, איך טאָר נישט חלשן! — האָט דער באַוווסטזיין אין איר אויפגעצאַפּלט. — די קינדער בלייבן אַליין. העלף מיר, רבונו של עולם, שטאַרק מיך, טאַטע זיסער!

אין דער געפּרעסטער שטילקייט, וואָס פון יענער זייט לאָדן, האָבן אָנ־געהויבן אויפגיין קוים־קוימיקע קרעכצן, ווי בלעזלעך פון אַ טיפן, פינצטערן וואַסער־אַריף. די קרעכצן האָבן אָנגעהויבן קומען אָפטער, העכער: דער געשאָסענער לעבט! ער קומט צו זיך! מסתמא שווער פאַרוווּנדעט. ער שטאַרקט זיך:

— אוי, אוי, אוי, גאָספּאָדאַ, פּאָמאָגיטיע!

דאָס געבעט פלאַטערט און פאַלט, צוקט־אויף און לעשט זיך:

— ג־אָ־ס־פּ־אָ־ד־אַ־אַ, פּאָ־מאָ־גי־טיע־ע־ע! — — —

די נאַכט בלייבט טויב און שוואַרץ. די שטילקייט — אכזריותדיק־פאַר־גליווערט. דער „פּאָמאָגיטיע” פלאַטערט ווי אַ פויגל מיט צעבראָכענע פליגל, קלאַפּט אין פענצטערס, אין לאָדנס, וואָס עפענען זיך נישט, וואָס ענטפערן נישט. פלאַטערט און פאַלט:

— אוי, אוי, גאָס־פּאָ־דאַ־אַ־אַ, פּאָ־מאָ־גי־י־י־טיע־ע־ע! — — —

די שטימע ווערט שוואַכער, סקריפּענדיקער, ווי פון אַ פּאַרטריקנטן, כאָרכלענדיקן האַלדז.

„אַט אַזוי האָט עס געמוזט טריקענען און ברענען לייזערן אין האַלדז, ווען די זשלאָבעס האָבן אים צום טויט פּאַרשמיסן — טראַכט גיטל — זיי זענען געזעסן אויף אים און פּאַרשטיקט זיינע קרעכצן. קען זיין, ווען מען דערלאַנגט אים דאַן אַביסל וואַסער — — — ווייִ איז מיר! אַ מענטש גייט־אָפּ אין בלוט הינטער מיינע פענצטער. אַ מענטש גייט אויס און בעט זיך הילף ביי מענטשן! וואַסער, קען זיין אַז וואַסער קען אים אָפּמינטערן, ראַ־טעווען. יאָ, אַ טרונק וואַסער. — — — “

— מאַמע! וואָס טוסטו, מאַמע?!

— מאַמע! ווו גייסטו, מאַ־אַ־אַ־מ־ע־ע! — האָבן זיך די קינדער אַנגסטיק צעשריגן.

— שאַט, קינדער, שאַט... אַט באַלד, אַ מינוט, אַט באַלד... — האָט גיטל אַליין נישט געוווסט וואָס זי רעדט און מיט וואָס זי וויל די קינדער באַרואיקן.

געניט אין יעדן שפּאַן פון איר שטוב, האָט זי, אין דער פינצטער, דעם טיש מיט די שטולן אויסגעמיטן, אַנגעטאַפּט די קופּערנע שעפּ וואָס הענגט אויף אַ טשוואָק, און פון עמער, וואָס אויף דער טאַבורעטקע, ביי דער טיר, אָנגעשעפּט פול וואַסער.

— מאַמע, וווהין?!

— מאַמע גיי נישט!!!

— מאַאַאַאַמעעעע!!!

— אַ מענטשן ראַטעווען! שששששש... איך קום באַלד צוריק. ששששש... — האָט גיטל געדעמפּט צוריקגעשריגן, אויפקייטלענדיק מיט פיבערנדיקע הענט די טיר.

זי איז געלאָפן קעגן ווינט, מיט צעפּלאָשעטע האָר, מיט דער קופּער־נער שעפּ פּאָראויס. אָט ליגט ער. ער צאַפּלט זיך קאָנוולסיוו. זי גיט אים אַ פליוך אין פּנים אַריין. ער צאַפּלט־אויף:

— פּאָמילויטיע... פּאָמילויטיע... פּאָמאָגיטיע.

גיטל שטופּט אים די קוואַרט צווישן די ציינער.

— טרינק, שנעלער,טרינק!

אַביסל האָט ער געטרונקען. דאָס איבעריקע האָט זיך פּאַרגאָסן אויף זיין האַלדז, אויף זיין צעכראַסטעטן ברוסטקאַסטן. ער האָט אַ בלייכן שמייכל געטאָן:

— בלאַגאָדאַריו, מאַמאַשאַ... — און דער קאָפּ זיינער איז צוריקגע־פאַלן אַהינטער, אויפן האַרטן טראָטואַר.

ווען גיטל איז שוין געווען צוריק ביי זיך אין פינצטערן שטיבל און פיבערדיק פאַרקייטלט הינטער זיך די טיר, האָט זי זיך ערשט אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון פון דער געפאַר, אין וועלכער זי איז געקראָכן. וואָס פאַר אַ

משוגעת האָט זי דאָ אָפּגעטאָן?! געלאָפן ראַטעווען אַ גוסס און איינגע־שטעלט דאָס לעבן פון אירע צוויי יתומים!

אָבער באַלד האָט זי זיך געגומען באַרואיקן, אַז קיינער האָט זי נישט געזען. עס איז נאַכט. די גאַסן זענען פּוסט און לער, ווי אויסגעשטאָרבן. אַלץ זיצט הינטער פאַרהאַקטע לאָדנס מיט פּרענטן. ניין, עס האָט זי זיכער קיינער נישט געזען...

די קינדער וויינען, כליפּען, ציטערן מיט די אויסגעדאַרטע לייבעלעך. זיי זענען נאָס פון טרערן און פון אַנגסט־שווייס. עס איז, ווי די קינדער וואָלטן גיכער באַנומען די געפאַר, די גרויליקע קאָנסעקווענצן פון דער מאַמעס טאַט, ווי די מאַמע אַליין. גיטל גלעט זיי, קושט זיי און טוליעט זיי צו זיך:

— איך האָב געטאָן אַ מצווה, קינדער... אַ מצווה... — פאַרענטפערט זי זיך.

די קני ציטערן איר, דאָס האַרץ איז צעזבענקעט, צעהוידעט ווי אַ בלאָז־זאַק. און כדי צו באַרואיקן זיך, צו פאַררעדן די טרעוואָגע, וואָס האָט זיך צעסירענעוועט אין איר איצט וואַך־געוואָרענעם מוח און געמיט, — הערט זי נישט אויף איבערצוחזרן כסדר:

— אַ מצווה האָב איך געטאָן, אַ מצווה... כ'האָב געמוזט... גאָט האָט עס געזען... נאָר גאָט, ווייטער קיינער נישט... אין דעם זכות, וועט ער אונדז העלפן, קינדערלעך... גאָט האָט געזען... נאָר גאָט. ווייטער קיינער נישט!...

***

גאָט האָט געזען.

אין דעם פּוילישן דאָקטאָר, פון דער שטוב אַנטקעגנאיבער, גלייבן אַלע יידן, ווי אין אַ גאָט. אָבער גאָט איז ער נישט, און ער האָט געזען.

אויפן דריטן טאָג נאָכן איינגעמען די שטאָט, איז פּוילישע זשאַנדאַר־מעריע געקומען און גיטלען פון איר שטוב אַוועקגענומען.

— טשיכאָ זשידקי! — האָבן זיי געשריגן אויף די קינדער, וועלכע האָבן זיך געפלאָנטערט ביי גיטלס פיס, זיך געקלאַמערט אָן איר קלייד און אַנגסטיק זיך געריסן מיט אַלע כוחות.

— מילטשעטש, באָ סטשעליאַם! — האָבן זיי אויסגעשטעלט די לו־פעס צו די קינדער.

מיט די ביקסן־קאָלבעס האָבן זיי די קינדער אָפּגעשטויסן פון דער מאַ־מען, פון דער שוועל, צוריק אין שטוב אַריין. גיטל איז געטריבן געוואָרן צו־פוס, אין מיטן דער ברוקירטער גאָס. זי איז געגאַנגען, ווי אין הינערפלעט און זיך געוואַקלט צווישן די פערד פון דער אַרום איר רייטנדיקער זשאַנ־דאַרמעריע.

און ווען יום־כיפור וואָלטן נישט געקומען צו דער שול ספּעציעלע ריי־טער, אַרויסצונעמען דעם רב, ער זאָל בייזיין די עקזעקוציע איבער אַ פאַר־משפּטער יידישער שפּיאָנקע און זאָגן מיט איר ווידוי, — וואָלט מען אַפי־לו נישט געוווּסט, ווו גיטל איז אַהינגעקומען.

# די לעצטע פּרוי פון מוסטאַפאַ איבראַנימאָוו

דעם ערב־פּסח פון „פריילעכן" יאָר 1943 האָבן מיר „פאַרבראַכט" אין אַשכאַבאַד, דער הויפּטשטאָט פון טורקמעניע. ווו דאָס ליגט? — מזרח־זייט פון קאַספּישן ים, איבער די מדבריות קאַראַ־קום און קיזיל־קום. אַ דרייסיק קילאָמעטער פון דער פּערסישער גרענעץ. הינטער די הרי־חושך, זאָגסטו? — ניין, נאָך ווייטער... גענוי: דאָרט ווו דאָס מעכטיקע חד־גדיאַ־לאַנד גרע־נעצט זיך מיט דער מגילה־מדינה...

און מיר, אַ קליינע גרופּע וואַרשעווער יידן, וואָס זענען אַהער פאַר־טראָגן געוואָרן מיטן מלחמהדיקן פּליטים־שטראָם, האָבן באַשלאָסן דאָ צו פּראַווען אַ סדר.

קיינער פון אונדז איז נישט רעליגיעז. אָבער אין טעג פון פאַרוואָגלט־קייט און עלנט, איז עפּעס אויפגעקומען אין אונדז אַ דראַנג זיך צו קלאַמערן אָן אונדזערע טראַדיציעס. אין טעג, ווען עס איז נישטאָ קיין שטוב מיט קיין אָפענער טיר פאַר אַ היימלאָזן פרעמדן, — האָבן מיר, דאָס הייפעלע היימלאָזע, פרעמדע, צו־להכעיס אונדזער גורל, באַשלאָסן צו יום־טובן גע־מיינזאַם. מאַכן אַ פּסח און פּראַווען אַ סדר דווקא מיט אַלע פּיטשעווקעס... זאָל עס אונדז דערמאָנען די יום־טוב־טישן מיט אונדזערע עלטערן, ווייבער און קינדער, שוועסטער און ברידער, וועלכע מיר האָבן איבערגעלאָזן אויף הפקר אין תליונס הענט און ווער ווייסט, צי מיר וועלן זיי נאָך אַמאָל טרעפן — — —

שווער זענען געווען אונדזערע געמיטער. אָבער אין יעדנס בליק האָט זיך אָנגעצונדן אַ פלעמעלע... מיר האָבן פיבערדיק גענומען אַלץ צוגרייטן: געוואַשן, געראַמט אונדזער קיביטקע (ליימענע כאַטע), אַליין געקאַלכט די ווענט, געוואַשן דעם ליימענעם דיל, צונויפגעליען אַ טישטוך, אַ **פּאָר לייכ־טער**, געפעס און כוסות...

אויף די ברויט־קאַרטן האָבן מיר אָפּגענומען אונדזערע 400־גראַמיקע ברויט־נאָרמעס פאַר עטלעכע טעג פאַראויס און אַרויסגעטראָגן עס אויפן מאַרק, צום פאַרטוישן אויף מעל שפּעטער האָבן מיר אויף אונדזער הויפּל אָוועקגעשטעלט אַ „מאַנגאַלקע". וואָס דאָס איז אַזוינס? — אַן אייוועלע געמאַכט פון אַ צעבראָכענעם עמער. אינעווייניק ווערט אויסגעשמירט מיט ליים און אונטן, אַן דער זייט, ווערט געעפנט אַ טירעלע. יעדער איינער קען עס מאַכן און עס קאָכט זייער גוט. מען דאַרף נאָר האָבן אַ **טאָפּ און דער**

עיקר: וואָס אַריינצולייגן אינעווייניק... יאָ, און נאָך אַן עיקר איז פאַראַן: מיט וואָס צו הייצן. דאָס איז שווער צו קריגן אין אַשכאַבאַד און עס קאָסט זייער טייער. און הייצן די „מאנגאלקעס" הייצט מען מיט צווייערליי ברען־מאַטעריאַלן: מיט די טרוקענע וואָרצלען פון דעם ראַכיטיש־צעקרימטן און צעדרייטן דאָרנבוים סאקסאול און מיט „קיזיקעס". דאָס לעצטע ווערט גע־מאַכט פון פרישן קי־ און פערד־מיסט געמישט מיט ליים. דאָס פרישע מיסט פון קעמלען, אייזלען און שעפּסן איז אויך גוט. מען קנעט פון דעם אויס היפּשע פּלעצל און מען צעלייגט עס אויף די פּלאַטשיקע דעכער, זיי זאָלן זיך טריקענען אויף דער זון. ווו מען נעמט אָט דעם טייערן מאַטעריאַל? — מען מוז זיך אַליין פאַרגרייטן. מען גייט אַרויס מיט אַ כלי צום באַזאַר און מען קוקט דאָרט נאָך יעדער איינער קליאַטשע און בהמה, ווי מען פלעגט אַמאָל, אין די גוטע צייטן, נאָכקוקן דעם שיינעם מין אויף די שפּאַ־ציר־גאַסן. מען קוקט נאָר אויס דעם מאָמענט, אַז אַ בהמה זאָל אַ הייב־טאָן דעם ווידל און דאַן — דאַן גיבן זיך אַ לאָז אַ מחנה ווייבער און קינדער מיט כלים, אַריינצוכאַפּן די גאָלדענע מציאה און אַנטלויפן... וואָרעם „קי־זיקעס" רויכערן טאַקע, טשאַדען, אָבער עס היצט און קאָכט אַ מחייה!...

אָט אויף אַזאַ „מאנגאלקע" מיט אָט דעם ברען־שטאָף, האָבן מיר אַוועקגעלייגט אַ בלעך און געבאַקן מצות, כשר מהדרין־למהדרין... אַלע האָבן געאַרבעט: געשאָטן דעם טונקעלן, מיט שטרוי און זאַמד געמישטן מעל, גע־גאָסן וואַסער (דאָס האָבן מיר נישט געזשאַלעוועט...), געקנאָטן, געוועל־גערט, געמאַכט לעכעלעך מיט אַ גאָפּל און געבאַקן... פון אונטן איז געווען צוגעברענט, פון אויבן — געבלעזלט, אינמיטן — רוי אוןליימיק. אָבער אַ ריח האָט זיך געטראָגן פון דער „מאַנגאַלקע", ווי פון אַן אמתער מצה־פאַ־בריק. דער ריח האָט געקיצלט אין די נאָזלעכער און געדרייט די געדערים אין בויך — דער ריח פון פריש געבאַקנס... און אפשר נישט אַזוי דער ריח, ווי די הונגעריקע מאָגנס...

די ערשטע מצה האָבן מיר צעבראָכן אויף צוועלף שטיקלעך. יעדער איינער האָט פאַרזוכט און געזאָגט זיין מבינות:

— אַ מצה פון מצה־לאַנד!...

— מאַנישעוויטש מעג זיך שעמען!...

— ער וועט מיט אונדז נישט קאָנקורירן!...

דער פּאָפּולערער פּוילישער טעאַטער־אימפּרעסאַריאָ, דער אַלטער אַסי־מילאַטאָר קאַבאַק, איז געווען אַזוי אַנטציקט, אַז ער האָט זיך אַזש אַוועק־געשטעלט אינמיטן הויף, ווי אַן אַקטיאָר אויף דער בינע, געמאַכט אַ פּאָזע פון אַ העלדן־טענאָר און גענומען זינגען „דאָס פּינטעלע ייד" אויף רוסיש: „טאָטשקאַ יעווריי"...

נאָכדעם זענען מיר ווידער געגאַנגען אויפן באַזאַר טוישן: פּאַר צוויי קראַוואַטן האָבן מיר באַקומען אַ פלעשל וויין „אַשכאַבאַדסקאָיע קרעפּקאָיע". פּאַר אַ העמד — פיר קילאָ קאַרטאָפל. פּאַר אַ וועסטל, אַ קאָרסעט, מיט אַ פּאָר גאַטקעס — גאַנצע דריי קילאָ פלייש!... אמת, דאָס איז געווען „אי־

שאק", דאָס הייסט אייזל־פלייש, אָבער דערפאַר — מיט אַ גרויסן ביין אַלס צולאָג!...

אַלץ איז שוין געווען צוגעגרייט מיט שווערער מי און פאַרן פרייז פון לעצטן העמד. טאַקע בצמצום, אָבער אַ זכר, אַן אָנדייט פון אַלץ וואָס אַ סדר־טיש דאַרף האָבן. קיין מרור האָט אַוודאי נישט געפעלט. די הויפּטזאַך, אָבער, די הגדה איז נישט געווען. ווו נעמט מען אין פאַרוואָרפענעם אַש־כאַבאַד אַ הגדה של פסח?

און דאָ האָט זיך דווקא דער אַלטער אַסימילאַטאָר קאָבאַק איינגע־שפּאַרט:

— אָן אַ הגדה איז ביי מיר דער סדר קיין סדר נישט!

און ער האָט פאַרענדיקט אויף רוסיש:

— יעסלי האַגאַדאַ ניע בודיעט, טאַק נאַ פּליעוואַט מניע נאַ וואַש סע־דער! (אויב קיין הגדה וועט נישט זיין, שפּיי איך אויף אייער גאַנצן סדר!)...

שלעכט. די גאַנצע שמחה ווערט אונדז צעשטערט. די מי און האָרע־וואַניע — אַרויסגעוואָרפן. אָבער עס איז דאָך פאָרט נישט צו באַקומען קיין הגדה ביי קיין איין טורקמענער פון דער גאַנצער הויפּטשטאָט אַשכאַבאַד!

מיר האָבן נישט גערוט און זיך דערוווּסט, אַז אַ זעקס קילאָמעטער פון אַשכאַבאַד, אין דער ריכטונג פון דער פּערסישער גרענעץ, אין די בערג ווו מען כאַפּט די טשערעפּאַכעס צום עסן, איז דאָ אַ פּיצל דערפעלע, אַ קיש־לאַק. דאָס איז דער זעלבער קישלאַק, ווו די קורדן פון פּערסיע קומען אַרי־בער פאַשען זייערע שאָף און רינדער און וווּהין די אַשכאַבאַדער באַפעלקע־רונג טראָגט אַרויס אירע שמאַטעס צום פאַרטוישן ביי די קורדן אויף רייז און ראַזשינקעס. אָט אין דעם קישלאַק דאַרף וווינען אַ טורקמענישער ייִד מיטן נאָמען מוסטאַפאַ איבראַגימאָוו. נאָר ביי אים איז דאָ אַ האָפענונג צו קריגן אַ הגדה.

אַ טורקמענישער ייִד?!... — מיר האָבן זיך אַלע פאַרוווּנדערט. מיר ווייסן פון בוכאַרער טאַדזשיקישע ייִדן, פון קאַווקאַזער באַרג־ייִדן, פון תּי־מנער און כינעזישע ייִדן. אַפילו פון אַביסיניער נעגער־ייִדן. אָבער פון טורק־מענישע ייִדן הערן מיר דאָס ערשטע מאָל!

מיר האָבן געוואָרפן גורל, ווער עס זאָל גיין אין דעם אָנגעוויזענעם קישלאַק אַריין. דער גורל איז געפאַלן אויף מיר. איך בין דערמיט דווקא צופרידן געווען. אינטערעסאַנט איז מיר געווען זיך צו באַגעגענען מיט אַ נייעם סאָרט ייִד, אַ טורקמענישער, מיט אַ נאָמען: מוסטאַפאַ איבראַגימאָוו.

***

אַ טורקמעניש הייסער טאָג. אין קילערע טעג באַקט זיך אָפּ אַן איי אויף דער ערד, ווען עס ליגט נאָר אַ פּאָר מינוט אין זאַמד, אויף דער זון. אָבער איצט גיסט די זון ממש שטראָמען פייער. די לופט גליט ווי אין אויוון פון אַ גלאָז־הוטע. קיין מינדסט ווינטעלע איז נישטאָ.ביימער שטייען פאַר־

שטאַרטע אין אומבאַוועגלעכקייט, ווי פאַרשטיינערט. די בלעטלעך אויפן שפּיץ בוים הענגען פאַרחלשטע און גיבן זיך דעם מינדסטן שאָקל נישט, ווי פאַרגליווערט. ווי זיי וואָלטן קיין צאַרטע בלעטלעך נישט געווען, נאָר פאַר־זשאַווערטע בלעכלעך. דער אַספאַלט איז צעשמאָלצן און קנעט זיך ווי טייג אונטער די טריט. די פערד פויזען מיט נאַסע טיכער אויף די נידעריק־אַראָפּגעלאָזענע קעפּ. קעמלען ליגן אויף אַלע פיר און קרעכצן. די טורקמע־נער ווערן מיד פון צעברעכן שטעקנס אויף די קעמלס רוקנס און זעצן זיך נעבן אריק (רינווע מיט קוואַל־וואַסער) טרינקען גרינעם טיי... מענטשן גייען פאַרדעקט די געזיכטער מיט נאַסע נאָזטיכלעך, וואָס זיי טונקען כסדר אין אָט דעם אריעק וואָס ציט זיך לענגאויס דעם אַספאַלט. די נאַסע טיכלעך פאַרען און די מענטשן אָטעמען שווער די פייכטע, עטוואָס אָפּגעקילטע אָבער אַלץ פאַרענדיקע לופט דורך די נאָזטיכלעך, וואָס טריקענען כסדר און מען מוז זיי ווידער נעצן. עס דוכט זיך אַז די זון איז צעשמאָלצן געוואָרן און אָנגעצונדן דעם הימל, די ערד, די לופט און די גאַנצע וועלט שטייט אין פלאַמען. די וועלט ברענט! אַ שריפה פון סדום־ועמורה! איך האָב נישט אין מדבר ווו זיך צו באַהאַלטן פון דער צעגליטקייט, ווו זיך אַהינצוטאָן, ווו צו געפינען אַ שאָטן אויף אַ ווייל.

עס קומען מיר אַנטקעגן טורקמענערינס מיט ליימענע קרוגן אויף די קעפּ, מיט בינטלעך סאקסאול־האָלץ און שיסלען מיט מילכיקס, וואָס זיי טראָגן צום פאַרקויפן אויפן שטאָטישן באַזאַר: מאַצאָני, שוואַרעד, גאָמל־קעס, ברינדזע, קיימאַק און פערד־מילך. ווען איך האָב אַן איבעריקע פּאָר גרייצער, וואָלט איך צוגעמאַכט די אויגן און זיך מחייה געווען מיט אַזאַ טרונק... האָב איך נישט, — טרינק איך דאָס קוואַל־וואַסער פון אריעק און טראַכט פון אַ געזיכערטן טיפּוס. די טורקעמענערינס קוקן מיך נייגעריק אָן, באַוועגן נאָך מער מיט די אַקסלען און די קייטן פון אַלטע מטבעות צע־קלינגען זיך אויף זייערע אַרויסגעשטאָרצטע בריסטן. אויף קעמלען און אייזעלעך רייטן טורקמענער מיט הויכע פוטערנע פּאַפּאַכעס אויף די קעפּ. זייערע אַרומגעצופּטע בערדלעך מאַכן דעם איינדרוק ווי צוגעקלעפּטע. זיי וויגן זיך שלעפּערדיק און ציען אונטער דער נאָז מעלאַנכאָלישע ניגונים. זיי פירן די שפע פון מדבר אין שטאָט אַריין: סאקסאול־וואָרצלען צום הייצן, טשערעפּאַכעס מיט טשערעפּאַכע־אייער (אַ טייער מאכל אין די הונגער־טעג), ריטלעך פאַר בעזימער, מדבר־בלומען און קרייטעכצער פאַר רפואות.

ווען איך פרעג זיי דעם וועג צום קישלאַק, פאַרשטייען זיי מיך נישט. שפּיזן צומערשט אַפּיר אומצופרידענע בליקן פון אונטער די הויכע, פו־טערנע קוטשמעס און פרעגן־איבער אַלע צוזאַמען עטלעכע מאָל. ענדלעך, יאָ פאַרשטאַנען צי נישט פאַרשטאַנען, נעמען זיי טייטלען מיט די בייטשן אין פאַרשידענע ריכטונגען, שילדערנדיק מיר „גענוי“ דעם וועג... און איך בין מיד און הונגעריק. דער גומען פאַרטריקנט, פאַרברענט פון דורשט און באַ־לייגט מיט ברענענדיקן מדבר־שטויב. די קני ציטערן, ברעכן זיך און מיר דוכט זיך, אַז איך וועל שוין קיינמאָל צום קישלאַק נישט דערגיין. אָבער

די מורא צו פאַלן אין מיטן מדבר־וועג און פאַרוואַנדלט ווערן אין שפּייז פאַר די שאַקאַלן, טראָגט מיך פאַראויס לויטן טייטלען פון די טורקמענישע בייטשן...

ענדלעך האָב איך, ווייט אין טאָל וואָס שפּרייט זיך לינקס פון שליאַך, דערזען עטלעכע ליימענע קיביטקעס, — דער קישלאַק!...

איך בין שטיין געבליבן ביי דער סאַמע ערשטער האַלב־חרובער קיביטקע, פון וועלכער עס האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אויף מיר צוויי ווילדע סטעפּ־הינט. אָט די חיות וואָלטן בכוח געווען מיך צו צערייסן אין איין מינוט, אַז קיין שריד ופליט זאָל פון מיר נישט בלייבן.

אַן אַלטער, אויסגעדאַרטער טורקמענער מיט אַ גרוי, אַרומגעצופּט בערדל, אין אַ צעריסן העמד און אין קורצע, ווייסע גאַטקעס (אַ קונסט־ווערק פון הונדערטער לאַטקעלעך), אַן אָפּגעריסענע, צעשויבערטע טורקמענערין מיט איין נאַקעטער ברוסט אין דרויסן, וואָס הענגט ווי אַ טונקל־ברוינע לאַטע אויף איר צעפּליקטער בלוזע... און דריי מוטער־נאַקעטע קינדער, צוויי יינגלעך מיט אַ מיידל, האָבן זיך תיכף אַ לאָז געטאָן מיט דרענגער אין די הענט, שלאָגן און צוריקטרייבן די כלבים, וועלכע זאָלן דעם פרעמדן, חלילה, קיין בייז נישט טאָן.

קוים פאַרטריבן די הינט, פאַרלייגט אויף זיי שווערע קייטן, פון וועלכע זיי האָבן זיך נאָך אַלץ געריסן מיט רוגזה, זענען אַלע פינף, נאַקעט און האַלב־נאַקעט, שטיין געבליבן אַנטקעגן מיר מיט די דרענגער אין די הענט. זיי האָבן געקאָפּעט, געהוידעט מיט די קופּערנע בייכער און ברוסטן, פאַרלעגן געשמייכלט און געשוויגן. געשוויגן, געשמייכלט און מיך נייגעריק באַטראַכט...

— ווו ווינט דאָ מוסטאַפאַ איבראַגימאָוו? — פרעג איך זיי אויף רוסיש.

— מאַיאַ מוסטאַפאַ איבראַגימאָוו! — ווייזט דער אַלטער טורקמענער מיטן דראָנג אויף זיין גרוי־באַהאָריקטער ברוסט, וואָס שטוינט אַרויס פון זיין צעכראַסטעטער העמד.

ער באַטראַכט מיך פאַרשנדיק און איבערצייגנדיק זיך, מן־הסתם, אַז איך ווייז נישט אויס צו זיין קיין נאַטשאַלניק, ווייזט ער מיר אַן אָרט, נישט שטעלנדיק קיין שום פראַגן, אין שאָטן, נעבן דער קיביטקע. דאָס איז דער קילסטער, שאָטנדיקסטער אָרט: אַ דעכל פון שטיקלעך פעל מיט שמאַטעס, פאַרצויגן אויף פיר דרענגער, ווי אַ חופה להבדיל...



די אַלטע טורקמענערין שטייט אַנטקעגן מיר מיט אַ פאַרגאַפטער צעשמייכלטקייט. זעט אויס, אַז אַ גאַסט אין קישלאַק און דערצו נאָך אַ גאַסט אין איר תחום איז אַ זעלטנקייט, אַ געשעעניש. איך האָב פריער נישט באַמערקט, זי זאָל טראָגן דאָס קאָפּ־טיכל אויף אירע צעשויבערטע האָר. אַ קאָפּ־טיכל באַנייט און באַהאָנגען מיט פאַרשידנקאָלירקע בלעכלעך און

קרעלן, וואָס הענגען אַריבער איבערן שטערן און איבער די באַקן. זי האָט פריער אויך נישט געטראָגן די צענדליקער קופּערנע בראַסלעטן אויף די הענט, ביז די עלנבויגנס און די קייטן פון קלינגענדיקע מטבעות אויף דער ברוסט. ווען האָט זי דאָס באַוויזן אָנצוטאָן? דאָס האָט זי זיך אַזוי פאַרן זעלטענעם גאַסט באַצירט, לכבוד דעם פרעמדן אין איר געצעלט... יאָ, דעם קאָפּ האָט זי פאַרדעקט, די צירונג אַרויפגעכאַפּט, נאָר די נאַקעטע ברוסט, וואָס הענגט נאָך אַלץ אינדרויסן אַרויס, האָט זי פאַרגעסן צו באַהאַלטן...

די אַלטע טורקמענערין... — אין זוניקן טורקמעניסטאַן זענען פרויען נאָר ביז צוואַנציק יאָר יונג. פון צוואַנציק ביז דרייסיק זענען די מיטעלע יאָרן. און פון דרייסיקסטן לעבנסיאָר הויבט זיך שוין אָן די עלטער. דאַן ווערט זי שוין אַ זקנה, מיט אַ צעקנייטשט פּנים און צעקנייטשט געמיט. ווי ביי אַ זקנה. אויך די אַלטע גאַסט־געבערין מיינע איז נאָך ווייט קיין פער־ציק יאָר נישט אַלט... דאָס פּנים איז שוין טאַקע טיף־צעקאַרבט, די טונקל־ברוינע ברוסט — ווי אַ פּוסטער, לעדערנער לאָגל, די צעשויבערטע האָר — גרוילעך, אָבער די אויגן זענען יונג און ברענען מיט אַ שוואַרצן פייער. מיט איר גאַנץ געשטאַלט דערמאַנט זי מיר עפּעס אַ ביבלישע פיגור. יאָ, ווען זי וואָלט אַביסעלע צניעותדיקער איר ברוסט באַהאַלטן, וואָלט זי אויס־געזען אין מיינע אויגן, ווי איינע פון אונדזערע אמהות...

זי רוקט מיר אונטער אַ קלאָץ צום זיצן און גיסט אָן צוויי פּיאַלעס (ליימענע שיסעלעך) מאַצאָני פאַר מיר און איר מאַן. זי ווייסט אַז דאָס איז דער שענסטער כיבוד פאַר אַ גאַסט, זיך אָפּצוקילן און אָפּצופרישן פון הייסן, שטויביקן וועג. אָבער מיך האָט עס נישט בלויז אָפּגעפרישט, נאָר פּשוט אָפּגעמיטערט און מחייה געווען. זי האָט מיך ממש דערראַטעוועט מיט דער קאַלטער פּיאַלע מאַצאָני אין שאָטן אונטערן פעל־דעכל.

זי האָט עפּעס גערעדט צו מיר אויף טורקמעניש, שמייכלענדיק דער־ביי מיט אַ פאַררויטלעכער פאַרשעמטקייט, וואָס מען טרעפט זעלטן ביי אַלטע. איך האָב נישט פאַרשטאַנען וואָס זי רעדט און מוסטאַפאַ איבראַגי־מאָוו האָט עס מיר פאַרטייטשט אויף אַ צעבראָכענעם רוסיש: „צי דער טייערער גאַסט ווינטשט זיך נישט אָפּצוואַשן די פיס?"...

איך בין צעטומלט געוואָרן פון דעם פאַרשלאָג, געעפנט מויל און אויערן: עפּעס איז דאָך מיר זייער נאָענט און באַקאַנט אַזאַ מנהג.. פון וואַנען? פון חדר, פון חומש, פון תנ"ך!... אַזוי האָבן דאָך אונדזערע אבות און אמהות געטאָן, טאַקע אַזוי פלעגן זיי דאָך אויפנעמען אורחים פאַר דער שוועל פון זייער געצעלט!... צי בין איך נאָך אין טורקמעניע, אָדער מיט מיין גיהנומדיק שפּאַצירל האָב איך אַריבערגעשפּרייזט לענדער און גרע־נעצן, דורות און יאָרטויזנטער און געפין זיך איצט אין לאַנד כנען, אין די צייטן פון עקידת־יצחק?...

און איידער איך האָב זיך אַרומגעזען און באַוויזן צו ענטפערן, איז שוין געשטאַנען נעבן מיינע פיס אַ ליימענע שיסל מיט לויטערן, קילן וואַ־סער און די אַלטיטשקע האָט, קניענדיק, שוין געשנורעוועט די בענדלעך פון

מײנע שיך... דערבײַ איז איר שוין אויך די צװײטע ברוסט אַרויסגעפֿאַלן פֿון דער צעריסענער בלוזקע.

דער מנהג פֿון פּיס־װאַשן אַ גאַסט... װאָס װײסט די ציװיליזירטע װעלט פֿון אַזאַ טײַערן מנהג?... װאָס װײסן אונדזערע הײנטיקע פּרוּען װאָס גוטער כּיבוד הײסט?... נײן, נישטאָ קײן שענערער און בעסערער כּיבוד פֿאַר אַ גאַסט, װאָס איז צו־פֿוס געגאַנגען אין דער מדבר!...

— אַ קטאַ טי טאַקאַי? (און װער ביזטו אַזעלכער?) — פֿרעגט מיך מוסטאַפֿאַ, זופּנדיק זײַן שיסעלע גרינעם טײ און װישנדיק זיך דעם שװײס פֿון פּנים און געגאָלטן קאָפּ מיט די רעשטן פֿון אַ האַנטוך.

איך קװענקל זיך צו זאָגן דעם אמת. איך צװײפֿל נאָך אַלץ, צי איך בין בײם אמתן מוסטאַפֿאַ איבראַגימאָװ, צי ער איז באמת אַ ייִד? לויטן אויסזען, הולך און שפּראַך — אַ הונדערטפּראָצענטיקער טורקמענער.

פֿון דעסטװעגן זאָג איך:

— יאַ יעװרעי... (איך בין אַ ייִד).

— קטאַ יעװרעי?! — האָט מוסטאַפֿאַ פּלוצלינג געגעבן אַ גיס אויס דאָס רעשט נישט־דערטרונקענע טײ פֿון זײַן פּיאַלע אויפֿן לײמענעם דיל און אַ שטעל אװעק די פּיאַלע אָן אַ זײַט. — קטאַ יעװרעי? טי? טי יעװרעי? טי?!

איך האָב נישט פֿאַרשטאַנען װאָס דאָ איז געשען. װאָס איז ער אַזױ אויפֿגערעגט געװאָרן? אפשר האָב איך פֿאַרבלאָנדזשעט צו אַ טורקמענישן אַנטיסעמיט? װאָס קוקט ער מיך אָן װי אַ גזלן? װאָס װעט ער דאָ טון מיט מיר? ער שטײט דאָך איבער מיר װי אַ רוצח איבער אַ קרבן!

— קטאַ יעװרעי, סקאַזשי?! — פֿאָדערט ער שטרענג.

איך האָב שוין געזאָגט און קען זיך שוין צוריק נישט ציען, שטאַמל איך אַ דערשראָקענער:

— יאַ, יאַלדאַש, (יאַלדאַש מײנט חבֿר אויף טורקמעניש) דאַ, יאַ יעװרעי. יאַ...

מוסטאַפֿאַ האָט גענומען האַסטיק באַװעגן מיט די הענט און װײַב און קינדער האָבן גענומען אַזױ װאַרפֿן מיט די הענט, מאַכנדיק אויסטערלישע באַװעגונגען. זײ האָבן שנעל גערעדט אויף טורקמעניש, אַלע מיטאַמאָל, דערבײַ געװוּנקען אויף מיר, געטײטלט מיט די פֿינגער אין פּנים אַרײַן, װי זײ װאָלטן מיך געדראָט, אַז זײ װעלן מיך דאָ באַלד צורעכט מאַכן, אָפּקאָכן און אויפֿעסן... זײערע בליקן האָבן װילד געברענט.

מיאוס אַרײַנגעפֿאַלן! — האָב איך זיך געטראַכט — אָבער פֿאַרפֿאַלן. מען מוז קריכן אין דער בלאָטע װײַטער.

— אפשר האָב איך אַ טעות? — האָב איך געשטאַמלט — נאָר מיר האָט מען געזאָגט אין אַשכאַבאַד, אַז דו, מוסטאַפֿאַ איבראַגימאָװ, ביזט אויך אַ ייִד...

— אין אַשכאַבאַד געזאָגט?! פֿרעגט ער איבער, װי אַן אומגליק װאָלט אים געשען.

— יאָ, אין אַשכאַבאַד. און דערפאַר בין איך געקומען אַהער, ווי אַ ייד צו אַ ייד, ווי אַ ברודער צו אַ ברודער!

מוסטאַפאַ האָט געמאַכט אַ באַוועגונג מיט זיין לינקער האַנט און אַלע זענען באַלד שטיל געוואָרן. ער האָט אויף מיר אַנגעשפּיזט אַ פּאָר שטאָ־לענע בליקן פון אַ סאָוויעטישן אויספאָרשער, אַ פּראָקוראָר:

— טי ישראל?

— דאַ!... ישראל!... — איך בין אַזש אונטערגעשפּרונגען פון שמחה און זיך ערשט איצט געגומען ווישן דעם אַנגסט־שווייס פון שטערן — דאַ... יאַ ישראל.

אָבער דאָס איז אים נאָך ווייניק און ער פרעגט ווידער ערנסט:

— ירושלים?

איך ווייס נישט וואָס ער מיינט: צי איך קום איצט פון דאָרט, אָדער איך גיי איצט אַהין.. פון דעסטוועגן זאָג איך:

— דאַ, ירושלים!... עיר־הקודש...

מוסטאַפאַ האָט ענדלעך אַ שמייכל־געטאָן און אַלע האָבן זיך צעלאַכט הויך אויפן קול. ער גיט אַ פּאַטשט מיט די הענט און אַלע נעמען פּאַטשן מיט די הענט... ווייס איך ווידער נישט, וואָס פאַר אַן איבערקערעניש דאָ איז געשען... אָבער כדי צו פאַרשטאַרקן דעם איינדרוק, הייב איך אָן צו שיטן מיט ווערטער, וואָס זאָלן אים אָן עפּעס דערמאַנען:

— דאַ, יאַ ישראל, ירושלים... חורבן בית־המקדש... כותל־מערבי... מערת־המכפלה... קבר־רחל... הר סיני... כרמל, ירדן... — און איך האָב פאַרענדיקט מיט רחב הזונה...

עס איז געוואָרן אַ שמחה, אַ גדולה. אַלע פינף, פון גרויס ביז קליין, האָבן גענומען שפּרינגען אַרום מיר, לאַכן, טאַנצן און זינגען:

— ישראל!... ירושלים!...

און די הינט אויף די קייטן טאַנצן אויך און דוכט מיר, אַז מיט דער זעלבער שמחה: ישראל... ירושלים!...

דער אַלטער מוסטאַפאַ גיט מיר פאַרזיכטיק און צערטלעך אַ גלעט אי־בערן אַקסל. ער שפּייט אויס אַ מויל גרינעם קיי־טאַבאַק און צעלאַכט זיך מיט זיינע גרין־געלע ציין. ער רייבט זיך פון גדולה די הענט און, אַרומ־טאַנצנדיק אין זיינע קורצע, געלאַטעטע גאַטקעס, חזרט עס כסדר איבער מיט אַ ניגון:

— ישראל... ירושלים...

***

מוסטאַפאַ האָט ערגעץ אַוועקגעשיקט זיין ווייב. דערביי האָב איך גע־הערט, אַז ער רופט זי תמרה. אין איר אָפּוועזנהייט האָט ער מיר געזאָגט, אַז דאָס איז שוין זיין פערט ווייב, די לעצטע... נישטאָ דאָ מער קיין יידי־שע ווייבער צום קויפן און מען טאָר נישט אויך. דער גרויסער כאַן סטאַלין

דערלויבט נישט. פאַרוואָס ער דאַרף נאָך אַ ווייב? — ער האָט עס מיר געוואָלט זאָגן, נאָר דאָ איז זי צוריק אָנגעקומען.

תמרה איז צוריקגעקומען מיט דריי טאַצן: איינע אויפן קאָפּ און צוויי — איןביידע הענט. ווען זי האָט די טאַצן אַוועקגעשטעלט פאַר מיר, האָב איך דערזען דאָס, וואָס מיינע אויגן האָבן שוין לאַנג נישט געזען, אויסער אין מיינע הונגעריקע חלומות: אַ טאַץ מיט שוואַרצלעך־ברוינע שטיקער געבראָטענע שעפּסן־פלייש, אַ טאַץ מיט קוקורוזע־געלע לעפּיאָשקעס (ברויט־פּלעצלעך) און אַ טאַץ מיט וויינטרויבן און דיניעס. עס איז געווען אַ סעודה כיד המלך, כאָטש איך גלויב נישט, אַז אַ מלך זאָל ווען עס איז האָבן געהאַט אַזאַ ווילדן אַפּעטיט... בפרט נאָך, אַז אייגער פון די נאַקעטע ייִנגלעך האָט געבראַכט אַ ליימענעם קרוג מיט אייגן־געמאַכטן ראָזשינקע־ווייַן...

— אַ טי זאַטשעם סיודאַ פּרישאָל? (נאָכוואָס ביזטו אַהער געקומען)?

— פרעגט מיך מוסטאַפּאַ נאָך דער סעודה, זיך ווישנדיק מיט די רעשטן פון האַנטוך דאָס מויל. און אין זיין צעשטראָלטקייט דערקען איך, אַז ער איז נאָך אַלץ צו זיך נישט געקומען פון גרויס איבעראַשונג.

— איך באַדאַרף האָבן אַ הגדה של פּסח...

— אַ־אַ־אַ... האַגאַדאַ שעל פּעסאַך... — חזרט איבער מוסטאַפּאַ מיט אַ טורקמענישן אַקצענט, באַטאָנענדיק באַזונדערס דעם „ג", „ד" און „ך". דער „ך" איז בײַ אים באַזונדערס אַרויסגעקומען כאָרכלענדיק מיטן גאָרגל.

פלוצלינג כאַפּט ער מיך אָן ביים אַרבל און שלעפּט מיך אַוועק אונטער אַ צווייטן דעכל און ווייזט מיר אַ הענגענדיקן, געשאָכטענעם שעפּס:

— קרבן פּסח!...

און ציענדיק מיך ווייטער ביים אַרבל, פירט ער מיך ענדלעך אַריין אין זיין קיביטקע.

אַן „אוהל" פון אַ צדיק אויפן וואַרשעווער גענשער בית־עולם איז גראָ־מער ווי אָט די שטוב און פאַרמאָגט מער ליכט, לופט און „קאָמפאָרט"... דאָס איז געווען ממש אַ פינצטערער, פייכטער קבר. דאָס ביסעלע ליכט פאַלט דאָ אַריין דורכן לעכל אין סאַמע מיטן פון קופּאָל־קײַלעכדיקן סופיט און דורך די לעכער פון די שמאַטעס מיט וועלכע עס איז באַהאָנגען דער אַריינגאַנג, אַנשטאָט אַ טיר. אָבער דערפאַר קיל איז דאָ, טאַקע ווי אין אַ פייכטן קבר. און טאַקע נאָר אין דער ערד קען מען זיך דאָ באַהאַלטן פון דער מדבר־היץ.

ווען מיינע אויגן האָבן זיך ביסלעכווייז צוגעוווינט צו דער טונקלקייט, האָב איך דערזען אויפן ליימענעם דיל אויסגעשפּרייט אַ טורקמענישן טעפּיך, אָדער בעסער געזאָגט: די צעדריוולטע רעשטן פון אַ געוועזענעם טעפּיך. אויך אויף די ווענט הענגען אַלטע טעפּיכער און אויף זיי — אַ פּאָר צעקנייטשטע, פאַרגעלטע און מיט אָן אַ שיעור פליגן פּינטלעך־באַזעצטע בילדער פון מוסטאַפּאַס אבות. זיידעס און עלטער־זיידעס מיט טיכער אַרום די קעפּ פאַרבונדן, ענלעך צום רמב״ם, נאָר ביי יעדן איינעם פון זיי איז אַ מעסער אין גאַרטל פאַרשטעקט. דער רמב״ם מיט אַ מעסער

אין גאַרטל... אין ווינקל, אויף דער ערד — אַ פּאַק בעטגעוואַנט, כאָטש קיין בעטן זענען דאָ נישטאָ. נישטאָ קיין טיש, קיין שאַנק, קיין בענקל אַפילו. דאָס איינציק - שטיקל מעבל איז דאָ אַן אַלטער שוואַרצער קאַסטן, באַשלאָגן מיט פאַרזשאַווערטן אייזן. דאָס איז אַמאָל געווען אַ צירונג: אַ פּערסישער קופערט, געקראָגן נאָך צו דער חתונה מן־הסתם. אַמאָל איז דער קאַסטן געווען גלאַנציק - גרין און דער זשאַווערדיקער אייזן איז זיכער געווען גאָלד . . . אין דעם קאַסטן ליגן זיכער זיינע טייערסטע חפצים. אויפן קאַסטן שטייט אַ צעקנייטשטער, פאַרגרינטער סאַמאָוואַר און איבער אים הענגט אויף אַ שטריק אַ ליילעך מיט פריש געבאַקענע מצות... דער ריח פון די פריש־געבאַקענע מצות פאַרשלאָגט אַביסל דעם קברדיקן ווילגאָטש און שימל־גערוך.

— ישראל... — הער איך ווי מוסטאַפאַ רופט מיך, ווען איך האָב זיך פאַרקוקט אויף אַ בלייכן רמב״ם מיט אַ מעסער אין גאַרטל — ישראל, מה שמך?

— יצחק. — זאָג איך.

— יצחק... — חזרט ער איבער צערטלעך — קום אַהער יצחק...

ער עפנט דעם קופערט און וויקלט אַרויס פון טוכלען, פוילנדיק־שימלענדיקע שמאַטעס צוויי כוסות, איינע אַ גרעסערע און איינע אַ קלענערע. ביידע האָבן זיי נאָך אויף זיך סמנים פון בלויקייט און גאָלד ביי די ראַנדן און צייכנס פון געוועזענע יידישע אותיות, פון וואַנען די פאַרב איז שוין לאַנג אַראָפּ.

— אליהו הנביא... — שמייכלט מוסטאַפאַ מיט די געל־גרינע ציין פון דעם קיי־טאַבאַק און ער ווייזט מיר דעם גרעסערן כוס.

— און ווו איז דיין הגדה? די הגדה של־פּסח — פרעג איך נייגעריק.

— אַ־אַ־אַ.. הגדה?... — פאַרטראַכט זיך מוסטאַפאַ און איך זע, אַז ער איז זיך גוט מיישב, צי ער זאָל מיר ווייזן אָדער נישט...

אָבער באַלד נעמט ער איבערוואַרפן דאָס ביסל שמאַטעס אין קופערט, נישטערט און שלעפּט אַרויס אַ פּעקעלע, איינגעוויקלט אין אַ רויטער פאַטשיילע. דעם קנופּ פון דער פאַטשיילע בייסט ער אויף מיט די ציינער, וויקלט־אויף און אַנטפּלעקט פאַר מיר זיין אוצר: דאָס זענען ספרים. אַלטע ספרים, פאַרגעלטע, פאַרשימלטע און פון מילבן צעפרעסענע. איך נעם איין ספר אין האַנט, עפן דעם דיקן, פייכטן טאָוול און דערזע יידישע אותיות!... דאָס האַרץ נעמט מאַדנע קלאַפּן פון פרייד... אויב איך האָב דאָ שוין אַמאָל געפונען, במשך די לעצטע פּאָר יאָר, אַ יידיש ביכל, אָדער צייטונג, איז עס געווען אַן ענדע־אותיות, מיט פאַריידישטע העברעאיזמען, וואָס האָט זיך געלייענט למשל אַזוי: „ייצכאַק איכ קומ באַלד צוגיין, מאַכ עסן״. און עס האָט קיין יידישן טעם נישט געהאַט... אָבער אָט די אותיות, נישט קיין געדרוקטע, נאָר געשריבן מיט מגילה־שריפט, ווי מיט אַ גענדזענער פעדער אויף פאַרמעט... — איז זיכער די אַרבעט פון אַ געניטן סופר. איך פּרוּוו לייענען און בלייב פאַרשעמט: די אותיות זענען טאַקע

אונדזערע יידישע אותיות, אָבער די שפּראַך? — אַ פרעמדע שפּראַך! אומ־באַקאַנטע ווערטער!

— וואָס איז דאָס פאַר אַ בוך? — פרעג איך אויף רוסיש.

— עטאָ נאשא קניגא! קדוש! סטארי חכם פיסאל! (דאָס איז אונדזער בוך! הייליק! אַן אלטער חכם האָט עס געשריבן!) — פאַרזיכערט מיר מוסטאפא.

— און ווו איז די אגדה?

אָט איז די הגדה.

איך כאַפּ די הגדה. די שער־בלאַט איז מיר היימיש באַקאַנט... „הגדה של פסח" לייען איך און עס איז מיר פאַרשטענדלעך. די שער־בלאַט איז געציקלט און געדרייט מיט אָרנאַמענטן און אילוסטראַציעס, וואָס דערמאָנט אַן גאָר אַלטער מאַלעריי: מיט פויגעלעך, מיט בלומען, מיט מויער־ווענט און מענטשעלעך וואָס טראָגן ציגל, מיט טורעמס און די ארבעה בנים. און משה ואהרון זענען דאָ און דאָס אַלט־באַקאַנטע ציגעלע פון דער חד־גדיאָ. מיט איין וואָרט, — אַלע הגדה־אַקסעסוארן, וואָס אָן דער אויפשריפט, וואָלסטו אויך באַלד געטראָפן אז דאָס איז אַ הגדה של־פסח.

איך מיש אויף דאָס ערשטע בלעטל און בלייב ווידער געפּלעפט: ווי־דער איז דאָס אַ כתב־יד. און כאָטש יידישע אותיות, סופר־שריפט, — איז אָבער די שפּראַך טורקמעניש...

איך האָב שוין געזען, אַז קיין הגדה פאַר אונדזער סדר וועל איך דאָ נישט געפינען. אָבער ווי לאָזט מען עס אַרויס אַזאַ כתב־יד פון דער האַנט? דאָס איז דאָך אַ יקר־המציאות! מעגלעך — אַן אוניקום! קיין שום פּרייז וואָלט מיר נישט געווען צו־טייער, ווען איך וואָלט נאָר געהאַט צו באַצאָלן...

אָבער מוסטאפא זאָגט מיר, אַז פאַר קיין שום פרייז וואָלט ער סיי־ווי די ספרים נישט אַרויסגעגעבן פון אונטער זיין דאך. אויב איך האָב ווייבער מיט קינדער, זאָל איך זיי אַהער ברענגען צו אים אין קישלאַק, וועט מען צוזאמען פּראַווען דעם סדר, טאַקע דאָ, ביי אים אין דער קיביטקע...

**
*

פון וואַנען ער האָט זיך דערנומען אַהער, אין דעם פאַרוואָרפענעם קישלאַק? —

מוסטאפא דערציילט מיר די זעלבע מעשה, וואָס עס דערציילן די בו־כאַרער יידן, מיט עטוואָס אַן אַנדערן וואַריאַנט:

דאָס איז געווען מיט אַ סך יאָרן צוריק, ווען עס האָט דאָ געלעבט און געהערשט דער גרויסער חאַן. איז אייננמאָל ביים חאַן קראַנק־געוואָרן זיין בת־יחידה און קיין שום מכשף, אָפּשפּרעכער און שטערנזעער האָט איר ניט געקענט אויסהיילן. ביז עס האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם אַ פּערסישער ייד, וועלכער איז געקומען און אויסגעהיילט דעם חאַנס בת־יחידה במשך פון דריי טעג. דער חאַן האָט אים דערפאַר באַלוינט מיט גאָלדענע רענדלעך און זעק מיט תבואה און אים געבעטן, ער זאָל זיך דאָ באַזעצן אין זיין

שטאָט, נעבן זיין פּאַלאַץ. אָבער דער ייד האָט געענטפערט, אַז ער קען נישט לעבן אָן יידן, אָן אַ שול און אָן אַ מנין. דאַן האָט דער חאַן באַפוילן צו בויען אַ שול און ער האָט אַראָפּגעבראַכט פון פּערסיע צען יידישע משפחות, וועלכע האָבן זיך דאָ געפּרוכפּערט און געמערט און געלעבט אין עושר און כבוד, ביז... ויקם מלך חדש... און עס האָבן זיך אָנגעהויבן רדיפות אויף יידן און שחיטות. ווער ס'האָט געקענט, האָט זיך אומגעקערט קיין פּערסיע און עס זענען אַפילו געווען אַזעלכע וועלכע האָבן דערוואָגלט אַזש קיין ארץ־ישראל. די איבערגעבליבענע זענען געצוווּנגען געווען אָנצו־נעמען די טורקמעניש מנהגים, אויסערלעך פאַרשטעלט זיך, ריידן זייער שפּראַך, זיך קליידן מיט זייער קליידונג און לעבן אַ לעבן פון אנוסים. אַזוי ביזן היינטיקן טאָג. ביזן היינטיקן טאָג מוז ער זיך פּילעווען מיט זיין יידישקייט און נישט ווערן אויפּפאַלנד ביי די טורקמענישע שכנים.

אָט די ספרים זענען אים איבערגעבליבן פון זיינע זיידעס, וועלכע זענען טאַקע עולה־רגל געווען קיין ארץ־ישראל.

די ספרים זענען אים הייליק און טייער. זיי העלפן אים אין אַ נויט און ווייזן וואונדער!...

מוסטאַפאַ איבראַגימאָוו דערציילט מיר, ווי זיין ערשט ווייב האָט געהאַלטן ביים שטאַרבן. דריי טעג האָט זי זיך געמאַטערט און זיך נישט געקענט צעשיידן מיט דער נשמה. ביז עס איז אים איינגעפאַלן צו דער־לאַנגען איר אַזאַ ספר. זי האָט דעם ספר באַרירט מיט אירע ליפּן, אַ שמייכל געטאָן, אָפּגעזיפצט און אויסגעהויכט די כשרה נשמה מיט אַ שמייכל... ווען מען האָט זי אַראָפּגעלאָזן אין קבר, האָט זי נאָך אַלץ געשמייכלט! — — —

אויך די צווייטע פרוי איז ביי אים געשטאָרבן. זי האָט זיך אַליין דעם טויט געמאַכט דערפאַר וואָס זי איז אַן עקרה און האָט נישט קיין קינדער פון אים. זי האָט פשוט אויפגעהערט צו עסן און געפאַסט אַזוי לאַנג, ביז זי איז אויסגעגאַנגען. זיין דריטע פרוי איז פאַרשוווּנדן. ביזן היינטיקן טאָג ווייסט ער נישט, צי מען האָט זי ביי אים אַרויסגעגנבעט, צי זי איז אַליין אַנטלאָפן, אָדער אַ חיה־רעה האָט זי פאַרצוקט. אַלע דריי פרויען זענען געווען עקרות און ער האָט סיי־ווי פון זיי קיין נחת נישט געהאַט. אין זיין לעצטער פרוי, אין תמרהן האָט ער זיך פאַרליבט. ער האָט איר טאַטן באַצאָלט פאַר איר דריי פעטע שעפּסן, אַן אייזעלע, אַ זאַק תבואה און צען גאָלדענע רענדלעך. אָבער זי האָט צו אים נישט געוואָלט גיין. און אַז מען האָט זי אים געבראַכט מיט געוואַלד, איז זי אינמיטן דער נאַכט פון אים אַנטלאָפן. צומאָרגנס איז ער געקומען צו איר טאַטן מיט די ספרים. ביי די ספרים האָט ער איר באַשוואָרן און זי האָט זיך צו אים אומגעקערט מיט איר אייגענעם גוטן ווילן. תמרה איז אויך געווען אַן עקרה די ערשטע דריי יאָר. דאַן איז אים איינגעפאַלן צו לייגן די ספרים אונטער איר קישן און גאָט האָט געעפנט איר טראַכט. פון דאַן אָן איז זי געוואָרן זייער פרוכט־באַר און זי ברענגט אים כמעט יעדעס צווייטע יאָר אַ קינד. ער האָט זי

זייער ליב דערפאר, ממש אהבת־נפש. אמת, די לעצטע פאר יאר איז ווידער פארשלאסן געווארן איר טראכט. זיקנה. אדער אפשר האבן זיך אפגעריבן הייליקע אותיות פון די ספרים און דערפאר העלפט עס נישט? ער וואלט זיך גערן איינגעהאנדלט נאך א ווייב, א יינגערע, וואס זאל אים ברענגען קינדער, כאטש דער האט ער געוואלדיק ליב. זי, תמרה, האט עס אים שוין אויך געראטן, ווארעם זי קאן נישט צוקוקן זיין צער. דאס איז דאך דער צער פון א בוים וואס גיט נישט מער קיין פרוכטן. וואס איז שוין ווערט אזא בוים? אבער דער היינטיקער חאן, סטאלין, האט פארבאטן צו האבן צוויי ווייבער. און ארויסטרייבן תמרהן וועט ער נישט, ווייל ער האט זי ליב. ער מוז זיך האלטן מיט איר, כאטש זי איז אן עקרה און די הייליקע ספרים העלפן איר שוין נישט.

דערקעגן האבן אים די הייליקע ספרים געוויזן נאך אנדערע נסים: זיי האבן געזונט געמאכט זיין עלטסטן זון, פאר וועלכן עס איז שוין קיין רע־טונג נישט געווען. איצט איז זיין בחור אויפן פראנט. עס וועט אים דארט גארנישט געשען און ער וועט בשלום אהיים קומען, ווארעם ער האט אים מיטגעגעבן איינעם פון אט די ספרים טאקע...

און איינמאל איז אים פארלוירן געגאנגען זיין אייזעלע. דריי טעג האט ער עס ארומגעזוכט און נישט געפונען. אויפן דריטן טאג האט ער ארויסגענומען די ספרים, זיי געקושט און געוויינט: פארוואס האט גאט צוגענומען ביי אים, דעם ארעמען מוסטאפא איבראגימאוו זיין איינציק אייזעלע? זאלן די הייליקע, וועלכע האבן די ספרים געשריבן, זיך מיען פאר אים ביי גאט, ער זאל אים אומקערן זיין אייזעלע צוריק! און ווי ער האלט אזוי אין בעטן, הערט ער א גלעקל־געקלאנג פון א קעמל־קאראוואן. ער לויפט ארויס אויף דער גאס און דערזעט, אז נאכן לעצטן קעמל פון קא־ראוואן גייט זיין אייזעלע, נאכגעבונדן. דער גאנצער קישלאק האט עדות געזאגט, אז דאס איז טאקע זיין, מוסטאפא איבראגימאווס אייזעלע און ער האט עס צוריקגעקראגן אן אויסלייז־געלט!...

אט אזעלכע זענען די הייליקע ספרים זיינע און אזעלכע נסים האבן זיי אים געוויזן. ניין, ער וועט מיר די ספרים פון זיין שטוב נישט ארויס־געבן. אהער זאל איך קומען מיט מיינע ווייבער, קינדער און גאנצן הויז־געזינט, וועלן מיר פראווען דעם סדר צוזאמען...

***

ווען איך בין ארויס פון דער קיביטקע, זענעןביידע הינט געלעגן רו־איק, ווי זיי וואלטן שוין אויך געוווסט: „ישראל... ירושלים“... זיי האבן זיך נישט געריסן פון דער קייט און נישט געבילט.

מוסטאפא איבראגימאוו מיט זיינע קינדער האבן מיך ארויסבאגלייט פון קישלאק, העט ווייט, ביז איבערן בית־עולם. מיר האט זייער געוווּנ־דערט, וואס תמרה איז מיר אויך נישט געגאנגען באגלייטן. איך האב זי,

ביים אַרויסגיין פון דער קיביטקע נישט געזען און זיך מיט איר אַפילו נישט געזעגנט און נישט באַדאַנקט פאַר הכנסת אורחים.

מוסטאפא איבראגימאָוו האָט מיך געזעגנט און געבענטשט. און נאָך אַלע ברכות האָט ער מיך געבעטן: ווען איך וועל צוריקקומען קיין ירושלים, זאָל איך די ברידער אונדזערע דערציילן וועגן אים, וועלכער ווינטש מיט זיין משפחה אין עלנט און איז מתפלל געהיים אין דעם פאַרוואָרפענעם קישלאַק ביי אַשכאבאד. און זאָלן זיך די ברידער זיך מיען ארויסצונעמען אים פון דאנען, וואָרעם עס איז שוין באו מים עד נפש. — האָט ער פאַר־ענדיקט אויף לשון־קודש און געוויזן מיט דער האַנט ביים האַלדז, ביז וואנען דאָס וואסער איז שוין אים דערגאַנגען...

איך האָב עס אים צוגעזאָגט און מיר האָבן זיך צעשיידט. ער האָט זיך, מיט די קינדער זיינע פאַרנומען צוריק צום קישלאַק און איך האָב זיך, אין בלויען אָוונט־דעמער געלאָזן צוריק קיין אַשכאַבאַד.

אָבער פלוצלינג האָט פון הינטערן בית־עולם אַרויסגעפלאַטערט א שווארץ געשטאלט, וואָס האָט מיך איבערגעשראָקן ביז אָטעם־פאַרהאסט־קייט. די געשטאלט האָט געפלאטערט צו מיר און איך האָב זיך פון אָרט נישט גערירט. ווען זי איז צוגעקומען נענטער, האָב איך דערקענט, אַז דאָס איז תמרה. יאָ, מוסטאפא איבראגימאָווס ווייב.

זי האָט געטראָגן אַ פעקעלע און האָט עס מיר איבערגעגעבן צדה־לדרך...

אָבער באַלד האָב איך זיך דערוווסט, אַז נישט בלויז צוליבן פעקעלע האָט זי מיך דאָ אָפּגעוואַרט הינטערן בית־עולם. זי האָט מיט מיר עפּעס צו ריידן. אַ פראַגע מאטערט איר און זי וויל, אז איך זאָל איר זאָגן וואָס איך וייס וועגן דעם. מיט אַ שלעכטן רוסיש געמישט מיט אָן אַ שיעור טורקמענישע ווערטער און מיט נאָכמער האַנט־זשעסטיקולאציעס, האָט זי מיר געגעבן צו פארשטיין וואָס זי מיינט און געפרעגט: צי איז טאַקע פאַראַן אַ גהינום אויף יענער וועלט? און וואָס טוט מען דאָרט מיט אַ יידישער פרוי, וועלכע האָט געבוירן קינדער נישט פון איר אייגענעם מאן? — — — —

# מיר עסן אויף אַ לוויה פערד

מיינער אַ פריינט האָט מיר דערציילט אַ חלום פון אַ שאַך־שפּילער: עס האָט זיך אים געחלומט, אַז אַ שאַך־פערד האָט זיך אים אַוועקגעשטעלט אויף דער שפּיץ נאָז און האָט אים אָנגעפּרעגט ביידע אויגן... ער ליגט אין אַנגסט־שווייס און זוכט אַ רעטונג, אַן עצה. אָבער קיין עצה אין דעם פאַל איז נישטאָ: איין אויג מוז ער פאַרלירן! און ער ווייסט נישט, וועלכע...

איך האָב געלאַכט פון דעם וויץ, ווי יענער נאַר: געלאַכט ווען איך האָב עס געהערט, געלאַכט ווען איך האָב זיך דערמאָנט אָן דעם און געלאַכט, ווען איך האָב עס איבערדערציילט פאַר אַנדערע. אָבער די זעלבע נאַכט האָב איך שוין נישט געלאַכט. די זעלבע נאַכט בין איך שוין אַליין געלעגן אין אנגסט־שווייס. וואָרעם מיר איז אויך אַ פערד געקומען צו חלום.

און דער פערד פון מיין חלום איז נישט געווען קיין הילצערנער, פון קיין שאַך־ברעט אַראָפּ. דאָס איז געווען דאָס דאַרע אַשכאַבאַדער לוויה־פערדל, וועלכן איך צוזאַמען מיט אַ גרופּע אַקטיאָרן האָבן, מיט אַ צען יאָר צוריק אויפגעגעסן.

דאָס איז געווען אין יענעם „פריילעכן" ווינטער, ווען דער מלאך־המוות האָט געאַרבעט מיט ביידע הענט: מיט איינער — אויפן דייטש־סאָוויעטישן פראָנט און מיט דער צווייטער — אין טיפן „רויקן" הינ־טערלאַנד.

איבער מיטל־אזיע, ווו עס איז געווען דער גרעסטער פּליטים־אָנגעלויף פון כמעט גאַנץ אייראָפּע, האָט די טיפוס־עפּידעמיע אירע פליגל צעשפּרייט. יעדעס שטעטל האָט דאָרט טעגלעך הונדערטער קברים געגראָבן פאַר רו־סישע, פּוילישע, ליטווישע, דייטשע און רומענישע פּליטים, מערסטנטייל יידן. די אַלע זענען אַהער געקומען, אַנטלויפנדיק פון דער געפאַר. אָבער די געפאַר איז זיי דעם וועג פאַרלאָפן און אין ווייטן מיטל־אזיע — זיי מקבל־פּנים געווען מיט אָפענע קברים.

איך האָב דאַן צוזאַמען מיט דער טרופּע „ביאַליסטאָקער יידישער מי־ניאַטור־טעאַטער", דערגרייכט ביז אשכאבאד, די הויפּטשטאָט פון טורק־מעניע. ווייטער לויפן איז שוין נישט געווען מעגלעך: דרייסיק קילאָמעטער פון אַשכאבאד איז שוין די הערמעטיש־פאַרמאַכטע און שטרענג באַוואַכטע סאָוויעטיש־פּערסישע גרענעץ.

אַלע שפּיטעלער זענען שוין איבערפולט, אין די קאָרידאָרן אויף דער

ערד ליגט מען. ווי שטייט דאָס געשריבן, אז נאָר אין אַ בעט מוז מען שטארבן? — יעדן טאָג קלויבט מען צונויף דאָס ביסל מתים, וואָס האָבן זיך במשך פון דעם מעת־לעת אָנגעזאמלט, ווי אָפּגעשטאַנענע פיש און —

די לעבעדיקע ווילן אַפילו נישט טראַכטן וועגן דער עפּידעמיע, ווי בלויז די מחשבה אליין קען שוין אָנשטעקן מיט די גרויזאַמע טיפוס־באַקצילן. מען זוכט זיך צו פאַרגעסן. דעם „ביטערן טראָפּן" אין די ווייך־געשעפטן איז שוין לאַנג נישט צו באַקומען. מען טרינקט ברען־ספּירט, מען טרינקט אָדעקאָלאָן, מען טרינקט נאָך עפּעס ערגערס, אבי מען קריגט עס נאָר. מיטן רויכערן — דאָס זעלבע; מען רויכערט גראָז, בלעטער פון די ביימער, כמיעל, גרינעם טיי, געשניצטע בעזעם־ריטלעך און אַלץ, וואָס גיט נאָר אַ ברען אין האַלדז און רויכערט זיך. וואָרעם קיין עסן איז סיי־ווי נישטאָ. די סטאַלאָוועס געבן אַ פּאַסנעס „סוף לאפשא". דאָס איז אַ בלעכע־נער טעלער מוטנע וואסער, אין וועלכן עס שווימען אַרום צוויי, העכסטנס דריי שוואַרצע לאָקשן. דער מארק־פּלאַץ איז תמיד אויסגעקערט און זויבער, ווי אין אַ מוזיי פון אַנטיקן. די איינציקע אנטיקן וואָס מען קריגט דאָ, איז „אשכאבאדסקאָיע סאלאָ". דאָס מיינט פשוט: רעטעך. מען קריגט דאָ גאַנצע רעטעכער, האַלבע, פערטל און גאנץ דינע פּענצעלעך, פאַר די וועלכע קענען זיך קוים דערלויבן צו פארזוכן דעם טעם דערפון...

דאָס וואָס די בירגער קריגן נאָך יאָ פאַר זייער געלט איז: רעפעראַטן און קאָנצערטן. קינאָ, טעאַטער און טענץ. אויב עס איז נישטאָ קיין עסנוואַרג און געטראַנק, מיט וואָס זיך צו קרעפּטיקן, — קרעפּטיקט מען זיך מיט קונסט און פאַרוויילונג, פאַרשיכורט מען זיך מיט טענץ...

אויף דער שפּיטאָל־גאַס קלויבט מען די מתים, און באַלד אויף דער שכנותדיקער גאַס רוישן שוין דזשאַז־אָרקעסטערס און פאַריאַכמערטע פּאָר־לעך שוויצן אין אימפּעטדיקע טענץ.

דער „ביאַליסטאָקער יידישער מיניאַטור־טעאַטער" קריגט נישט קיין טעאַטער־זאַל. באין־ברירה שפּילט ער אין פּאָיע פון אַ סינעמא, צווישן די סעאַנסן. די אקטיאָרן זינגען קופּלעטן און דער טעאַטער־אָרקעסטער שפּילט צום טאַנץ.

מיר קענען שוין כמעט אַלע טענצער־פּאָרלעך, וועלכע קומען אַהער נאַכט־ביי־נאַכט. דערפאַר טאָקע דערקענען מיר אויך, יעדן אָוונט, ווער פון די פּאָרלעך עס פעלט... — אויך פון דעם טאַנץ־זאַל האָט דער טויט אַרויס־געריסן זיינע קרבנות.

און אויך די פאַרוואָגלטע יידישע טרופּע האָט איר ערשטן קרבן געגעבן: איינעם פון אירע אָנגעזעענסטע אַקטיאָרן.

דער אומגליק האָט אונדז אַזוי דערשיטערט, אַז מיר האָבן זיך אַלע פאַרלוירן ווי קליינע, אומבאַהאָלפענע קינדער. אין נויט און אין פאַרוואָ־גלטקייט אַזש הינטער די הרי־חושך האָבן מיר נאָך אַלץ געהאָפט, אַז האַלטנדיק־זיך צוזאמען אַלס טרופּע, אַלס געשלאָסענער משפּחהדיקער קרייז, אַלס אַ גאַנצקייט אַזאַ ווי מיר זענען אַרויס פון פוילן, — וועלן מיר

נאָך זוכה־זיין צוזאַמען זיך אומצוקערן אַהיים, ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן. יאָ, ביז אָט דעם אומגליק, האָבן מיר אַזוי געהאָפט. אָבער איצט, — איצט האָבן מיר אַלע דערפילט, אַז די גאַנצקייט איז צעבראָכן געוואָרן, זיך איבערגעריסן ווי אַ שנירל פּערל. איין פּערל איז שוין פאַרלוירן און עס איז נישטאָ דער קנופּ, וואָס זאָל פאַרזיכערן, אַז מיר זאָלן אַלע זיך נישט צעשיטן און פאַרלוירן גיין, אויף קיינמאָל זיך מער נישט צו געפינען. —

און אין ווייטן אַשכאַבאַד, ווו אין יענע טעג האָט מען זיך נישט צע־רעמאָניעט מיט קיין מת, איז עס דער פאַרוואָגלטער יידישער טרופּע אין לעבן געגאַנגען, אָפּצוגעבן דעם געפאַלענעם חבר דעם לעצטן כבוד. קובר זיין אים אויפן יידישן בית־עולם.

און אפשר האָט דאָס געזאָלט זיין דער קנופּ קעגן פאַרלוירנקייט? דאָס ביסעלע צעמענט, וואָס זאָל אונדז אויף ווייטער נאָך פעסטער צוזאַמענ־האַלטן? —

גאַנץ לעכערלעך האָט די טרופּע אויסגעזען אין די אויגן פון די דאָר־טיקע נאַטשאַלניקעס, ביי וועלכע מען איז געקומען אינטערווענירן וועגן אַרויסגעבן דעם מת און איינאָרדענען אַ לוויה. אָבער אַלס פּאַליאַקן, אין זכות פון פּויליש־סאָוויעטישן אָפּמאַך, האָט מען עס געפּועלט.

מיר האָבן באַשטעלט טרויער־קרענץ און אויפשריפטן אויף טרויער־ליענטעס. אָבער איין זאַך איז נישט געווען צו קריגן: קיין וואָגן צו פירן דעם מת. אויטאָס שטייען אָן בענזין. ווער עס האָט יאָ אַ ליטער בענזין, איז עס פאַר אַ באַשטימטער נסיעה, פאַר וועלכער מען מוז שפּעטער אָפּ־געבן אַ חשבון. די טרופּע האָט שוין באַשלאָסן דעם ארון צו טראָגן. אָבער ענדלעך האָט מען דאָך אויסגעפּועלט ביים קאָמיטעט פאַר קונסט־ענינים אַ פערד און וואָגן.

דאָס פערדל שטייט מיר נאָך איצט פאַר די אויגן: אַ דאַרע קליאַטשע איז דאָס געווען, מיט אַרויסשטאַרצנדיקע ריפּן פון אַן אויסגעקראָכענער פעל, וואָס איז אין פיל ערטער געווען צעריסן און אויף די פרישע ווונדן האָבן זיך געיאָרעט מחנות פליגן. איך ווייס נישט צי די קליאַטשע איז גע־ווען אַ בלינדע, אָבער געהאַט האָט זי דיקע בעלמעס אויף ביידע אַרויסגע־שטאַרצטע אומגעהייער־גרויסע אויגן. נישט בעסער האָט אויסגעזען דער וואָגן. וואָרעם סיי די קליאַטשע און סיי דער וואָגן האָבן געדינט אַרויסצו־פירן הינטער דער שטאָט דאָס מיסט פון די אשכאַבאַדער טעאַטערן. דעם וואָגן, אָבער, האָט מען נישט אַרויסגעזען. מען האָט אים, צוזאַמען מיטן אומגעהובלעווען ארון, אַרומגעהילט מיט שוואַרצע טעאַטער־פאָרהאַנגען און באַצירט מיט קרענץ.

די לוויה האָט זיך געצויגן דורך די הויפּט־גאַסן פון דער טורקמענישער הויפּט־שטאָט. דער טעאַטער־אָרקעסטער האָט געשפּילט אַ טרויער־מאַרש און די שטאָט־איינוווינער האָבן פון דער ווייטנס געגאַפט אויפן הייפל פרעמדע, וואָס באַגלייטן דעם אויסטערלישן ארון. געגאַפט פון דער ווייטנס, אָבער קיין איין סאָוויעטישער אַקטיאָר אַפילו, פון די פינף שטאָטישע

טעאַטערן האָט נישט באַוויליגט, אָדער נישט ריזיקירט, זיך אָנצושליסן אין טרויער־צוג און אָפּגעבן אַ פּאַרוואָגלטן קאָלעגע זיין לעצטן כבוד. די איינציקע פאָרשטייערין פון דער סאָוויעטישער טעאַטער־וועלט, איז געווען די דארע קליאטשע מיט די באַבעלמעטע אויגן, וואָס דער קאָמיטעט פאַר קונסט־ענינים האָט אויסגעבאָרגט. זי איז טאַקע געגאנגען פאָראויס דעם טרויער־צוג, שלעפנדיק דעם וואָגן מיטן ארון. נאָך איצט זע איך אָט־דאָס מיסט־פערדל, ווי אונטער די קלאַנגען פון טרויער־מאַרש, פלאָנטערט עס צעשראָקן מיט די דארע פיס און גלאָצט פאָראויס מיט די מוטנע בעלמעס פון די אַרויסגעשטאַרצטע אויגן.

צו די שלושים האָבן מיר אויפן קבר אַ מצבה געשטעלט. דער ראַט פון דער טרופּע האָט אויף דער מצבה געלאָזן אויסקריצן פאָלגנדע צוויי זאצן:

ש ט ע ר ן ב ל אָ נ ד ז ש ע ן , ש ט ע ר ן פ א ל ן
מ י ר ל אָ ז ן ד י ך א י ב ע ר א ו ן ו ו א נ ד ע ר ן
ו ו י י ט ע ר

און עלנטער ווי געוועזן, האָבן מיר דעם בית־עולם פאַרלאָזן. מיר זענען געגאנגען מיט געזונקענע קעפּ און געשוויגן. בלויז איין אַקטריסע האָט אַרויסגעכליפּעט דאָס, וועגן וואָס יעדער איינער האָט געטראַכט:

—ר׳האָט כאָטש געהאַט אַ מענטשלעכע לוויה. די גאַנצע טרופּע האָט אים נאָך באַגלייט צו זיין אייביקער רו. אָבער ווער ווייסט, ווו מיר וועלן פאלן אין וועג? צי וועט נאָך זיין עמיץ ווער ס׳זאָל אונדז באַגלייטן? וועט נאָך עמיץ וויסן ווו אונדזער געביין איז אַהינגעקומען? — — —

פון דער צאָלרייכער טרופּע איז בקרוב געוואָרן אַזאַ תכלית:

צוויי פּערזאָן איז געלונגען, מיט אַנדערסעס אַרמיי, זיך אַרויסצורייסן קיין אויסלאַנד. צוויי זענען אַרעסטירט און פאַרשיקט געוואָרן צו די ווייסע בערן. צוויי האָט מען מאָביליזירט אין אַן ארבעטס באַטאַליאָן און איינעם — אין דער רויטער אַרמיי. די איבעריקע — אַ טייל האָט זיך צעשאָטן איבער דער לענג און איבער דער ברייט פון דעם רויטן זעקס־חלק פון דער וועלט און אַ טייל איז שטעקן געבליבן אין אַשכאַבאַד.

יענער ווינטער איז געווען דער שווערסטער אויף די שלאַכט־פעלדער, אָבער אויך דער שוידערלעכסטער אין טיפן הינטערלאַנד. מען האָט שוין קיין טיפוס־עפּידעמיע נישט באַדאַרפט אויף צו פאלן פון די פיס. די קעלטן און דער הונגער האָבן דעם טיפוס פאַרביטן. נישט נאָר מענטשן, נאָר אויך חיות און בהמות זענען געפאלן. און די קליאטשע פון קאָמיטעט פאַר קונסט־ענינים, אונדזער לוויה־פערדל, האָט אויסגעצויגן אירע דארע פיס ביים מיסט־וואָגן.

דאָס מאָל האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט צו דער לוויה פון דעם לוויה־פערדל. מען האָט דער קליאטשע „איר רעכט" געטאָן טאַקע אויפן הויף פון קאָמיטעט פאַר קונסט־ענינים און טאַקע נעבן דעם מיסט־וואָגן. אַ גע־

ניטער שינדער האָט עס געטאָן און פאַר זיין אַרבעט באַקומען דעם קאָפּ מיט אַלע פיר דארע פיס. דערקעגן אלע אַקטיאָרן האָבן געהאט דאָס רעכט צו באַקומען אַ קילאָ פלייש מיטביינער.

ביי דער וואָגשאָל האָבן מיר אָן אַלץ פאַרגעסן און זיך געדונגען איבער אַ צולאָג־ביינדל. אָבער אינדערהיים, אין סאמע מיטן געשמאקסטן קייען דאָס מאָגערע פלייש, האָט אויפגעטויכט דער טרויער־צוג פאר אונדזערע אויגן. מיר האָבן דערזען דעם מיסט־וואָגן, דעם אומגעהובלטן ארון און דאָס דארע פערדל מיט דער צעריסענער פעל, וואָס פלאָנטערט אומגעלומפּערט מיט די פיס, אַרויסשטארצנדיק די צוויי באַבעלמעטע אויגן. פון טעלער־אַרויס האָבן די בעלמעס געשטארצט און די דארע פיס האָבן געדריגעט.

מיר האָבן אַוועקגעוואָרפן גאָפּל־מעסער און זיך געכאַפּט ביי די ביי־כער. מיר האָבן זיך געקורטשעט אין יסורים. די מענער האָבן געקרעכצט און די פרויען האָבן זיך געשליידערט אין ספּאזמען.

צומאָרגנס, אָבער, האָבן מיר זיך מיטן לוויה־פערדל איבערגעבעטן. מיט פאַרקרימטע פּנימער, ווי ביים שלינגען מעדיצין, האָבן מיר זיין פלייש געגעסן.

און... לעבן זאָל עס, דאָס טויטע פערדל!... זיין מאָגער פלייש האָט אונדז אַ שטיקל צייט אויסגעהאלטן ביי די כוחות.

# די ווייבערשע מלוכה

„די פּסח׳דיקע קניידלעך“ פלעגט מען רופן ר׳ צאָדיק דעם מעקלערס דריי טעכטער: שפּרינצע, דאָבע און שאָשקע.

ר׳ צאָדיק דער מעקלער אַליין איז געווען אַ ייד אַ דארער, אַ לאַנגער, אַן איבערגעבויגענער און אַ פאַרביטערטער, ווי אַ וואָרצל כריין.

דערקעגן די צאָדיקטשיכע איז געווען אַ יידענע א נידעריקע, אַ ברייטע, אַ צעיוירענע, מיט אַן אויסגעטראָגענעם בויך און מיט אַן אויסגעזויגענעם בוזים. זי האָט אויסגעטראָגן און אויסגעזויגן אַ האַלב טוץ קינדער, אַלע טעכטער, פון וועלכע אויפגעכאָוועט האָבן זיך בלויז דריי. צען יאָר נאָכאַנאַנד איז די צאָדיקטשיכע געווען פאַרנומען מיט טראָגן, מיט האָבן און מיט זויגן, ביז עס איז אויף שטענדיק פאַרשלאָסן געוואָרן איר טראַכט. און פאַרשלאָסן איר טראַכט האָט נישט דער אויבערשטער, חלילה, נאָר דער גויאישער דאָקטאָר, דער שיכור, דער פאַרטאַטש. ווער נישט ער, האָט זיך די צאָדיקטשיכע געהאט ערשט רעכט פאַרנומען אויף ברענגען טעכטער אויף דער וועלט.

ר׳ צאָדיק איז פון זיין ווייבס פרוכטבאַרקייט נישט געווען צופרידן. ער האָט געוואָלט האָבן אַ ייִנגל, אַ קדיש, אין בית־מדרש זאָל ער מיט אים אין איין סידור אריינקוקן, פּסח, ביים סדר — די פיר קשיות פרעגן. צוליב דעם פלעגט ער פאָרן צום רבין און אָפּגעבן אַ „קוויטל“. מיטן רבינס ברכה פלעגט ער זיך אומקערן צום ווייב און, צום יאָר, פלעגט זי אים ווידער מזכה־זיין מיט אַ מויד... נאָך יעדן געבורט פון אַ טאָכטער, פלעגט ר׳ צאָדיק בורטשען:

— איך האָב דען אַ ווייב? — אַ פאַבריק פון טעכטער האָב איך!

און כאָטש אין שטוב האָט געפייפט דער דלות, און אַ סקאָרינקע ברויט, אָדער אַ קאַרטאָפל מיט שאָלעכטס איז געווען אַ נאַש — זענען די טעכטער געוואקסן געראָטן אין דער מאמען אריין: קיילעכדיקע, פולע, ווי געשטאָפּטע געגנדז. דערפאר פלעגט מען זיי רופן אין שטאָט: „די פּסחדיקע קניידלעך“. זייער געפאקטקייט און צעוואקסנקייט אין דער ברייט, האָט צעשפּארט די קליידלעך און בלוזקעס, וואָס זיי האָבן געהאלטן אין איין לאטען און אין איין „אריינזעצן קלינעס“. דער דלות האָט אויך נישט געווירקט אויף זייער געמיט. די מינדעסטע נאַרעשקייט האָט זיי געבראַכט פרייד און געלעכטער. ביי דער מינדעסטער נאַרישקייט, האָט מען זיך געקנייפּט, געכאָכאָטשעט

און געהאלטן זיך ביי די זייטן. דער טונקעלער, טוכלער קעלער־צימער איז תמיד פול געווען מיט מיידלשן געלעכטער. ר׳ צאַדיקן פלעגט עס נאָך מער אויפרייצן:

— וואָס איז דער „געלעכדער״ אויף אייך? מוידן מוזן עס נאָר כאַ־כאַכאַטשען?!

אָבער די צאַדיקטשיכע, וועלכע האָט זיך מיטגעצאפּלט, ווי גאַלאַרעטע, מיטן געלעכטער פון אירע טעכטער, האָט פאַר איר מאַן תמיד געהאט דעם גרייטן ענטפער:

— און אַז מוידן, איז וואָס? זענען זיי שוין קיין קינדער נישט? וואָס פאַרגינסטו זיי נישט דאָס לעבן, וואָס? דו ווילסט דווקא ייִנגלעך, האַ?... בישקשה, זיי וועלן דיר נאָך ברענגען יונגען אין שטוב אריין אויך...

אויף דעם, האָבן זיך די טעכטער ערשט רעכט גענומען קנייפּן אין דיקן פלייש אריין, ריטשען און קוויטשען אַזוי, אַז דער לאַנגער ר׳ צאַדיק האָט געמוזט אַ טראַסק־טאָן מיט דער טיר און, אַן איבערגעבויגענער, זיך אָפּטראָגן אין בית־המדרש אַריין.

און אַז די טעכטער זענען אונטערגעוואַקסן און געוואָרן ראוי לחופּה, האָט זיך שוין ר׳ צאַדיק, אין זיין קעלער־שטוב, בכלל מער קיין אָרט נישט געפונען:

— אַ ווייבערשע מלוכה! — פלעגט ער וואָרטשען.

די „ווייבערישע מלוכה״ איז געווען אַ רוישיקע מיט קולות און קאָלירן. אויף טיש און בענק — אָנגעשליידערט קליידלעך און אונטערקליידלעך, בלוזקעס, זאָקן און ווייבערישע שמאָכטעס, וואָס דינען אייַנצוצוימען זייַ־ערע איבעררייפע, ווייבערישע צעוואַקסנקייטן. דערצו נאָך — קעמעלעך, שפּיגעלעך, האָר־נאָדלען און זאָקן־בענדלעך. אַלץ אַזעלכע טמאדיקע זאכן, — אַ הייליק ספר דערביי נישט אַוועקצולייגן. און טאָג־און־נאַכט צוואָגט מען זיך איבער פאַרענדיקע שיסלען וואסער, ווי אין אַ באָד, להבדיל. מען שמירט זיך די שווארצע קעפּ האָר מיט נאַפט, עס זאָל גלאַנצן, און מען כאַכאָטשעט...

ר׳ צאָדיק פלעגט עס רופן:

— מיין ווייבערשע מלוכה גייט אויף רעדלעך!

און די שכנים פלעגן זאָגן:

— די פסחדיקע קניידלעך פלאצן פון געלעכטער...

**
*

מיט דער צייט, איז דער צאַדיקטשיכעס נבואה מקוים געוואָרן: די טעכטער האָבן אָנגעהויבן ברענגען יונגען אין שטוב אריין.

מאָדנע, אויסטערלישע יונגען זענען דאָס געווען: צו שפּרינצען איז צוגעפאלן דער בוכהאלטער יידל „דער גלות״, אַ יונג — מיט אַ קאָפּ העכער פון ר׳ צאָדיק דעם לאַנגן. און דער „קאָפּ העכער״ האָט זיך געוויגט אויף אַ

לאנגן, דארן האַלדז, אין וועלכן עס איז אַרומגעלאָפן, ארויף און אַראָפּ, אַ קנאָפּ, ווי דאָס „שיפל" אין אַ וועב־שטול...

צו דאָבען האָט זיך צוגעקלעבט דער קאָמאשנמאכער וועלוול דער שיקלדיקער, וועלכער פלעגט שיקלען מיט די הענט, נישט ווינציקער ווי מיט די אויגן. ער האָט אַזוי שטאַרק געשיקלט, אַז ער פלעגט אַזש תמיד אַ טעות האָבן און, אַנשטאָט צו דאָבען, פלעגט ער טרעפן צו שאָשקען...

אָבער שאָשקע האָט זיך דוקא אויסגעקליבן אייזיקלען דעם זייגער־מאכער, וועלכן מען האָט גערופן „קורץ־פּרייטיק". מיט דעם נאָמען איז ער געקרוינט געוואָרן דערפאַר, ווייל ער איז שוין דווקא געווען מיט אַ קאָפּ נידעריקער אַפילו פון זיין שאָשקען. און ווען ער האָט איר געוואָלט איינ־רוימען אַ סוד אין אויער אריין, האָבן אים אַלע געעצהט, ער זאָל זיך צו־שטעלן צו איר אַ לייטער...

אין איין ווינטער האָט מען אַלע דריי חתונות געפּראוועט. איינער נאָך דער אַנדערער האָט ר׳ צאָדיק געפירט זיינע טעכטער צו די חופּות. און ענדליך איז די קעלער־שטוב געוואָרן שטום, פּוסט און לער, ווי אַ שרע־קנדיקע הייל. די צאָדיקטשיכע האָט זיך דאָרט קיין אָרט נישט געפונען. עס האָט איר געיאָגט און געטריבן. איז זי גאַנצע טעג אַרומגעלאָפן פון איין טאָכטער, צו דער אַנדערער.

און ר׳ צאָדיק אליין, כאָטש ער האָט זיך עס נישט געוואָלט מודה־זיין, האָט שוין איצטער געבענקט נאָך אַ מיידלשן לאַך, נאָך אַ קוויטש, נאָך דער אָנגעוואָרפנקייט און אָנגעשליידערטקייט פון די ווייבערשע מלבושים און טמאדיקע שמאָכטעס... אַצינד האָט ער שוין געקענט רוהיק זיצן גאַנצע טעג איבער אַ ספר און קיינער זאָל אים נישט שטערן. אָבער דווקא די מאָכיקע שטילקייט אין דער פייכטער, קאַלטער קעלער־שטוב, איז אים איצט פול געוואָרן מיט קברדיקער מרה־שחורה. ער האָט שוין איצט פאַר קיינעם קיין תירוץ נישט געהאט, פאַרוואָס ער זיצט אָפּ זיינע אָוונטן מיט די בטלנים אין בית־מדרש.

אָבער אַז דאָס ווייב האָט אים אָנגעהויבן ברענגען ווייבערשע גרוסן פון די טעכטער, האָט זיך ר׳ צאָדיקס געמיט צעוואַרעמט: ער וועט בקרוב ווערן אַ זיידע... עס וועלן קומען צו אים אייניקלעך מיט קאַפּאָטקעלעך און פּיאהלעך... ער וועט זיי פאַרהערן און לערנען און געבן שבת־אויבסט... ער האָט זיי שוין געזען, זיינע אייניקלעך, ביי די שמחת־תורהדיקע הקפות, ביים פּורימדיקן גרעגערן המנען, און פּסח, צום סדר, ביים פרעגן אים די פיר קשיות...

די ערשטע איז געלעגן געוואָרן שפּרינצע. יידל „דער גלות" האָט גע־פירט, זעט אויס, אַ טאָפּלטע בוכהאלטעריע, און שפּרינצע האָט געבוירן אַ צווילינג: צוויי קוויטשיקע מוידן...

ר׳ צאָדיק האָט די בשורה אַראָפּגעשלונגען, ווי צוויי גאַל־ביטערע פּילן. באַלד נאָכדעם, איז געלעגן געוואָרן דאָבע און געהאט בלויז איין מיידל, אָבער דערפאַר — מיט איר טאַטנס צוויי שיקלדיקע אויגן... ר׳ צאָ־

דיקס האָפּענונג איז שוין איצט געהאנגען בלויז אויף דער יינגסטער טאָכ־טער, אויף שאָשקען.

אָבער ביי שאָשקען האָט עס גאָרנישט געהאלטן דערביי. עס איז ביי איר קיין שלום־בית נישט געווען. די צאַדיקטשיכע האָט וועלטן איינגע־לייגט און נישט געקענט דערגיין די סיבה. שאָשקע האָט נישט געוואָלט ריידן. גאנצע טעג איז זי געלעגן מיט אַ ביכל אין בעט און געשלונגען די זייטעלעך. בייזע צינגער האָבן אַפילו געמורמלט, אַז זי מיינט נישט די ביכלעך, נאָר דעם געלן ביבליאָטעקאר, אָבער די מאמע האָט צו דער טאָכ־טער געהאט אַזאַ טענה:

— פון לייענען און זאָגן, ווערט מען נישט טראָגן. וואָס איז אַ ראָמאַן? ליבע־שטימע קאָך־לאָקשן. שרייבערוקעס האָבן זיך געמאַכט אַ פּרנסה פון פאַרדרייען יונגע ווייבלעך די קעפּ מיט ראָמאנסן! און דו, בהמה איינע, גלויבסט זיי!... געדענק וואָס די מאמע זאָגט דיר: דער עיקר איז שלום בית! און צוריקגערעדט, בין איך טאָקע טשעקאווע צו וויסן: ביכלעך לערנען טאקע נאָר, ווי אזוי זיך צו קריגן מיט אַ מאַן, נישט פירן קיין באַלעבאטיש־קייט און האָבן אַ פאַרשטערט לעבן?!

עס איז שווער צו זאָגן, אַז דער צאַדיקטשיכעס אַרגומענטן זאָלן דאָ האָבן געווירקט. אָבער מיט דער צייט, האָבן דער מאמעס אויגן אויפגע־כאַפּט עפּעס אזוינס, וואָס זי האָט באַלד אַוועקגעטראָגן צו איר מאַן, ווי אַ פריידיקע בשורה:

— הערסט, צאַדיק... זי דערכאַפּט זיך שוין דאָס האַרץ מיט זויערע אוגערקעלעך... לייענט ביכלעך און שלינגט זויערע אוגערקעלעך...

— איז וואָס איז דערפון געדרונגען? — האָט ר׳ צאַדיק נישט פאַר־שטאנען.

— עס איז שוין גוט געדרונגען... וואָס? איך האָב קיינמאָל קיין קינ־דער נישט געטראָגן? איך ווייס נישט?... עס איז שוין גוט געדרונגען!...

די צאַדיקטשיכע איז גערעכט געווען. אין איינעם אַ נאָכמיטיק, האָט שאָשקע אַוועקגעשליידערט דאָס ביכל און גענומען מאכן געוואַלדן. זי האָט אָפּגעגוואַלדעוועט אָנדערהאלבן מעת־לעת און געבוירן אַ באַשעפעניש מיט אַ פייערדיק רויטער טשופּרינע...

און כאָטש דאָס קינד איז געווען אַ קליינס, אַ פּיצלס, ווי אַ זיבעלע, וואָס אַפילו די הייבאם האָט געציטערט צו נעמען עס אין די הענט אַריין, איז די פרייד ביים טאטן געווען גרויס. און כאָטש ער האָט זיך זייער געוואונדערט, ווי עס קומט צו זיי אַ רויט־האָריקס, וואָס אזא קאָליר איז גאָרנישטאָ אין דער משפחה פוןביידע צדדים, האָט ער דאָך געשייגט פון נחת. און נישט נאָר ער — אַפילו שאָשקע. אַלע האָבן עס געזען, ווי דער שלום־בית האָט זיך ביי זיי צעשטראַלט... די אָפּשפּרעכערקע האָט אַפילו דערציילט, אַז ביי אַ סך יונגע ווייבלעך הויבט־זיך־אָן דער שלום־בית ערשט נאָכן קימפּעט...

אָבער די גרעסטע שמחה איז געווען ביי ר׳ צאַדיקן: אַ יינגל!...

און ווייל דאָס קינד איז געווען ציטערדיק און שוואך, ווי אַ פליג, האָט מען עס אַ נאָמען געגעבן חיים־בער. „חיים־בער" האָבן אים גערופן בלויז דער טאטע און דער זיידע. אָבער די גאַנצע משפחה „פסחדיקע קניידלעך" האָבן אים, צוליב זיין דראָבנעקייט, אַ נאָמען געגעבן: פיעטרושקע... און אין חדר איז פון „פיעטרושקע", געוואָרן „פעטערזייל". קונדיסים פלעגן אים רופן:

— פעטערזייל פאָן זאַלצוואסער... קום נאָר אַהער!...

פון וואָס חיים־בערעלע פלעגט זיך צעוויינען מיט אַ שטימעלע פון אַ מייזל, וואָס מען האָט עס אָנגעטראָטן אויפן עק...

***

ר' צאָדיק האָט זיך געגרייט צום גרויסן מאָמענט, פון וועלכן ער האָט אַ לעבן־לאנג געחלומט: זיין אייניקל חיים־בערעלע וועט אים פרעגן די פיר קשיות...

די גאנצע משפחה איז געקומען צו זיין סדר. אַלע דריי טעכטער, מיט די איידעמס און אייניקלעך.

אָבער פון אַלע אייניקלעך, זיצט חיים־בערעלע אויבנאָן,ביים זייט פון זיידן. זיינע אויגעלעך גלאנצן מיט גדלות, קעגן אַלע פולכנע מיידעלעך מיט די פולע, רויטע בעקעלעך, וואָס נעבן זייערע מאמעס, אַרום טיש. ער רופט זיי אַלע: „קניידעלעך" און זיי רופן אים: „פיעטרושקע". זאָלן זיי! נעבן זיידן ווער זיצט? — ער... און „מה נשתנה" ווער וועט באַלד פרעגן? — ער...

אָבער נאָכן ערשטן לעק וויין פון ערשטן כוס, האָט זיך חיים־בערעלען אין דעם רויטן, שוואכן קעפעלע פאַרמישט. קיינער האָט גאָרניט באַמערקט, ווי ער האָט דאָס רויטע, מידע קעפעלע אָן טאטנס שויס אָנגעשפארט און די אויגעלעך פאַרשלאָסן. אז עס איז געקומען צום „מה נשתנה", האָט מען אים, בשום אופן, נישט געקענט אויפרייסן פון שלאָף...

און דווקא ציפקעלע דאָבעס, מיט די צוויי שיקלדיקע אויגלעך, איז געווען וואך און מונטער. זי איז אויפגעשפרונגען און אָפּגעקלאפּט דעם „מה נשתנה", ווי אַ מזמור... און תיכף נאָכדעם ווי זי האָט געענדיקט, האָט זי צום שלאָפנדיקן חיים־בערעלען, אַרויסגעשטעקט אַ נצחונדיק רויט צינגל...

ר' צאָדיק האָט אָפּגעזיפצט און טרויעריק געזאָגט דעם „עבדים היינו". אויף זיין פנים האָט זיך אויסגעשפרייט דער חושך־מצרים. אויף זיין צונג און גומען איז געלעגן דער גאַנצער מרור.

אָבער לאנג האָט עס נישט געדויערט. „די ווייבערשע מלוכה" האָט זיך צעהילכט און צעקלונגען מיט קוויטשיקע, שפּיציקע קולות:

לך ולך.
לך כי לך.
לך אף לך.

לך יי הממלכה.
כי לו נאה.
כי לו יאה!...

און ר׳ צאַדיק האָט פאַרגעסן אָן זיין גאנצן עגמת־נפש.

אָט ביי דעם סדר האָט ר׳ צאַדיק, ענדלעך, שלום־געמאַכט מיט זיין גורל, מיטן אויבערשטנס ווילן און, להבדיל, מיט זיין ווייב... ווי טענהט זי צום אים: „און אַז מיידלעך, זענען זיי דען קיין קינדער נישט?"... און זי איז דאָך גערעכט: טייערע קינדער... גאָלדענע קינדער... אַז געזונט און שטארק זאָלן זיי זיין!...

און דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן, האָט ר׳ צאַדיק, מיט זיין פולער שטים געלאָזן הערן אין דעם צעהילכטן ווייבערישן כאָר:

דזבין אבאָ בתרי זוזי,
חד גדיאָ.
חד גדיאָ!...

